# די יודישע יוגענד

## זאמעלבוך

רעדאגירט דורך ד"ר אַ. קאַפּעל.



פערלאג ב. שימין. ווארשא. תר"ע.

---

פֿאַר די ביהנען אַלס מאַנוסקריפּט געדרוקט.

---

אין דייטשען אויטאָריש איבערגעזעצט דורך פּ. ב א ר ר א,

אין רוסישען " " " אָ. ד י מ אָ ו ו.

אין אונגארישען " " " א. בירא.

---

# פּערזאָנען:

ה׳ גרויסגליק, פּאפּא.

לעאָן
וואַנדע
מיטע
זאָשע
} זײַנע קינדער.

די טאַנטע, פֿון דער פֿאַמיליע גרויסגליק.

ראָזע בּאָרענשטיין, ווירטשאַפֿטערין.

איהר פֿאָטער, דוד גאָרקיכער.

איהר מוטער.

ליב
בּער
} צוויי קוזינען אין דער ווירטשאפט בּאָרענשטײַן.

איינער פֿון די „געסט״.

אַ „מענש״.

אַ דינסט.

צוויי קויפֿלייטע.

האַנדלונג אין אַ גרעסערע פּראָווינץ שטאָדט.





# סצענע.

אַ ברייט גרויס מעבעל-צימער פֿון אַ רייך אַריסטאָקראַטיש אָבגעקומען הויז, די ווענד בעשטעלט מיט אַלטע שויבען שענקעלעך פֿון וועלכע עס קוקען אַרויס טייערע זיל־בערנע כלים, טייערע פּאָרצעלאַן. אין אַ ווינקעל שטוב אַ אַלטער אָרון בעהאַנגען מיט אַ טייערען פּרוכת, אַרום דעם אָרון צוויי גרויסע ספרים-שענק, אַמפּיר, בעהאַנגען מיט פֿאָרהאַנגען, נור דאָס ווינקעל איז פֿערשטעלט מיט דעם פֿאָרטעפּיאַן, וואָס מען דערקענט דערפֿון, אַז דאָס ווינקעל איז שוין לאַנג אַרויס פֿון געברויך. די ווענד בע־האַנגען מיט אַלטע פֿאַמיליען-פּאָרטרעטען, טהייל רבנים מיט לאַנגע בערד און פּיאות, טהייל סוחרים מיט גאָלדענע ברילען און גאָלדענע רינגען. רעכט'ס דריי טהירען, די מיטעלסטע אין קאָרידאָר, איינע אין פּאַפּאַס צימער די צווייטע אין מאַמאַס צימער, די לעצטע איז בעהאַנגען מיט שוואַרצע קרעפּע. אין הינטערגרונד אַ אָפענע אַרקאַדע אויף זיילען געלעהנט מיט אַוועקגערוקטע פֿאָרהאַנג, וועלכע פֿיהרט אין די קינדער'ס צי־מער'ן. לינקס דריי גרויסע פֿענסטער אין גאַס אַרויס. עלעקטרישע לאָמפּען, די ברע־נען זיך נישט, פֿיעל פֿון זיי פֿעהלען גלעזלעך, באַניעס, און עס שטאַרען אַרויס האַלבע אָבגעבּרענטע ליכט. אַלעס אין שטוב איז אָבגעלאָזט, פֿערנאַכלעסיגט. מען זעהט אַז עס פֿעהלט אַ בעל-הבית'טע אין הויז... עס טונקעלט.

---

(פֿון אַ צווייטען צימער הערט זיך)

ה' גרויסגליק'ס קול: בּן... לאָה... (עס רופֿט זיך קיינער נישט אָן... נאָך אַ קליינער פּויזע קומט אַרויס פֿון זיין צימער אַ הויכע געשטאַלטע פּערזאָן -: כאַראַקטעריסטישע, אַריסטאָקראַטישע ציגע, אַ ראַסאָווע גראָבע נאָז, גראָבע ליפּען, רעדט לאַנגזאַמליג, בעקלאָגענדיג זיך. ער איז האַלב אין נעגליזש) לאה... בּן...

ניִעמאַנד דאָ? (קליִנגט אָן אין אַ וואַנד־גלאָק, עס קליִמפּערט ניִשט... ער געהט צו קליִנגען בײַ דעם לאָמפּען־קליִנג – עס ענטפֿערט ניִשט אָב...) אָך, די קליִנגער פֿונקציאָניִרען ניִשט... (ער דרעהט דעם עלעקטריִשען קנאָפּ – עס ליַכט זיך ניִשט) דאָס עלעקטריִק ליַכט זיך ניִשט... אַלעס שטעהט אין דעם הויז...; גאָט, גאָט... אַ ווירטשאַפֿט... לאה... דן... (געהט אַליין צו צו דער טהיר פֿון קיך, עפֿענט זי פֿאָרזיכטיג איִיה, קוקט אַריַין) קיינער ניִשט דאָ... אַלעס, איִבערגעלאָזט דאָס הויז... וואָס איז דען דאָס איינגע־טליך? (דרעהט זיך איִבער דער שטוב אַרויף און אַראָב) אונד ניִעמאַנד... ניִעמאַנד... ניין, דאָס איז דאָך ניִשט געהערט געוואָרען. (געהט צו אַ טהיר, קלאַפּט אָן) טאָכטער מען קען?..

זאַשעס קול (פֿון אינווייניג): אָך פּאַפּאַ, ניין דאָך, פּאַפּאַ.

ה' גרויסגליִק (איִן אַ צווייטע טהיר): מען קען טאָבטער?

וואַנדעס קול: שטיִלער פּאַפּאַ, מיִטע שלאָפֿט...

(דער אַלטער דרעהט זיך אום, קומט צו צו דער מיִט דער שוואַרצער קרעפּע... דערשרעקט זיך... ערוואַכטערט זיך, זעצט זיך דאַן פֿערצווייפֿעלט בײַ אַ טיִש, קלאַפּט מיִט די ליִפּען):

ניין, אַזאַלכעס... דאָך ניִשט ערהערט.

(עס קומט אַריין אָהנע בעמערקט די מאָכטער אין שוואַרץ געהיִלט - אַ שוואַרצע-שטרוי-הוט מיִט אַ שוואַרץ שלייפֿעל, אַלטע אָבגעטראָגענע קליידער, טראָגט זיך רוהיג): מען קען?

ה' גרויסגליִק: ווער איז דאָרט?

מאַנטע: איך, שוואָגער.

ה' גרויסגליִק (אָבגעשראָקען): דאָך, ווער?

טאַנטע: דאָס בין איך, שוואָגער, מיך ניִשט ערקענט?

ה' גרויסגליִק: דו ביִסט עס. נו קום דאָך נעהנטער. אַ אונערהערטע זאַך, שטעל דיר פֿאָר צוויי דרײַ שטונדען אַליין אין מײַן צימער, קליִנג, די קליִנגעל קליִנגט ניִשט, דער עלעקטעריִק ליַכט ניִשט... די גאַנצע דינערשאַפֿט ווייזט זיך ניִשט... צוויי דרײַ שטונדען, דן... לאה... ניִעמאַנד ווייזט זיך... אַליין מיך איִבערגעלאָזט...

מאַנטע: די דינערשאַפֿט זענען דאָך פֿאָרגעסטערן אַוועקגעגאַנגען, דער שוואַגער האָט'ס פֿערגעסען? און די פֿאַבריִק פֿונקציאָניִרט דאָך ניִשט — פֿון וואַנען זאָל דען עלעקטריִק זײַן?

ה' גרויסגליִק: אַליין, אָהנע, קיינעם...

טאַנטע: שוין העכער פֿון זעקס מאָנאַטען האָבען זיי דאָך קיין געהאַלט ניִשט בעקומען, דאָס קאָנטאָר צאָהלט דאָך מעהר ניִשט אויס.

ה' גרויסגליִק (דערמאָנט זיך): אָך, דאָס קאָנטאָר... אָבער וואָס קען איך דערבײַ טהון?.. אין יעצט בעטראַכט דאָך אַליין. צוויי דרײַ שטונדען איינער אַליין, אָהן ניִעמאַנדען... די טעכטער פֿערשטעקט יעדע בעזונדער אין איהר צימער... קיינער ווייזט זיך ניִשט... נעמט עס דאָך איינעם אַ שרעק אָן, פֿאַר די פּוסטקײַט... און דאָרט די טהיר...

טאַנטע: דאָס איז אונאַנגענעהם, צו דעם דאַרף מען מיִטעל זוכען, ניִשט געווען לעאָן?

ה׳ גרויסגליק: איך ווייס נישט, איז ער נישט אין זיין צימער?.. אונד אויך דער... אין דער לעצטע צייט...

טאַנטע: נישט קיין וואונדער... אַ יונגער מאַן איין און אוים... (גייט צו צו זיין טהיר, קלאַפּט אָן... עפֿענט זי דערנאָך אויף) זעה, די קערב זענען געפּאַקט, רייזט ערגעץ וואו אַב.

ה׳ גרויסגליק: איך ווייס נישט... פֿון מיר האָט ער נישט גענומען קיין אַבשייד.

טאַנטע: דער שוואָגער נישט בעמערקט, לעאָן איז זעהר אויפֿגערעגט אין די לעצטע צייט.

ה׳ גרויסגליק: איך ווייס עס נישט... יאָ, יאָ, איך גלויב ער וויל נאָך פּאַריז פֿאָהרען אויפֿ׳ן ווינטער. ער האָט איינינגע מאָל דערינבער גערעדט... די שוועסטער׳ן געזאָגט... גענוי ווייס איך עס דאָך נישט, ווייסט דו עס פֿילייכט?

טאַנטע: יאָ. דאָס איז אונאַנגענעם. דאָס קאַנטאָר צאָהלט קיין געלד, דער יונג איז ערוואַקסען געוואָהנט צום בעסטען. אין זיינע יאָהרען צו רעכענען זיך מיט׳ן גראָשען, אַזוי גאָר נישט אַנשטענדיג צו זיין אָנגעצויגען, אַזוי ווי עס שטעהט איהם אָן לויט די פֿאַמיליע. אַוודאי איז עס נישט אַנגענעהם. וואָלט ער חאָטש אַזוי נישט ערצויגען געוואָרען... יאָ, יאָ. די זעליגע שוועגערין האָט די קינדער זעהר געליעבט, פֿילייכט צופֿיעל געליעבט... דאָס איז נישט ערצויגען צום ליידען... אויך נישט צום אַרבייטען. יאָ, פֿאַר גרויסגליק׳ס קינדער פּאַסט נישט צו אַרבייטען... און דאָס קאַנטאָר... יעצט... (קרעכצט) יאָ, יאָ, איינע זעהר אונאַנגענעהמע לאַגע.

ה׳ גרויסגליק (מיט געוויסען געבייזער): אָבער דאָס איז דאָך אונערהערט... דאָס קאַנטאָר... די הערען... וואָס מיינען זיי דען אייגענטליך?

טאַנטע: דער שוואָגער איז נאַאיוו ווי אַ קינד, די מאַשינען שטעהען, די פֿאַבריק אַרבייט נישט. נישט דאָ קיין גראָשען מיטוואָס מאַטעריאַל צו קויפֿען. חובות מעהר, ווי עס בעטרעפֿט — יאָ. פֿון וואַנען זאָלען זיי דען געלד נעמען!

ה׳ גרויסגליק: אָבער וואָס קען איך דערביי טהון? די הערען ווייזען מיר רעכנונג, וואָס פֿערשטעה איך דען פֿון רעכנונג? האַבע זיך דאָך ניע אינטערעסירט דערמיט?... פֿון זעליגען פֿאַטער איבערגענומען די געשעפֿטען... האָב זיך אימער פֿערלאָזט אויף די לייט... אַלעם געלאָזט ביי זיי... האָבען זיי געזאָלט זעהן, אַז עס זאָל אַנדערש זיין... און אימער איז דאָך גוט געווען... יאַ, און פֿון נאָך דעם טויט מיינער זעליגע פֿרוי (קוקט אויף דער טהיר) דאַן געהט דאָס אַלעם אַזוי אַרונטער... אַרונטער...

טאַנטע: יאַ, יאַ. דאָס איז געוועזן דאָס אונגליק... קיינער פֿון דער פֿאַמיליע נישט געבליבען, וועלכער זאָל זיך מעהר אויף געשעפֿט פֿערשטעהן... אונד מיין זעליגער — מיך אויך איבערגעלאָזט אויפֿ׳ן געשעפֿט, געמיינט מיך פֿערזאָרגט... אויף די פֿאַמיליע מיך געלאָזט...

ה׳ גרויסגליק: וואָס האָב איך דערביי שולד? גענומען דאָך נור, וואָס מען האָט געדאַרפֿט, זעלבסט־פֿערשטענדליך גענוצט נעמען. דאָס קאַפּיטאַל דאָך ביי זיי געלאָזט... זיי ווייזען רעכנונג, זיי... איך גלויב זיי שוין, אָבער וואָס קען איך דערצו טהון?.. אָבער איבערבלייבען אַזוי קען איך דאָך

ניטש... ניעמאַנד דאָ... אַזוי אַליין... מיט איינעם מאָל... די טעכטער יעדע ביי זיך... אונד די דינערשאַפט... און דו זיצט אַזוי אַליין אין די צימער'ן. אָח מאַטילדע, מאַטילדע, וואָלסט דו חאָטש געלעבט (געהט צו צו די טהיר מיט די קרעפּע און האלט זיך א מינוט פאר די אויגען) אַזוי אַליין... אַליין... ניעמאַנדען... אָח מאַטילדע... מאַטילדע...

טאַנטע: נו, נו, לאָז זיך דער שוואַגער בערוהיגען. עס איז דאָך נישט פון היינט אָן. מען דאַרף דעריבער קלערען... עס וועט זיך שוין בעסער מאַכען... (קוקט זיך אום) פינסטער אין שטוב (דרעהט ביי דער עלעקטריק, עס צינדט זיך נישט אָן) די פאַבריק אַרבייט נישט — קיין עלעקטריק נישט דאָ (קוקט זיך אום) יאָ. צימער זענען דאָ, מאַשינען זענען דאָ, עלעקטרישע לאַמפּען... אַלעס איז דאָ... נור אַ מענש פעהלט... אַ מענש... (געהט אין קיך-צימער, ברענגט אריין אַ ליכט) אַח, יאָ. איך האָב ווירקליך פערגעסען, איך האָב דעם שוואָגער עטוואָס געבראַכט. ער וועט זיך ווירקליך ערפרעהען. אַ ריכ-טיגען טאָקייער (זי ווייזט אַ פלאַש וויין) פון די זיבציגסטער יאָהרען נאָך.

ה' גרויסגליק (בעקוקט דעם וויין): אַ פיינע קאָליער, פון וועמען דען? דער קעלער איז דאָך שוין לאַנג ליער. געוויס דאָך נישט פון נעגענאיבער? (ער ווייזט אין די פענסטער).

טאַנטע (מיט געלעכטער): אָבער יאָ.

ה' גרויסגליק: ווי הייסט ווידער פון איהר. איך וויל דאָך פון קיין שענקערין קיין מתנות נעמען. מיט וואָס פאַר'ע רעכט?

טאַנטע: אַח גאָט. זי איז אַזוי גליקליך אז דער שוואָגער נעמט פון איהר צו. זי לייזט דאָך אַזוי פיעל פין דאַנען. נו — ווי שמעקט דעם שוואָגער די מיטינגער פון געגענאיבער? (זי עפענט אויף דעם קאָרק) נישט וואָהר אַ פיינע קיך... נו, איז דער שוואָגער צופרידען פון די מיטינגער. וואָס זי שיקט אַריבער?

ה' גרויסגליק: שוין גוט... שוין גוט... און לאָז זי אַלעס אויפ'ן רעכנונג שרייבען... אונד דעם ווייַן אויך... איך וויל קיין געשענקע... (בעקוקט דעם וויין דורך דעם פענסטער) אַ פיינע קאָליער (טרינקט פון וויין) זי מוז איינע אַנשטענדיגע פרוי זיין, אונזערע שבנת'טע שענקערין.

טאַנטע: עס איז בעזאָרגט... זי האַלט רעכענונג... זעלבסט-פערשטענדליך, זעהר אַנשטענדי-גע לייט... אַזוי ווי זי איז נאָר געוואָהר געוואָרען אַז די קעכין האָט געקינדיגט, האָט זי זיך זעלבסט געמעלדעט צו מיר, מיט די פּראָפּאָזיציאָן פאַר דעם הויז מיט מיטינגע און אַנדערע שפּייזע צו בעזאָר-גען... נו, נו, זי ווייסט אייך אַז דאָס געלד איז זיכער... האָט אויך פון דעם דאָ אַ האַלבען קאָרב. זי וויל איהם דעם שוואָגער צום פּרוּוען שיקען אויב ער געפעלט איהם...

ה' גרויסגליק (אויפקאַכענד): קען שוין זיין... קען שוין זיין (אויסשטעהענד) זי מוז אַ גרויס געשעפט האָבען... מיר הערען דאָ דעם ־עש פון געגענאיבער, דאָס שטערט טהייל מאָל...

טאַנטע: מאַכט גוטע געשעפטען... איינע זעהר אַנשטענדיגע, פרוי... מאַכט...

ה' גרויסגליק (האַקט איהר איבער): איהר פאָטער איז דער גאָרקיכער, ווי הייסט ער דאָס... דער וואָס פלעגט ביי פּעסט... ביי פייערטאָג... ביי אונז סערווירען. ווי הייסט ער דאָס?

טאנטע: דוד גארקיבער, אבער זי איז איינע זעהר אנשטענדיגע פרוי... קינדער־לאָזע וויט־ווע. האט פיינעם פערמעגען געמאכט, בעזיצט איינציגע הייזער אין די שטאדט, מען רעדט פון איהר אין די שטאדט.

ה' גרויסגליק: אזוי... זעהסט נאר... זעהסט נאר... (גיסט אן דעם ווײן) פיינעם געשמאק... זי קען דעם האלבען קארב אין קעלער אריינשיקען... און די רעכענונג צושטעלען... זי מוז א גרויסען ווײן־קעלער האבען, די פרוי?

טאנטע: יא, זעהר א גרויסען ווײן־האנדעל; פאר דער גאנצער אומגעגענד — דאן פערקעהרען צו איהר פיעל מענשען... די היינטיגע יונגע לײט... לעאן קומט אויך דארט זעהר אפט.

ה' גרויסגליק: אזוי, לעאן... שעלמא, ביז יעצט דערפון מיר נישט צו וויסען געגעבען... וואלט דאס אמאל אין פאטער געדענקט, געהײסען א קארב א היים שיקען.

טאנטע: ער נעמט זעלבסט אויף קרעדיט, דאס איינציגע הויז. וואו מען גיט איהם אויף קאנטע.

ה' גרויסגליק (אויסמײדענד): מוז גרויסען לאגער האבען, אזוי אין שכנות מיט אונז (געהט צו צום פענסטער, קוקט ארויס) זעה, דאס געשעפט איז היינט געשלאסען, וואס איז דען היינט, ביים פייערטאג?

טאנטע: ניין.

ה' גרויסגליק: און פארוואס איז דען דאס געשעפט געשלאסען, און די פענסטער אזוי בעלויכטען. די טישען גרייט מען דעריבער. מען מוז זיך עפעס צו איין פעסט פארברייטען, הע?

טאנטע: אזוי, איך ווייס עס נישט.

(עס קומט אריין לעאן).

לעאן (אויפגערעגט, בלייך, דערזעהט דעם פאטער, וויל צוריק, געהט אבער דאך נעהנטער צו): פאפא.

ה' גרויסגליק: אך, לעאן, דו ביסט עס, דו שעלמא איינער, ווייסט פון אנ'ארט, וואו מען בעקומט אזא פיינעם ווײן און האסט ביז יעצט דערפון נישט צו וויסען געגעבען.

(די טאנטע ווינקט אין דער שטיל צו לעאנ'ן וואונדערענדיג זיך).

לעאן: איך האב מיט'ן פאפא עטוואס זעהר ערנסטעם צו רעדען.

טאנטע (נעמט זיך אוועק צו געהען): איך וויל נישט שטערען, אדיע (וויל אב).

לעאן: ניין, ניין. די טאנטע שטערט נישט, אדרבה איך וויל די טאנטע זאל זיין דערביי.

טאנטע: אז איך שטער נישט (בלייבט).

לעאן: פאפא. אזוי ווייטער קען עס נישט געהען. איך בין א יונגער־מענש. איך בין צו קיין מלאכה נישט פעהיג, איך קען מיך נישט יעצט אוועקשטעלען אין א קאנטאר אריין אלס איבער־שרייב־יונגעל. וואס זאל איך טהון?

ה' גרויסגליק: אבער לעאן... זוהן... וואס איז דען?...

לעאן: און דער פאפא זעהט גארנישט און וואס פאר'ע הולך איך געה... א לאדע פריזיר־

יונגעל גערט דאָך אַנטשענדיגער אָנגעצויגען פֿון מיר. דער שניידער וויל נישט מאַכען אויף קיין קרעדיט, און אַזוי מוז איך געהען אין לײַכטען זומער־ראָק אין מיטען ווינטער... איך קען דאָך אין קיין אַנשטענדיג הויז נישט אַרײַנקומען... איך קען דאָך מיך אויף קיין אָרט נישט ווײַזען, אַ לאַדע שנײַדער־יונגעל האָט דאָך מעהר טאַשען־געלד פֿאַר מיר... און וואָס זאָל איך דאָ הי מאַכען?.. אַזוי אײַן־און־אויס דרעהען זיך... אַזוי...

ה' גרויסגליק: אָבער זוהן... דאָס איז דאָך אונערהערט... דער שניידער וויל נישט מאַכען... אין ווינטער רעם זומער־ראָק... (צו טאַנטע) דער יונגע האָט דאָך רעכט.

טאַנטע (איבערקוקענדיג): זעלבסט־פֿערשטענדליך, האָט ער רעכט.

לעאָן: פּאַפּאַ, ווײַטער קען איך עס נישט. אין די שטאָדט זיך אַזוי אָרים דרעהען. איך קען מיך נישט מיט מײַנע קאָלעגען מעהר צוזאַמען־קומען. פּאַפּאַ, אַזוי ווײַטער געהען קען עס נישט. איך וויל אָברײַזען... אין אַ פֿרעמדע שטאָדט, נאָך פּאַריז וויל איך רײַזען. איך מוז אָברײַזען. שוין יעצט. איך קען איינע סעקונדע נישט לענגער בלײַבען. איך מוז.

טאַנטע (פֿערמישט): אָברײַזען יעצט, הײַנט, לעאָן... אָבער דאַכט זיך, הײַנט איז דאָך נישט מעגליך. עס איז דאָך שוין שפּעט...

לעאָן: איך וואָלט אויך גאָרנישט געקוקט... מײַן האַרץ טראָגט עס נישט איבער... עס איז מיר, טאַנטע, שווער, זעהר שווער...

טאַנטע: אָבער לעאָן... זעה, עס איז דאָך שוין שפּעט... אונמעגליך... די שטאָרט דערנאָך וואָס וואָלט געזאָגט...

ה' גרויסגליק: וועגען וואָס רעדט איהר דען דאָס? ווי הײַסט אונמעגליך, צו שפּעט... וואָס זאָל דען דאָס בעדײַטען? העַ?

לעאָן (צומישט): פּאַפּאַ. גאָרנישט, איך מוז האָבען טויזענד רובל, יעצט שוין... שוין יעצט, גאַנץ, פּאַפּאַ...

ה' גרויסגליק: אָבער וואָס איז דען אַזעלכעס געשעהן? וואָס צו שפּעט?

טאַנטע: נו, זעלבסט־פֿערשטענדליך צו שפּעט... אַזאַ יונגער מענש, ווי לעאָן איז, אין זײַן נאָלד געטהאָרען אויפֿגעוואַקסען... געוואָהנט צו אַל דאָס גוטס — קען זיך דאָך מיט איינמאָל אין עלענד געפֿינען... וואָס וועט ער אין פּאַריז טהון? (ווענדעט זיך צו לעאָן) אָבער בעדענק דיך, אין פּאַריז, אין אַזאַ גרויסער שטאָדט, וואו טויזענד מענשען ווערען פֿערלוירען טעגליך און קיינער ווײַסט נישט פֿון זיי. — וואָס וועסט דו דאָרט טהון? ווער וועט זיך אויף דיר אומקוקען, קיין מלאָכה נישט געלערנט, צו קיין אַרבייט נישט געוואָהנט... די זעליגע מוטער האָט דאָך אײַך אין מילך און ווײַן געבאָדען. און דו אַזאַ איידעל קינד מיט אַמאָל אין אַ פֿרעמדע שטאָדט, וואו קיינער קען דיך נישט און דו קיינעם נישט, צו וועם און ווען וועסט דו דיך ווענדען, קעהרען, בעטראַכט דאָך, לעאָן.

ה' גרויסגליק: זעלבסט־פֿערשטענדליך, האָט דאָך די טאַנטע רעכט, לעאָן.

טאַנטע: און דאָ ביסט דו דאָך אין דערהיים, מען היט דיך אָב, ווי אַ אויג אין קאָפּ. פֿון

אַל דאָס בעסטען, דו טהו נישט די האַנד אין קאַלטען וואַסער, מען ציטערט איבער דיר... מען אַרבײַט אויף דיר... מען ווײַסט ווער דו ביסט... וואָס דו ווילסט, ביסט דאָך דאָ אין דערהײם...

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק: מײַנע אָרימע קינדער.

ל ע אָ ן: איך וואָלט אויף גאָרנישט געקוקט... ט אַ נ ט ע, איך ווײס עס גאַנץ גוט... פּאַפּאַ...

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק: אָבער די טאַנטע האָט דאָך זעהר רעכט, צו וואָס אין דער פרעמד? בלײַב דאָך ליעבער אין דער הײם.

ל ע אָ ן: פּאַפּאַ... איך מוז דאָס געלד האָבען... איך מוז אָברײַזען...

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק: אָבער לעאָן... זוהן... די טאַנטע האָט דאָך רעכט... בלײַב.

ט אַ נ ט ע (פאַלט איהם אין די רייד): אָבער פון וואַנען האָט דער פּאַפּאַ יעצט געלד? אין די שטוב איז קײן פעניג מעהר דאָ... זײ לעבען אַלע פון איהר קרעדיט... בעדענק דאָך.

ל ע אָ ן: אָבער איך פרעג דעם פּאַפּאַ אײן זאַך, קען מיר דער פּאַפּאַ דאָס געלד געבען. שוין יעצט... איך מוז עס האָבען... אז נישט זאָל דער פּאַפּאַ צו מיר דערנאָך קײן פּראָטענזיעס נישט האָבען. קײנע פּראָטענזיעס...

ט אַ נ ט ע: ווער פּראָטענזיעס? מיר דאַכט זיך, אַז דער פּאַפּאַ וועט דאָך אויך בײַשטעהן דערויף?

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק: אָבער וואָס דען אײגענטליך?

ט אַ נ ט ע: איך מײן, לעאָן איז דאָך שוין אַ ערוואַקסענער יונגער מאַן, ער מוז דאָך אַ אײגע־נע וואָהנונג האָבען. עס איז דאָך נישט פּאַסענד פאַר אַ יונגען־מאַן בײַם פאָטער צו וואָהנען, ער האָט דאָך שוין זײַנע אײגענע פּריוואַטע געשעפטען.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק: ווער שטערט איהם... אַזוי פיהרט עס זיך דאָך.

ט אַ נ ט ע: ער האָט זיך דאָ אין דער נעהע, געגענאיבער, אין שכנות דעם פּאַפּאַ אַ וואָהנונג געדונגען...

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק: ווירד זי איהם נאָר בעקוועם זײַן? זײ האָבען דאָך קײן מוטער נישט. מוזט דו דאָך זײַ די מוטער פערטרעטען. ביסט דאָרט געווען? האָסט דו זי געזעהען? בע[...]עם?

ט אַ נ ט ע: אַלײן זי געזעהען. אײנע גאַנץ בעקוועמע וואָהנונג פונקט פאַר איהם, ווי [...] איז געוואָהנט מיט אַלע בעקוועמליכקײטען. אַלײן זי געזעהען.

ל ע אָ ן: אָבער פּאַפּאַ...

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק: ווער וועט איהם דאָרט אָבהיטען? מײַנע קינדער, זײ זענען דאָך געוואָהנט מען זאָל איבער זײ וואַכען.

ל ע אָ ן: פּאַפּאַ.

ט אַ נ ט ע: גוטע מענשען, גוטע מענשען. זײ וועלען איהם האַלטען ווי אַ אײגען קינד.

ה׳ ג ר ו י ס ג ל י ק: איך דאַנקע דיר זעהר שוועגערין.

ט אַ נ ט ע: נישט דאָ פאַר וואָס, מײַן פפליכט, די קינדער האָבען קײן מוטער.

(עס קומט אַרײַן אַ מענש, נעמט אַראָב דאָס היטעל, האַלט פּלאַשען ווײַן).

מענש: די מאַדאַם פון געגנאַבער שיקט דעם האַלבען קאַרב ווײַן, וואָס איז געוואָרען בעשטעלט.

מאַנטע: נו, דעם ווײַן, וואָס דער שוואָגער האָט געטרונקען (צום מענש) שטעלען זי דאָרט אַרײַן אין קיך.

מענש: און זי האָט געלאָזט זאָגען, אַז די וואָהנונג פאַר'ן יונגען הער איז שוין גרייט. אַלעס איז שוין פאַרגעברייט, נאָר מען וואַרט אַז דער יונגער הער זאָל אַריבערקומען... איך זאָל די זאַכען אַריבערטראָגען.

מאַנטע (צום מענש): נעמט די זאַכען (ווײַזט איהם אויף לעאָנ'ס צימער. מענש אָב, צו ה' גרויסגליק)

נו, קוש דאָך שוואָגער, דעם זוהן, בעפּריהער ער פערלאָזט זײַן פאָטער־הויז.

ה' גרויסגליק (קושט דעם זוהן אויפ'ן קאָפּ, גערירט, מיט פּאַטאָס): פערלאָזט מײַן זוהן דײַן פאָטער־הויז, די מוטער איז נישט דאָ, וואָס זאָל זיך קימערען איבער דיר, מוזסט דו נעבעך אַליין פאַר דיר זאָרגען, און הערען די גוטע טאַנטעס ראַט... זײַ גליקליך זוהן און פיהר אַנ'אַנשטענדיגעס לעבען. געדענק דאָס דו קומסט אַרויס פון די גרויסגליק'ס. דער אַלטער בעליעבטער פּראַגער ראַבי־נער, רבי נאַטאַן, (ער ווײַזט אויף אַ פּאָרטרעט פון אַ אַלטען רב) דעם אַלע יודען פון דער גאַנצער וועלט פערגעטערט האָבען וואַר, דײַן גרויס אַהן. און די אַלע אַנדערע אַהנען, וואָס קוקען צו דיר פון וואַנד אַראָב... דו ביסט דער אײינציגער מענליכער אָבשטום פאָן דער פּאַמיליע. היט דעם נאָמען און דאָס בלוט, וואָס דײַנע אַהנען האָבען דיר איבערגעלאָזט אין ירושה, מײַן זוהן...

לעאָן: אָבער פּאַפּאַ.

טאַנטע: נו, נו... זאָרגען איבער די אַהנען... די אַהנען האָבען איבער איהם נישט געזאָרגט־ דאַרף ער...

ה' גרויסגליק: וואָס רעדסט דו שוועגערין!

טאַנטע: נו, נו, לעאָן איז אַ יונגער מענש... אַלער ערשטענס דאַרף ער זאָרגען פאַר זיך, דערנאָך פאַר די אַהנען.

ה' גרויסגליק: אָבער...

לעאָן (קושט דעם פּאַפּאַ די האַנד): איך בין עס נישט שולדיג... איך בין עס נישט שולדיג...

ה' גרויסגליק: נישט זוהן. דאָס איז דאָך אַזוי זיטע. פּאַפּאַ האָט אויך פאַר דער האָכצײַט בעזונדער געוואָהנט.

טאַנטע: איך וועל דיך מיט בעגלײַטען, זעהען אויב דו האָסט אַלעס אין אָרדנונג.

ה' גרויסגליק: טהו דאָס.

טאַנטע (צו לעאָנען): נו, קום. דער מענש איז שוין אָב מיט די זאַכען.

לעאָן: אַדיע, פּאַפּאַ, פערצײַה.

ה' גרויסגליק: אַדיע. פערגעס נישט אין פּאַפּאַ. בעזוך דאָך אונז עפטער.

לעאָן: אז דער פּאַפּאַ זאָל עס נאָר װעלען.

טאַנטע: ער װעט עס װעלען.

ה' גרויסגליק (רופט אין דער טיר): מיידען, מיידען, קומט דאָך אַרויס. דער ברודער ציהט זיך איבער.

זאָשע (אין די טיר): װאו? װאו? װאו אַהין?

טאַנטע: נישט אין דער װייט, נישט אויף לאַנג.

װאַנדע (אין די טיר): מיט גאָט, מיט גאָט.

זאָשע (װייזט זיך אין טיר, אַ יונג אַלטצעהן יעריג-מיידעל, קליין געוואַקסען, מיט דינע בייטעלדיגע רערט זעהר לעבעדיג, פלינק, מיט אַ ביסעל בעהאַלטענער, שעמע װדינער פּרעלהייט). לעאָן, ציהסט דיך איבער, אוי װי איך בין דיך מקנא, נעם מיך מיט לעאָן.

טאַנטע: שפּעטער אַ ביסעל. ער װעט זיך שוין האָבען אַ ביסעל איינגעאָרדענט.

זאָשע (רופט אַריין אין װאַנדעס טיר'ל): װאַנדע, װאַנדע, לעאָן ציהט זיך איבער, קום מיט, מיר װעלען זעהען, װי עס זעהט אויס אַ קאַװאַלערסקי װאָהנונג.

טאַנטע: עס צימט זיך נישט יעצט. עס װעט נאָך צייט האָבען, צייט האָבען.

(די טאַנטע געהט אָב מיט לעאָנ'ן).

ה' גרויסגליק (רופט איהם נאָך אין דער טיר): און מיט די מוטער געזעגענסט דו דיך נישט.

(לעאָן געהט צו מיט זעהר איינגעהאַלטענע טריט צו דער טיר מיט דער שװאַרצער קרעפּע בעשלאָגען – קומט נעהנטער צו – טרעט פלוצלונג מיט שרעק אָב. אַנטלויפט פון שטוב אַרויס. אַלע קוקען איהם נייגעריג נאָך).

טאַנטע: ער געהט דאָך נישט פון שטוב אַרויס אויף אייביג (צו גרויסגליק) דער װיינקאָרב שטעהט אין קיך. אַדיע, אויף װידערזעהען (אָב נאָך לעאָן).

זאָשע: פּאַפּאַ, פּאַפּאַ. האָסט געזעהען, װי ער איז צוריקגעלאָפען פון פאַר די מאַמאַס צימער, פּאַפּאַ.

ה' גרויסגליק: ער האָט זיך געשראָקען. עס איז אויך קיין װאונדער... אין צימער אַריינצוגעהן, אַזוי צװישען נאַכט און טאָג (אין דער שטיל מיט בעהאַלטענע שרעק) האָט מען זי היינט בייטאַכט װידער געהערט?...

זאָשע: איך װייס נישט, פּאַפּאַ, אויב מיטע האָט מאַמאַ װידער געהערט. איך האָב אַ גאַנצען טאָג היינט מיטען נישט געזעהען. האָסט דו זי פּאַפּאַ געזעהען?

ה' גרויסגליק: זי איז היינט אַ גאַנצען טאָג נישט פון איהר צימער אַרויסגעקומען, מיטע.

זאָשע: איך װעל אַריינרופען װאַנדען (קלאַפּט אָן אין אַ טיר) װאַנדע, װאַנדע.

װאַנדע (װייזט זיך אין טיר. זי איז אַ הויכע, די עלטסטע פון שטוב, מיט גאָלד-בלאָנדע האָר): דו האָסט מיך גערופען זאָשקע? װאָס װילסט דו?

זאָשע: לעאָן איז אװעקגעגאַנגען און איז נישט אין מאַמאַס צימער אַריינגעגאַנגען, ס'מאָל מיט מאַמאַ זיך צו זעגענען.

װאַנדע: אין מאַמאַס צימער, מאַמאַס בילד נישט געזעהען, פאַר װאָס?

זאָשע: פּאַפּאַ זאָגט, ער האָט מורא געהאַט.

וואַנדע: דער לעאָן איז שטענדיק אַ נאַר געווען. איך וואָלט נישט מורא געהאַט אַרײַנצוגעהן.

זאָשע: און פאַרוואָס געהסטו דו נישט אַרײַן?

וואַנדע: איך פאָהר דאָך נישט אַוועק. (פּויזע) איבעריגענס איז דאָך היינט בײַנאַכט מיטע דרײַנען געווען, און זעהסט די מאַמאַ האָט איהר גאָרנישט געטהון.

זאָשע (מיט נײַגעריגקײַט): דרײַנען געווען, בײַ מאַמאַ, זי האָט מאַמאַ געזעהען? (ווײַזט צו לויפען צו וואַנדען מיר) מיטע, מיטע.

וואַנדע: וועק זי נישט... זי איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפען. זי שלאָפט יעצט.

ה' גרויסגליק: האָט מען ווידער מאַמאַ געהערט... די נאַכט, טאָכטער?

וואַנדע (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ): יאָ.

פּאַפּאַ-זאָשע: געהערט, פערצעהל דאָך, וואַנדע.

וואַנדע. כ'ליג בײַ נאַכט... איך הער דורך די וואַנד אין מאַמאַס-צימער טריט. געהן־אַהין, געהן־צוריק... און אַזוי שוועבענד און לײַכט, ווי מאַמאַס טריט... און דער לאַנגער זײַדענער שלעפּער, ווי פון איהר לאַנגעס קלייד, ציהט זיך מיט... דאָס זײַד רוישט איבער'ן דיוואַן... מיך גרויעלט עס... איך האָב מיך בעהאַלטען הינטער די קאָלדערע, דערנאָך איז אַזאַ שרעק אויף מיר אָנגעפאַלען, איך האָב מיך נישט געקענט אײַנהאַלטען, איך האָב מיטען אויפגעוועקט...

ה' גרויסגליק (מיט שרעק): טאָכטער האָסט דו זי אַליין געהערט?..

זאָשע: ערצעהל דאָך ווײַטער, וואַנדע.

וואַנדע: איך האָב מיטען געוויזען.

זאָשע: האָט מיטע אויך געהערט מאַמאַס טריט...

וואַנדע: זי איז אין מאַמאַס צימער אַרײַנגעגאַנגען, האָט גאָרנישט מורא געהאַט.

זאָשע: גאָרנישט?

וואַנדע: נײַן;.. האָט גענומען די אַסטען. וואָס מיר האָבען נעכטען געפונען, ווען מיר זענען אין וואַלד געגאַנגען, און זאָגט איך וועל אַרײַנגעהען צו מאַמאַ.

זאָשע: און זי איז אַרײַנגעגאַנגען?

ה' גרויסגליק: און דו האָסט זי געלאָזט?

וואַנדע: און איז אַרײַנגעגאַנגען און איז דרײַנען געווען אַזוי אַ ווײַלע און איז צוריק אַרויסגעקומען אָהנע די אַסטען.

זאָשע: זי האָט געזעהען מאַמאַ?

ה' גרויסגליק: געזעהען — יאָ?

וואַנדע: איך ווייס נישט. זי האָט מיר נישט געוואָלט דערצעהלען. זי איז צו זיך אין צימער געגאַנגען, זיך פערשלאָסען און ביז יעצט האָב איך זי נישט געזעהען.

ה׳ גרויסגליק: וואָרום האָסטו דו זי געלאָזט?.. וואָרום? עס האָט דאָך. בעהיטע גאָט, עטוואָס שלעכטעס געקענט געשעהען.

זאָשע: מאַמאַ ווירד דאָך איהר קיין שלעכטעס נישט טהאָן;

ה׳ גרויסגליק: אָבער דאָך... ווי קען מען דאָס... ס׳איז דאָך שרעקליך...

זאָשע: נון, האָסטו נאָך מאַמאַ ווידער געהערט?

וואַנדע: איך האָב מיך געשראָקען. איך האָב מיך הינטער די קאָלדרע בעהאַלטען און בין געלעגען ביז אין דער פריה און האָב שוין גאָרנישט געהערט.

זאָשע: פאַר וואָס האָסט דו זיך געשראָקען? עס איז דאָך בלויז מאַמאַ.

ה׳ גרויסגליק: אָבער דאָך, אַ טויטער מענש... (קוקט זיך אום. אין דער שטוב) עס איז אַזוי טונקעל אין שטוב, מען וואָלט געדאַרפט נאָך אַ ליכט אָנצינדען. ברענג דאָך וואַנדע דאָס ליכט פון דיין צימער, אין שטוב איז טונקעל, די נאַכט איז צוגעפאַלען.

וואַנדע: קום מיט, זאָשע, איך שרעק מיך יעצט אַליין אין מיין צימער אַריינצוגעהען. קום דאָך מיט, זאָשקע. (זאָשע וויל מיט).

ה׳ גרויסגליק (האַלט איין זאָשקען): פאַרוואָס שרעקסט דו דיך דען אין דיין צימער אַריינצוגעהען. ביי דיר איז דאָך דאָ ליכט.

וואַנדע: אַליין אין צימער... איך וועל אָפּענלאָזען די טהיר (עפענט אויף די טיר פון איהר צימער, וויל גאַנץ לאַנגזאַם מיט געוויסע שרעק אַריינגעהען אין איהר צימער, עס הערט זיך אין די פענסטער פלוצלונג מוזיק שפּיעלען, יודישעס-פרעהליכעס, די פענסטער ווערען בעלויכטען).

ה׳ גרויסגליק (מיט שרעק): וואָס איז דאָס אייגענטליך פאַר אַ מוזיק אין פענסטער (צו וואַנדען) זעה דאָך, טאָכטער, וואָס פאַרע מוזיק פלוצלונג?

וואַנדע: איך האָב מורא אין פענסטער צו קוקען. פּאַפּאַ.

ה׳ גרויסגליק (אויפגערעגט): דו האָסט מורא, פאַר וואָס האָסט דו דען מורא? מיר זענען דאָך אין צימער.

וואַנדע: אָבער אין פענסטער צו קוקען.

זאָשע: איך האָב נישט קיין מורא. איך וועל אין פענסטער ארויסקוקען (וויל אהין לויפען).

ה׳ גרויסגליק: אָבער קינד (וויל זי איינהאַלטען).

זאָשע (לויפט צום פענסטער, קוקט ארויס. מיט פרייד): אָבער זעהט... אָבער זעהט... (פּאַטשט זיך אין די הענד) אַ יום־טוב געגענאיבער, אין רעסטאָראַן, אַזוי פיעל געסט, פּאָרלעך טאַנצען. מען דערקענט עס דורך די גאַרדינען, קומט דאָך אַהער, אַ יום־טוב. האָכצייט וואהרשיינליך, אַזוי פיעל מענשען שטעהען, זעהט דאָך דעם טאַנץ.

(ה׳ גרויסגליק מיט וואַנדע געהען אהין צום פענסטער, קוקען ארויס).

ה׳ גרויסגליק (אויפגעמונטערט): אָבער זעהט דאָך, דאָס איז דאָך רעכט אַמיזאַנט.

וואַנדע: זעהט דאָך, זעהט דאָך. די פּאָרלעך, וואָס טאַנצען פאַר די גאַרדינען פאַרביי, די

שאַמפּאַן-פּלוטעקעס, ווי נאַריש דאָס זעהט דאָך אוים. און כלי-זמרים זעהט, דער קורצער מיט די גרייסע פּויק, און דער הויכער-לאַנגער מיט דעם טראָמפּייטער. שווייגט, יעצט וועט עס זיין אינטע-רעסאַנט.

זאָשע: די מאַדאַם טראָגט די געסט כבוד אויף. דאָס דאַנקען זעהט. דאָס פריילין פאַרנייגט זיך. שווייגט. מיר איז דאָך בעקאַנט דאָס פריילין. די כלה וואָלט איך געוואָלט זעהען.

וואַנדע: און איך וואָלט געוואָלט דעם חתן זעהען. זיי מוזען ערגעץ וואו זיצען צווישען די ווינקליך (די מוזיק הייבט אָן צו שפּיעלען) נון, יעצט בעגינט עס ווידער, דאָס טאַנצען פאַר. זעהט דאָך דעם הויכען מיט די קורצע דיקע דאַמע.

מיטע (קומט אַריין פון איהר צימער, זי לאַכט וועהר אין דער שטיל, מיט אַ פרעהליך בענקענדעס געזיכט. זי איז אַ נידריגע מיט איידעלע געיחוס'טע גליעדער. טראָגט אַ שוואַרץ זיידענעם קלייד): אַך, ווי פרעהלעך דאָ איז, מוזיק שפּיעלט.

אַלע: אַך, מיטע, קום דאָך אַהער, זעה דאָך דאָס טאַנצען (מיטע שווייגט) יעצט בעגינט די מוזיק אַזאַ טרויעריגעס (די מוזיק שפּיעלט צום בעדעקענס).

זאָשע: וואָס איז דען דאָס אייגענטליך, פּאַפּאַ.

ה' גרויסגליק: דאָס איז דער זעגען פאַר די חופּה.

מיטע: אַך, (רעדט מיט'ן טאַקט פון די מוזיק דעם נגון צו בעדעקענס) איך האָב איין וואונדערבאַרען טרוים געהאַט. איין וואונדערבאַרען... מאַמע איז צו אונז צו גאַסט געקומען און מאַכט דאָך גאַר-נישט דעם איינדרוק ווי זי וואָלט געוועזען געשטאָרבען... גאַנץ אַזוי שען און אַזוי יונג, ווי זי איז אויף די אָסטענדער פאָטאָגראַפיע... און טראָגט איין זעהר לאַנגעם זיידענעם העלעם קלייד, מיט אַ לאַנ-גען שלעפּער. אין די פּערלין געשמיקט. אין די האָר ווייסע, ווייסע חריזענטעמען... אָבער אַ זעלכע גרויסע פון די וואָס זי ליעבט אַזוי זעהר, און זי איז אַזוי פרעהליך און ביי אונז איז עס אַזוי ליכטיג, אַלע עלעקטרישע לאָמפּען ברענען זיך, און אַזויפיעל יונגע מענשען זענען דאָ. די פאָרנעמסטע יונגע לייט פון די אומגעגענד. און מיר אַלע זענען אין ווייסען אָנגעצויגען. ביי אונז איז אַ גרויסער, גרוי-סער פּעסט... אַלע צימערן זענען בעלויכטען... מאַמע זיצט ביים פּיאַנאָ און שפּיעלט אַ וואַלצער, און אַזוי פיעל פּאָרליך טאַנצען אין זאַל (זי זעצט זיך נעבען פּיאַנאָ און הייבט אָן צו שפּיעלען) אָט דעם וואַלצער שפּיעלט די מאַמאַ.

זאָשע (האַפּט וואַנדען): שפּיעל דאָך מיטע, מיר טאַנצען.

(טאַנצען וואַלצער).

ה' גרויסגליק (קוקט זיך צו): אַזוי, זייט דאָך פרעהליך אַמאָל טעכטער. שוין לאַנג אַז ביי אונז איז נישט געשפּיעלט געוואָרען.

זאָשע: ווייסט איהר וואָס, לאָזען מיר זיך שפּיעלען היינט אַ באַל מאַכען. מיר אַליין וועלען זיין די געסט. אַז עס קומט קיינער נישט צו אונז.

וואַנדע: ניין, ניין. מיר וועלען מיטשפּיעלען די חתונה, וואָס איז דעראיבער. וואָס זיי

װעלן שפּילען, װעלען מיר טאַנצען.

ה' גרױסגליק: דאָס איז אַ גלענצענדע אידעע. װײַן האָבען מיר.

װאַנדע: אין דעם אַלטען ענגלישען סערװיז.

זאָשע (נעהמט אַרױס דעם סערװיז פֿון קרעדענס, גרױסגליק ברענגט דעם װײַן): זעהט דאָך, װי פֿער-שטױבט ער איז... װי לאַנג איז ער שױן נישט געברױכט געװאָרען?

ה' גרױסגליק: צײַט מאַמאָס לעצטער געבורטס-טאָג. (גרײַטען צום טיש, װישען די גלעזער, גיסען אין דעם װײַן).

זאָשע (שפּילט די ראָלע פֿון די װירטהין, טראָגט צו אַלע װײַן): ביטע פֿרײַלײַן... ביטע. אך דעם אַלטען העררן גרױסגליק װעל איך זעלבסט בעדינען. קעלנער דאָ — (דערלאַנגט דעם פֿאָטער װײַן).

(די מוזיק הײבט אָן צו שפּילען דעם מאַרש פֿון חופּה-פֿיהרען. די פֿענסטער װערען זעהר בעלױכט).

ה' גרױסגליק: יעצט אױפּפּאַסען, אױפּפּאַסען. מען פֿיהרט חתן-כּלה צו דער חופּה.

זאָשע: מוזען מיר דאָך ליכט אין די הענד נעמען, עס איז דאָך צו דער חופּה.

(נעמען ליכט אין די הענד, און געהען צו פֿאַרליך איבער'ן צימער, װי זײ װאָלטען צו חופּה געגאַנגען).

אַלע: מיר פֿיהרען חתן-כּלה צו דער חופּה. (די מוזיק פֿערשװײַגט געגענאיבער).

ה' גרױסגליק: אָבשטעלען זיך. יעצט דער העכסטער מאָמענט, אױפּפּאַסען. יעצט איז די מרױאַונג. (שטעהען אַלע אין מיטען שטוב מיט די ליכט אין די הענד און זעהר אַנ'ערנסטע מינע. פּאַסען אױף — פּלוצלונג דערהערט מען פֿון דערװײַטער די מוזיק שפּילט דעם מאַרש פֿון נאָך דער חופּה — אַ גרױס געשרײ — מזל-טוב! מזל-טוב!

אַלע: מזל-טוב, מזל-טוב. (צעקושען זיך, װינשען זיך. זאָשע פֿיהרט די געסט צום טיש).

זאָשע: נו, ביטע מײַנע פֿרײַלײַנם. ערלױבען זי דאָך צו טיש, צו טיש... (זעצען זיך אַלע אַרום דעם געדעקטען טיש, נעמען די גלעזלי, װינשען זיך, צעקושען זיך).

אַלע (צום פֿאָטער): אָבגעשפּילעט (פֿאַלען אַלע אַרױס מיט אַ געלעכטער) חאַ, חאַ, חאַ...

(די טהיר עפֿענט זיך פּלוצלונג, אין די טהיר ערשײַנט לעאָן אין פֿראַק אין צילינדער-הוט, הינטערען אָרים ראָזע אין װײַסען קלײד. די טאַנטע פֿאַר זײ, הינטער זײ געסט).

טאַנטע (צו ה' גרױסגליק, װײַזענדיג אױף'ן פּאָר): מזל-טוב, דײַן זוהן האָט חתונה-געהאַט און קומט צו דיר נאָכ'ן פֿאָטער-זעגען.

פֿאָרהאַנג.



ביי בּאָרענשטיין רעסטאָראַטער אין פּריוואַט־וואָהנונג, אַ ענג צימער׳ל, צוויי פענסטער פערהאַנגען, אָנגעשטעלט פול מיט מעבעל, צוויי בעטען הויך אויפגעבעט מיט בעט־געוואַנד, אַ שייבענשענקעל פול מיט זילבער, לינקס אַ טיהר וואָס פיהרט אין די רעסטאָראַציאָנס־שטובּען אַריין. פון דרינען הערט זיך אַ רעש און אַ רויך פון פּאַפּיראָ־סען, פון די ווירטשאַפט זעהט מען יעדעס מאָל ווען מען עפענט די טיהר: טיש, קאַנאַפּע, שטילען אַרום. לעאָן זיצט ביים טיש לאַנגווייליגט זיך, עס קומט אַריין די

מ ו ט ע ר (אַבּרייטע דיקע פרוי מיט אַפּאָר וואָרצעלעך אויפ׳ן פּנים, האַלט אַ טעלעריל מיט געפּרעגעלטע לעבּערלעך אין די האַנד, קוקט זיך אום, געהט צו צו לעאָן׳ן צוריק־האַלטענדיג זיך): הער... לעאָן... ליי־בער לעאָן... אַפּאָר לעבערלעך ערשט יעצט אָבגעפּרעגעלט פון די פרישע גענז, זעה דאָס שמאַלץ טריפט פון זיי; מעדני מלכים, (שטעלט עס פאַר איהם) עס לעאָן לעבען... עס זאָל דיר זיין צום געזונד.

ל ע אָ ן (אויפגערעגט): איך דאַנקע... מאַם...ע, איך דאַנק, איך וויל נישט...

מ ו ט ע ר: פאַר וואָס, לעאָן לעבען? פאַרשעם דאָך נישט מיינע געניזענע לעבערלעך, זעהסט דאָך געבעך אַזוי שלעכט אויס, אַ יונגערמאַן נאָך דער חתונה... דו דאַרפסט דיר דאָס האַרץ צו דער־האַפּען, פערזוך דאָך, לעאָן לעבען... דו עסט דאָך גאָרנישט... נו, לעאָן לעבען, מיין קינד... אונזער (ליעבליך) מען וועט דיך שוין נישט פון אונז אַוועק נעמען... פערפאַלען... ביזט שוין אונזער קינד... אונזער... נאָך חופּה וקידושין... (וויל זיך דערנעטערן צו איהם, לעאָן האַלט זי מיט אַמאָך פון האַנד צוריק).

(עס קומט אַריין דער אַלטער בּאָרענשטיין מיט אַ טעלעריל).

פ אָ ט ע ר: פערזוך פון די פופּעקלעך. לעאָן, לעב... אַזעלכע פופּעקלעך נאָך נישט דאָ

נעווען, פֿון די פֿרישע נענו... (דערזעהט דאָס ווייב) די געסט דרעהען זיך דרינגען אַרום, עס האָט זיי קיינער נישט צו בעדיענען און זי איז גאָר דאָ... געה אַריין, די געסט געהען אוועק... (גרייט צום טיש פֿאַר לעאָן קעלנער-מעסיג) שאַדט נישט, לעאָן, וועסט דיר דאָס האַרץ דערחאַפּען דערמיט, נו פּערזוך.

מוטער: נאָכגעקראָכען מיר דער אַלטער, אומעטום וואו איך געה קריכט ער מיר נאָך, האָב נישט קיין מורא. לעאָן וועט נישט פֿערהונגערט ווערען אָהן דיר, עס איז דאָ ווער עס זאָרגט איבער איהם.

פֿאָטער: אָבער געה אַריין... געה אַריין, די געסט געהען דאָך אוועק... ראָזע וועט דיך באַלד וואַבען, (עס קלאַפּט ווער ביים טיהר, עס ווייזט זיך אין טיהר איינער פֿון די געסט).

אַ גאַסט: וואו זענען דאָס אַלע? לאָזען די געסט אָהנע בעדינונג זיצען, פֿאַר וועמען טראָגען זיי דאָס די פֿעטע ביסענס אַריין?

ראָזע (ווייזט זיך באַלד אין טיהר. צום גאַסט): דאָ איז נישט פֿאַר קיין געסט... דרינגען... (פֿערמאַכט די טיהר נאָך איהם, צו פֿאָטער און מוטער) וואָס טהוט איהר דאָ? די געסט זענען דאָך אַליין, (זי נעמט די טעלערלעך און גיט זיי די עלטערן אָב צוריק) נעמט'ס און גייט'ס, (דער אַלטער און די אַלטע אָב מיט די מעלערלעך, צו לעאָן) נור, נור, נור נישט אויפֿגערעגט, עס שאַדט דאָך דיר צום געזונד, (נעהנטערט זיך צו איהם) עס איז דאָך פֿאַר ליעבע... די אַלטע, נו, נו.

לעאָן: אָבער.

ראָזע: שאַ, שאַ... פֿון אַ לאַדע וואָס, עס וועט שוין מעהר נישט (פֿאָכעט איהם מיט'ן האַנד פֿאַר'ן פנים) אוועקגעפֿלויגען.

לעאָן: אָבער עס איז דאָך נישט צום אויסהאַלטען... איך וויל נישט מעהר, אין דער שאַם דאָ, (ווייזט אין די צימערן אַריין).

ראָזע: (נעמט איהם אַרום) קינד איינס... אָבער צו וואָס רעגסט דו דיך אויף, עס קען דאָך דיר חלילה שאַדען. אין נאָך אַפֿאַר וואָכען... שווייג, שווייג, יאָ איך האָב דיר פֿערגעסען צו זאָגען, דער שניידער האָט דיר אָבגעבראַנגט דעם פּעלץ, ביזט געשלאָפֿען האָב איך דיך נישט געלאָזט אויפֿוועקען, וואַרט, וועסט איהם נאָר אָנטהון (זי טהוט איהם אָן דעם פּעלץ) אָט אַזוי, געה נאָר איבער די שטוב, לאָז'ן אַביסעל אָפֿען, אַז מען זאָל דעם גאָלדענעם זייגער אַרויסזעהען, וואָלסט דיך געדאַרפֿט אַביסעל אין דער שטאָדט איבערצוגעהן... עס וואָלט דיך בערוהיגט...

לעאָן: איך וועל נאָך צייט האָבען.

ראָזע: איך ווייס וואָס דאָס הייסט, אַז דו שעמסט זיך מיט מיר, דאָס וויל איך נישט, שעמען זיך מיט מיר האָסט דו נישט וואָס... איך האָב דיך נישט גענומען ווייל דו ביזט גרויסגליקס זוהן נאָר ווייל דו ביזט לעאָן, ווייל איך ליעב דיך... און האָסט דו מיך נישט גענומען ווייל דו ליבסט מיך? נאָר אַז דו זאָלסט דיך דאַרפֿען מיט מיר שעמען... וויל איך נישט... קען איך דיך פֿון געשעפֿט אַרויסלאָזען... חאָטש ווי אונגליקליך איך זאָל נישט זיין... נאָר שעמען זיך מיט מיר, וויל איך

נישט. (זעצט זיך אין אַ-ווינקעל, האַלט אַ טיכעל צו די אויגען).

לעאָן: אָבער דאָך... נישט דאָס... איך האָב דאָך נישט דאָס געמיינט... מיר האָבען דאָך געזאָלט באַלד נאָך דער חתונה נאָך פּאַריז פאָהרען... איך מיין (געהט צו צו איהר) נו... ווײַן דאָך נישט... עס קען דאָך ווער... ראָזע... גאָט ווי שלעכט מיר איז...

ראָזע: אוודאי וועט מען נאָך פּאַריז פאָהרען, איך וויל דאָך אויך (מיט אַ שמייכעלע) נו, קינד, מען דאַרף דאָך וואַרטען אַ פּאָר וואָכען, ביז מען וועט די געשעפטען אָרדענען.

לעאָן: אָבער... שטענדיג, זאָגסט דו מיר פון געשעפט, וואָס טויגען דיר די געשעפטען... לאָז זיי איבער דײַנע עלטערן.

ראָזע (געהט צו צו איהם): נאַריש קינד, אוי ביסט דו אַ נאַריש קינד... געשעפטען קען מען דאָך נישט אויף פרעמדע לאָזען, אפילו אויך אויף עלטערען נישט... און היינט איז דאָך דער בעסטער סעזאָן, פערשטעהסט, הײַנט איז דאָך יעשען, אַלע אַגענטען פאָהרען יעצט אויף זייערע רייזעס מיט סחורה, נו, וואָס פערשטעהסט דו פון דעם? נאָך אין אַ פּאָר וואָכען וועסט זעהן, לעאָן רעבען... וואו מיר וועלען פאָהרען: בערלין, פּאַריז... אומעטום, אומעטום... די טאַנטע איז נאָך נישט צוריק געקומען?

לעאָן: ווי אהין האָסט דו זי דען געשיקט? צו פּאַפּאַ? צו וואָס?

ראָזע: צו פּאַפּאַ? ווי פאַלסט דו אוים? גלאַט אַזוי, איך פרעג אויב די טאַנטע איז נאָך נישט געוועזען אויף דער נאַכט, זי קומט דאָך שטענדיג אויף דער נאַכט אַריין... אוודאי וועט מען פאָהרען... ווען? ווען? (קלעהרט) דעם פונפצעהנטען. די סוחרים פון ה' לאָוויטשער'ס וועלדער... און דערנאָך די סוחרים פון לאָן'ענט... און דערנאָך דער וואָל-מאַרק יאָ, און דערנאָך, אַזוי גרוים ווי אין פינף זעקס וואָכען אַרום יאָ, ווען געהט דער צוג אָב, איך וועל אַרײַנשיקען נאָך דעם באַהן-קאַלענדער (רופט דורך די טיהר) טאַטע... טאַטע... ווען געהט דער צוג אָב צו די גרעניץ?

פאָטער: איבער טהוירען, אָדער איבער קראָקוי?

ראָזע: איבער טהוירען, קיין בערלין?

פאָטער (זאָגט פלינק אויס'ן קאָפּ): 12—15 בײַ טאָג פּאַסאַזשיר צוג, דערנאָך 2—6 שנעל-צוג I II קלאַס מיט אַ צושלאָגס-קאַרטע, 5—50 פּאַסאַזשיר צוג I II III קלאַס, צוויי שטונדען צו וואַרטען בײַם גרענעץ... 12—30 בײַ נאַכט I II קלאַס שלאָף-וואַגאָן. בעסטע פערבינדונג, דירעקט בערלין.

ראָזע: גוט, גוט, (פאָטער אָב) מיט וועלכען צוג וועלען מיר אַרויספאָהרען?

לעאָן (נעמט אַרויס אַ-פּאַפּיער פון קעשענע): אָט האָב איך מיר שוין די גאַנצע רײַזע נאָטירט, צוועלף — דרײַסיג אָב, בײַ-נאַכט, שלאָף-וואַגאָן טרעפען מיר אָן 11—07 אַנהאַלטער באַהן-הויף. ווי ער האָט געזאָגט, האָטעל, דערנאָך מיט אויטע די שטאָדט אַרײַנציהען... זעהענסווירדיגקייטען, זיענעסאַלעע, פּאַרלאַמענט, קעניגס-שלאָס... מיטאַגע קאָמפּינסקי, קאַפּע מאַנאָפּאָל, מעטראָפּאָל קעמפּינסקי, 9—10 אָב קעלן, קעלנער דום.

פּ אָ ט עָ ר: ראָזע, ראָזע, אַ גאַסט וויל בעצאָהלען דעם רעכנונג.

ר אָ ז עָ: איין מינוט מיין לעבען... איך גערעכנט גאַנץ גוט, מיר האַלטען ביים קעלנער דום, שמרײַכ־אונטער, וואַרט איך קום שוין (אָב), (טרעפט זיך אין טיהר מיט דער טאַנטע וועלכע דער אַלטער באַרענ־שטיין לאָזט אַריין מיט גרויס רעספּעקט) אָה, די טאַנטע, וויר ביטען שען (ווינקט מיט די אויגען) נו, וואָס הערט מען?

ט אַ נ ט עָ: (ענטפערט איהם אויך מיט'ן ווינק) אַל דאָס גוטס... גאָר אויפן בעסטען וועג.

ר אָ ז עָ: פּס... פּס... גאָר נישט דאַגה'ען (הויך) איך קום שוין אַריין, לעאָן, די טאַנטע איז דאָך דאָ... איך גערעכנט, איך גערעכנט ביים „קעלנער דום" איך קום שוין אַריין (אָב).

ל עָ אָ ן (צו טאַנטע): איז די טאַנטע דריבען געווען (ווײַזט אויפן פענסטער)?

ט אַ נ ט עָ: איך קום פון דריבען.

ל עָ אָ ן: פון דריבען, נו, וואָס זאָגט פּאַפּאַ? גוט בייז אויף מיר?

ט אַ נ ט עָ: וואָס בייז. פאַר וואָס זאָל ער אַזוי בייז זיין? וואָס האָסט דו אַזאַ שלעכטעס געטוהן. ער לאָזט דיך גריסען.

ל עָ אָ ן (פערוואונדערט): ער לאָזט מיך גריסען? נון דאָס איז דאָך נישט מעגליך.

ט אַ נ ט עָ: ווירקליך ער לאָזט דיך גריסען.

ל עָ אָ ן: און וואַנדע און זאָשע?

ט אַ נ ט עָ: פרעגען אויס אויף דיר ווי דו זעהסט־אויס? וואָס דו מאַכסט? ווי דו פיהלסט דיך?

ל עָ אָ ן: וואָס האָט זיי די טאַנטע פערצעהלט אַז איך זעה גוט אויס? די טאַנטע האָט זיי בעדאַרפט זאָגען אַז איך זעה זעהר גוט אויס... אַז איך פאָהר באַלד אָב נאָך פּאַריז, פערלאָז די שטאָדט.

ט אַ נ ט עָ: איך האָב זיי געזאָגט, געזאָגט, זיי ווילען דיך אַזוי זעהען, זיי ווייסען נישט פאַר־וואָס דו קומסט נישט אַרויף.

ל עָ אָ ן: איך וויל נישט אַרויף־געהן.

ט אַ נ ט עָ: זיי זאָגען זיי ווייסען נישט פאַר וואָס דו שעמסט דיך.

ל עָ אָ ן (רויט ווערענדיג): איך שעם מיך, איך שעם מיך גאָרנישט.

ט אַ נ ט עָ: זיי זאָגען אַז דו שעמסט דיך, דורך דעם ווילסט דו נישט אַרויף־געהן, ווילען זיי אהער קומען צו דיר.

ל עָ אָ ן: זיי ווילען דאָ אהער קומען, איך וויל נישט אַז זיי זאָלען אהער־קומען, הערט די טאַנ־טע, איך וויל נישט, אַז זיי זאָלען אהער־קומען...

ט אַ נ ט עָ: אַז זיי ווילען אהער־קומען בעזוכען די שוועגערינ'ס. וואָס האָסט דו צו דעם? פאַר־וואָס ווילסט דו נישט?

ל עָ אָ ן: און ווען ווילען זיי אהער־קומען?

ט אַ נ ט עָ: היינט אויף דער נאַכט, זיי האָבען געוואָלט מיט מיר אינאיינעם קומען, איך האָב

נישט געוואָלט, איך האָב געזאָגט, אַז דו וועסט דיך דערשרעקן, אַז איך וועל דיר נישט צוערשט צוווייסן געבן.

לעאָן: נאָך היינט אויף דער נאַכט, מוז איך דאָך מיך שוין איבערטוהן... זאָלען זיי זע... (הויבט זיך אויף) יאָ און מיטע?

טאַנטע: אוי, לאָז מיך גיהן מיט די משוגענע פריצ'טע, ווי די מאַמע עליה־השלום, פון דענסטמאָל אָן האָט זי זיך איינגעשלאָסען אין איהר צימער, וויל קיינעם נישט זעהן, בלויס נאָר וואָס זי נעמט דאָס עסען זיך אַריין, און ביי נאַכט געהט זי אין מאַמאָס צימער.

לעאָן: איז זי גוט בייז אויף מיר?

טאַנטע: איך ווייס נישט, איך האָב זי נישט געזעהען, אַז זי לאָזט נישט קיינעם צו צו זיך. האָסט דו אַ געשעפט, זי וועט זיך שוין איבערבעטען, די פריצ'טע, אָבער וואַנדע מיט זאָשקען, וואווילע מיידען, זיי וועלען געוויס קומען, אודאי באַלד.

לעאָן: דאַרף איך מיך איבערצוטהון, איך וויל נישט אַז זיי זאָלין מיך זעהען אַזוי, אָבער מיטע איז בייז אויף מיר, גוט בייז? וואָס ניין? וואָס האָט זי געזאָגט? העע?

טאַנטע: אַז איך האָב נישט גערעדט.

לעאָן: האָב איך אַ זאָרג... סיי ווי סיי פאָהר איך נאָך פאַריז... אָבער וואַנדע און זאָשע, ראָזע, וואו איז ראָזע, דעם נייעם אַנצוג... (הויבט זיך אויף, עפענט די טיהר) ראָזע... (טרעט אָבער באַלד צוריק).

איינער פון די געסט (ווייזט זיך אין טיהר מיט אַ קופּעל ביער אין האַנד): זעהט'ס, זעהט'ס, דאָס איז ער דער בחור. וואָס עסט אויף אַלע פופעקלעך מיט די לעבערלעך פון רעסטאָראַן, דאָס איז ער (געלעכטער פון עולם אין רעסטאָראַן).

(לעאָן טרעט צוריק).

ראָזע (אין טיהר): וויטער שוין דאָ... אַוועק פון דאַנען... איך דאַרף שוין נישט קיין געסט היינט, ליב, בער, פערמאַכט דאָס געשעפט. איך דאַרף נישט קיין געסט היינט, (שטופּט אָב דעם גאַסט) בער, ליב אַהער (ס'ווייזען זיך צוויי הויכע שטאַרקע יונגען) ריינינגט אויס דאָס הויז. קיין פוס נישט מעהר, און פערמאַכט'ס דאָס געוועלב.

ליב, בער: גוט ראָזע, נו פאַשאָל, פאַשאָל וואָן, (שטופּען אָב די געסט, פערמאַכען די טיהר, מען הערט פון דרויסען ווי זיי ריינינגען דאָס הויז).

ראָזע: אַ אומגליק איז דאָס... נו, נו, נישט אויף לאַנג, באַלד פון דעם אַלעם פטור ווערען, (מאַכט זיך גלייך די האָהר) וואָס האָסט דו מיך גערופען, לעאָן?

טאַנטע: געסט קריגסט דו היינט, זיינע שוועסטערען (זי ווינקט) מוז ער זיך דאָך איבערטוהן.

ראָזע: אודאי, אודאי. טאַטע, טאַטע, (דער אַלטער באָרענשטיין ווייזט זיך אין טיהר) וועלבער נומער איז ליידיג.

פאָטער: נו' פינף, נו' אַכט.

ר אָ ז עָ: פֿיהר לעָאָנ׳ן נו׳ פֿינף, עֶר דאַרף זיך איבערטהון ... זעָנעָן שוין אוועָק.

פֿ אָ ט עָ ר: שוין אוועָק. (רעָר אַלטעָר מיט לעָאָנען אָב)

ר אָ ז עָ (צו די טאַנטעָ): נו, ווי האַלט עָס.

ט אַ נ ט עָ: גאַנץ גוט, עָר איז ברייט דיך צום עָמפּפֿאַנגעָן, איך האָב איהם געָגעָבען צו פֿעָר־שטעָהן, נור, קיין איינציגעָר, קיין איינציגעָר זאָל נישט וויסעָן דעָרפֿון . . .

מ ו ט עָ ר (ווישט זיך אין טיכעל אויף די שפּיץ־נעָגעָל. געָקומען אריינגעָגנבעָט): קיין איינציגעָר נישט . . . קיינער נישט . . .

ר אָ ז עָ: ווי היסט ... עָר שעָמט זיך (װינקט צו די מוטעָר) מאַמאַ געָה אַריין.

ט אַ נ ט עָ: אויף דעָרוויילע הייסט עָס, נור אויף דעָרווייל, אָבעָר עָר בעָשטעָהט אויף אַלעָם... איך האָב עָס איהם צו פֿערשטעָהן געָגעָבען, ווי די זאַך האַלט, נו, און דו ווערסט אַלעָ געָשעָפֿטעָן איבערנעָהמעָן, אויסצאָהלעָן די חובות, דאָס הויז וועָט נישט געָהן אויף קיין ליציטאַציע, וועָסט דיך אין הויז אַריינציהעָן, אַריינלייגעָן דיין געָלד אין דעָר פֿאַבריק... די פֿירמע וועָט בלייבען די זעָלבע.. דעָר אייגעָנעָר נאָמעָן... יאָ עָר בעָשטעָהט אויף אַלעָם...

פֿ אָ ט עָ ר און מ ו ט עָ ר (פֿאַלען אריין אין טיכער זעהר פאַטעָליך, אויף די נעָגעָל): עָר וויליגט איין .. ה׳ גרויסגליק אַליין, (פֿאַלעָן אַרויף אויף די טאָכטעָר) אונזעָר קינד... אונזעָר...

ר אָ ז עָ (שטרענג): געָהט יעָצט אַרויס.

פֿ אָ ט עָ ר (ווינקט צום ווייב): קום אַרויס, זי דאַרף עָפּעָס צו רעָדעָן.

מ ו ט עָ ר: אפשר ראָזע לעָבעָן, דאָס ווייַדעָנעָ קלייד, דיר אַרויסנעָמעָן.

ר אָ ז עָ: איך וועל דיר שוין שפּעָטעָר זאָגען.

פֿ אָ ט עָ ר: קום לאָז זי אַליין, זי ווייס שוין וואָס זי האָט צו טהון.

ר אָ ז עָ: אַזוי, עָר וויליגט שוין איין... עָר וועָט מיך עָמפּפֿאַנגעָן... אַזוי... נור קיין איינ־ציגעָר זאָל נישט וויסעָן דעָרפֿון... קיין איינציגעָר... ניין... געָשעָפֿטעָן איבערנעָמעָן, און חובות אויס־צאָהלעָן, יאָ, געָלד — יאָ, נור קיין איינציגעָר זאָל נישט וויסעָן דעָרפֿון, קלוגעָ לייט, קלוגעָ...

ט אַ נ ט עָ: וואָס?

ר אָ ז עָ: גאָרנישט, איך געָה נישט אַריבעָר... איך נעָם אַזאַלכעָ געָשעָפֿטעָן נישט איבעָר, עָס איז נישט פֿאַר מיר.

ט אַ נ ט עָ: ווי הייסט ... וואָס מיינסט דו?

ר אָ ז עָ (רוהיג): גאָרנישט... מיר זעָנעָן שוין דריבעָן געָוועָן, ביים שוועָר, איך מיט לעָאָנ׳ן, נאָך דעָר חופּה, ווען זיי זעָנעָן זיך צולאָפֿעָן, און האָבעָן אונז אַליין געָלאָזט... יעָצט זאָל דעָר שוועָר, צו אונז צו גאַסט קומעָן... מיר געָהעָן נישט אַריבעָר...

ט אַ נ ט עָ: וואָס האָסט דו געָזאָגט ... ה׳ גרויסגליק, דאָ אהעָר? אין די רעָסטאָראַציאָן?... דאָ?...

ר אָ ז עָ: יאָ, יאָ... צו זיין מהותן דוד גאָרקעָבעָר צו גאַסט...

טאַנטע: איך זעה, זי האָבען אפּנים פֿערגעסען וועד ה׳ גרויסגליק איז — ניע, נימאַלס! די פֿאַמיליע גרויסגליק׳ס.

ראָזע: איך האָב נישט פֿערגעסען, ווער די גרויסגליק׳ס זענען, איך ווייס גאַנץ גוט, ווער דער ה׳ גרויסגליק איז... איך בין אַ היגע... און ווייס אויך גאַנץ גוט ווער די גאָרקעבערס זענען... און דערפֿאַר וויל איך טאַקע אַז דער ה׳ גרויסגליק זאָל קומען צו די גאָרקעבערס צו גאַסט... און נישט ווי די טאַנטע האָט עס פֿאָרגעסטערן געוואָלט.— איך זאָל מיך אַריינצזיהען צו זיי שטילערהייט... אַז קיינער, קיינער זאָל נישט וויסען... מען וועט מיך בעהאַלטען פֿאַר מענשען... איינציגוויים... איינציגוויים וועט מען מיך צום טיש צו לאָזען... פֿאַר חרפּה וועלען זיי זיך פֿאַר די געסט רייטלען, און מיין געגענוואַרט, אַזאַ שנור... נור איינציגוויים... איינציגוויים, ביז איך וועל מיך גוטע מאַניערען אויסלערנען... און דערנאָך זאָלען די לייט זאָגען, זעהסט דו ווי זי האָט זיך אַריינגעגנבעט אין די משפּחה אַריין... אָ, ניין, אַריינגנבענען וויל איך נישט... שטעה איך זיי נישט אָן פֿאַר קיין שנור, קען איך זיי פֿון געשעפֿט אַרויסלאָזען... און די מומע אויך. אַזאַלכע געשעפֿטען נעם איך נישט איבער... שעמען זיך איז נישט דאָ וואָס...

טאַנטע: אָבער, זי, ה׳ גרויסגליק איז דאָך דער גרויסגליק... חאָטש ער איז געפֿאַלען, חאָטש זיי קענען זיך שוין נישט קיין עצה געבען... ווייל עס איז ביי זיי קיינער נישט דאָ, ווער עס זאָל די געשעפֿטען פֿיהרען... אָבער דער נאָמען אין די וועלט... די משפּחה... איך זעה, זי האָבען עס פֿערגעסען...

ראָזע: ניין, גאָרנישט פֿערגעסען, פֿאַר דעם לייג איך דאָך אַריין מיין גאַנץ פֿערמעגענס, אַלעס וואָס איך און מיינע עלטערן האָבען געהאָרעוועט צוואַנציג יאָהר... אַ גאַסט געקומען דעם קישען פֿון קאָפּ איהם אוועקגעגעבען, דעם ביסען פֿון מויל, געזאַמעלט אַ גראָשען צו אַ גראָשען, און אַז איך האָב חתונה געהאַט מיט גרויסגליקס זוהן האָב איך נישט חתונה געהאַט אַז עס זאָל קיינער נישט וויסען, נאָר אַלע! אַלע, די גאַנצע וועלט זאָל עס וויסען, פֿאַרדעם האָב איך חתונה געהאַט מיט גרויסגליקס זוהן, און נישט מיט יעקעל פֿורמאַן אָדער מיט לייבעל פֿישער, וועלכע וואָלטען געאַרבייט אויף מיר און איך וואָלט ווי אַ פּריצטע אין דער היים געזעסען... לעאָן וועט נישט אַרבייטען אויף מיר... נישט די האַנד אין קאַלטען וואַסער שטעקען... די גרויסגליקס זענען נישט געוואָהנט צו אַרבייטען... דאָס ווייסט די טאַנטע אויך גאַנץ גוט...

טאַנטע: איך ווייס נישט איינגענטליך וואָס דו ווילסט? ער איז דאָך דיך ברייט צום עמפּפֿאַנגען, אין זיין הויז דיך אויפֿצונעהמען, פֿאַר אַ שנור דיך אַנערצוקענען... וואָס ווילסט דו נאָך איינגענטליך?

ראָזע: נאָר ניעמאַנד זאָל עס וויסען, וואָס, בעהאַלטענערהייט, ווי זיינע טעכטער עס טהוען... קומען אַריין בעהאַלטענערהייט... נאָר קיינער זאָל נישט וויסען... פּאַפּאַ זאָל נישט וויסען, לעאָן זאָל נישט וויסען... ניין, מיך וואָרימט דאָס נישט...

טאַנטע: וואָס האָסט דו געזאָגט, זיינע שוועסטערען קומען אַריין דאָ, בעהאַלטענערהייט, וועמענס שוועסטערען?

ראָזע: לעאָנ׳ס שוועסטערן... וואַנדרע און זאשע, קומען אַריין דאָ יעדען שבת אויף דער נאַכט, ווען די יונגע טאַנצען מיט די מיידען, חבר׳ן זיך מיט מיינע קווינען. מיט ליב, מיט בערן, און אַז איך וויל זיי אַריינפיהרען צו לעאָנ׳ן, — אָה, ניין, בעהאַלטען זיי זיך — שעמען זיך, לעאָן זאָל נישט וויסען — פּאַפּא זאָל נישט וויסען, שעמען זיך, און קומען דאָך אַריין...

טאַנטע (פערוואונדערט): קומען זיי אַריין, דאָ? גרויסגליקס טעכטער?..

ראָזע: וואונדערט זיך די טאַנטע.. עס שטעהט זיי נישט אָן... איך ווייס נישט ווער עס האָט אין ווערמען אַ שלעכט געשעפט געמאַכט... געגנוג גערעדט... איך זאָג די טאַנטע קלאָרע און אָפענע דבורים, וויל די מומע אַז איך זאָל דאָס געשעפט איבערנעמען, אויסצאָהלען יעדען וואָס עס קומט, (ווינקט אַקצענטירענדיג) און די מומען אויסצאָהלען איהר טייל, אין געשעפט, און פיהרען ווייטער די פאַבריק, מוז דאָס אויפהערען, הינטען אַרום, קיינער זאָל נישט וויסען, צו שעמען זיך איז נישט דאָ וואָס... אָדער יאָ... אָדער נישט...

טאַנטע: איך וועל נישט דאָ דעם ה׳ גרויסגליק אַריינברענגען..

ראָזע: ווי די טאַנטע וויל... איך האָב דאָ אַ גאַנץ גוט געשעפט אויך — די גאַרקיך טראָגט גאָט צו דאַנקען גאַנץ-שיין.

טאַנטע: אָבער בערעכען דאָך... דער ה׳ גרויסגליק... דאָ, וואָס טהוט זיך מיט דיר?

ראָזע: אַלעס שוין איבערגערעכענט... ה׳ גרויסגליק... די פאָרנעמסטע פאַמיליע... דער נאָמען אין די וועלט... צו די גאָרקעכערס... אַלעס בערעכענט... ווי די מומע פערשטעהט... צו רעדען לאַנג איז נישט דאָ וואָס... לעאָן ווערט באַלד אַריינקומען, ער דאַרף נישט וויסען דערפון.

טאַנטע: אָבער גאָט, גאָט, וואָס טהו איך? וואָס טהו איך?

ראָזע: ווי די מומע פערשטעהט... מיר איז עס גאַנץ-גלייך... מיר האָבען גאָט צודאַנקען פון וואָס צו לעבען...

טאַנטע: גרויסגליק, גרויסגליק׳ס הויז... דער אָבשטאַם פון דעם זעליגען גרויסען נאַטאַן... ווי לייג איך איהם גאָר דאָס פאָר?

ראָזע: דאָס איז שוין די מומעס זאַך... פאַר דעם נעמט די מומע געלד, ווען מען וויל פערדינען מוז מען אַרבייטען... געלד איז טייער, זעהר טייער... אַזוי לייכט קומט עס נישט אָן, מען מוז עפּעס דערפאַר טהון.

טאַנטע: צו דעם האָבען זיך די גרויסגליק׳ס דערלעבט (צו ראָזען) יאָ, יאָ, איך וועל עס טהון... סיי ווי סיי האָבען מיר זיך שוין די פנימער איינגערעכט... אַז שוואַרץ זיין — זאָל דאָס גאַנצע פנים שוואַרץ זיין.

ראָזע: אויס אויס בעהאַלטענערהייט... איך האָב חתונה געהאַט מיט לעאָנ׳ן בחופה וקדושין, ווי אַ אידישע באָבער (עפענט אויף די טיר׳ן און רופט), מאַמע, מאַמע, (צו די טאַנטע. וועלכע קוקט אויף איהר פערוואונדערט) אָפען פאַר די גאַנצע שטאָדט, נישט דאָ זיך וואָס צו בעהאַלטען, (צו די עלטערן) וואַשט אייך אָב, טהוט אייך אָן, דער מחותן ר׳ אָשר גרויסגליק קומט היינט, צו אייך צו גאַסט,

בראַט אָב דעם אינדריק, מאַמע, און זאָג די יונגען — אַז זיי זאָלען זיך אָנטהון די יום-טוב'דיגע-אַנ-צוגען, — און דאָ אַריין ... אַלע דאָ אַריין ... נישט דאָ מיט קיינעם זיך צו בעהאַלטען . . . (עפענט אויף די לאָדען) אַלע זאָלען זעהן, די גאַנצע שטאָדט זאָל זעהן אַז ר' אשר גרויסגליק, איז היינט ביי זיין מחותן ר' דוד גאָרקעבער צו גאַסט, (צו די טאַנטע) און די טאַנטע וועט אַריבערגעהן נאָך איהם.

מוטער: פס ... פס ... שווייג ... (זי מאַכט מיט די האַנד) זענען דאָ ...

פאָטער: וואָס היסט דו זי שווייגען ... זי ווייסט בעסער וואָס זי האָט צו טהון ...

מוטער: פס ... שווייג ... זענען דאָ ... דרינען ...

ראָזע: ווער איז דאָ? אַלע זאָלען זיין, נישט קיין חלוק ...

מוטער: זיי, זיינע שוועסטערן, די פריילײנ'ס גרויסגליק ...

ראָזע: זאָלען זיי זיין, (געהט אַריין צו זיי אין צווייטען צימער) אַח, גוטען אבענד ... פראָשע, ניעך פאַניע פאָזוואַלאָן ... (עס קומען אַריין וואַנדע און זאָשע, דערזעהען די טאַנטע, מאַכען אַ שריט צוריק).

ראָזע: ביטע, ערלויבען זי, זעטצען זי זיך ... לאָז זיך די טאַנטע זעצען ... טאַטע, טאַטע, רוף אַריין לעאָנ'ן.

טאַנטע: איך דאַנק, איך איל מיך, אַ גוטע נאַכט, איך וועל באַלד קומען ...

ראָזע: לויפט שוין די מומע ... האָט אודאי עפּעס וואָס צו בעזאָרגען ... אַ שאָד אַזוי פלינק ... אפשר דאָך, לאָז זיך די מומע זעצען ...

טאַנטע: אביסעל שפּעטער, איך וועל באַלד קומען, איך דאַרף נאָך עפּעס וואָס צו בעזאָר-גען ...

ראָזע: אַ שאָד, אַזוי, אָבער די מומע וועט שפּעטער קומען ... גוט ... אַ גוטע נאַכט, אַ גוט יאָהר (בעגלייט זי אַרויס, די טאַנטע אָב) איך בעט איבער איך בין אַזוי אָנגעטהון, ביים געשעפט קען מען זיך נישט עטוואָס פיינערס אָנציהען ... איך בעט זעהר איבער, איך וועל נאָר אַ אַנדער קלייד אַריבערוואַרפען, (רופט אין די טיר) טאַטע, טאַטע, רוף אַריין לעאָנ'ן, איך קום שוין צוריק, (דער פאָטער פון די אינוועניגסטע צימערן) שוין, שוין, איך קום שוין צוריק אַריין (געהט אָב).

וואַנדע: אָבער מען דאַרף דאָך נישט.

זאָשע (לוסטיג): אָבער זאָל די שוועגערין דאָך בלייבען ... מיר געהען דאָך אויך נישט בעסער אָנגעצויגען ... (ווייזט איהר קלייד).

וואַנדע (שטופּט זי).

זאָשע: איך שעם מיך נישט ... עס איז דאָך אונזער שוועגערין ...

ראָזע: אָבער דאָך ... נו, אַזוי גלייך ... איך וועל מיר נאָר אַנ'אַנדער קלייד (אָב אין טיר) לעאָן, זעהסט, דיינע שוועסטערן זענען געקומען צו גאַסט, ווייל אַ רגע דיינע שוועסטערן ... איך קום שוין אַריין.

ראָזע: (פיהרט אַריין לעאָנ'ן, וועלכער האַלט זיך צוריקהאַלטענדיג) אויף איין מינוט נאָר, איך בין שוין דאָ ... (אָב, לאָזענדיג זיי אַליין).

זאָשע (מיט פּריער): לעאָן, אַך לעאָן (דרייט צו צו איהם) וואָס מאַכסט דו? ס'איז דיר גוט דאָ?

לעאָן (ברוגז'דיג): איך ווייס נישט... צו וואָס זענט עטץ אהער געקומען?

וואַנדע: מיר האָבען דיך געוואָלט בעזוכען, אַזוי נעמסט דו אונז אויף? שיין גאסט־פריינדליך ביזט דו?

לעאָן: אָבער צו וואָס זענט עט'ז אהער געקומען?

זאָשע: צו וואָס? מיר זענען גאָרנישט געקומען צו דיר. מיר זענען געקומען צו אונזער שוועגערין צו גאַסט.

לעאָן (פערוואונדערט): צו די שוועגערין?

וואַנדע: קום זאָשע, זעה ווי ער בעהאַנדעלט אונז.

זאָשע: מיר זענען נישט צו איהם געקומען... מיר זענען צו די שוועגערין געקומען.

לעאָן (פערוואונדערט): צו די שוועגערין?

זאָשע: יאָ, צו די שוועגערין?

לעאָן: ווי הייסט, צו די שוועגערין?

זאָשע: און די שוועגערין מיט דיר וועלען זיך צו אונז אריבערציהען, אין די וואָהנונג, איהר וועט ביי אונז וואָהנען... יאָ, די טאַנטע האָט געזאָגט, זי וועט די געשעפטען איבערנעמען — איך האָב עס אליין געהערט.

לעאָן: ביי אונז וואָהנען. איך מיט איהר? געשעפטען פיהרען? ווער האָט עס געזאָגט? ניין, אין פּאַריז? בערלין?

זאָשע: איהר פאָהרט נאָך פּאַריז, ווען? נעמט'ס מיך מיט.

לעאָן (פערגעסענדיג, איבערענדערט דעם טאָן): יאָ, מיר פאָהרען נאָך פּאַריז, מיר וועלען דאָ נישט וואָהנען... מיר ציהען זיך אוועק פון דאַנען.

זאָשע: אין בערלין וועט עטץ אויך זיין?

לעאָן: אָבשטייגען. האָט זי געזאָגט, די טאַנטע, אז מיר וועלען דריבער וואָהנען, ביי אונז, אָ, עס איז נישט וואָהר.

זאָשע: אַזוי האָט זי געזאָגט. זעהט'ס נאָר, דו הערסט, וואַנדע, זיי פאָהרען נאָך פּאַריז.

וואַנדע: לאָז מיך געהן, איך בין ברוגז אויף איהם... ער בעליידיגט אונז.

זאָשע: האָסט דו אַ זאָרג, ער איז דאָך אַ משוגענער (צום ברודער) נו, און ווי געהט עס דיר? עס איז דיר גוט דאָ? זיי בעהאַנדלען דיך גוט דאָ? זענען גוטע מענשען, ס'וואָהר?

וואַנדע (וועלכע בעקוקט דאָס חירטשאַפט): זעה נאָר, ווי דאָ זעהט אוים. די בילדלעך — אַזוי אַלט בעל־בתיש, און די בילדלעך אויפ'ן וואַנד... זעה נאָר, דאָס קאַנווע אויסגענייעכט'ס פאָלקס־טהימליד.

זאָשע: און אַזאַלכע הויכע בעטען מיט אַזוי פיל בעטגעוואַנד, גיב נאָר אַ קוק ווי הויך

דיִ בעטען זענען געבעט... דאָ מוז זיין ווארעם צו שלאָפען, ס'וואָהר לעאָן? און ביי אונז איז אזוי קאַלט צו שלאָפען, פון אלע פענסטער ווייהען ווינדען.

וואַנדע: ווען איך האָב אזא דיקע דעק וואָלט איך אַ גאַנצען טאָג געלעגען אין בעט הינטער די דעק, און וואָלט זיך געוואָרעמט.

לעאָן: און מיטע האָט געוויינט, יאָ, וואַנדע?

וואַנדע: ניין, געוויינט האָט זי נישט... זי האָט זיך נאָר געוואונדערט... זעהר געוואונדערט, אז דו האָסט שוין חתונה געהאַט... און זי איז אויף די חתונה נישט געוועזען... און קען די שוועגערין נישט... זי ווייזט זיך יעצט ווינציגער פון איהר צימער.

לעאָן (אין דער שטיל מיט שרעק): און די מאַמאַ הערט מען ווידער.

וואַנדע: איך הער די מאַמאַ יעצט זעהר זעלטען... נאָר טייל מאָל, צייטענווייז, דאַכט זיך, הער איך איהרע טריט... נאָר מיטע זאָגט, אז זי הערט זי יעצט יעדע נאַכט. אז זי קומט אין איהר צימער יעצט יעדע נאַכט און דרעהט זיך אַרויף און אַראָב... מיטע נעכטיגט יעצט יעדע נאַכט ביי מאַמאַ אין צימער.

לעאָן: זי זעהט זי?

וואַנדע: איך ווייס נישט, זי פערצעהלט גאָרנישט, מיטע

לעאָן: זי מוז זעהר בייז זיין אויף מיר, מאַמאַ...

וואַנדע: מיר דאַכט זיך אזוי... ווארום צייט דו האָסט חתונה געהאַט, האָט זיך מאַמאַס פנים אויף די פאָטאָגראַפיע געענדערט... עס איז טרויריגער און שטילער געוואָרען—ס'וואָהר, האָבען מיר עס בעמערקט, זאָשע?

זאָשע: יאָ, דאַכט זיך אזוי, מיטע פערצעהלט עס.

לעאָן: מיר דאַכט זיך אויך, אז איך קוק אַרויס דורכ'ן פענסטער, אריבער אין די פענסטער צו אונז, (ער עפענט די פאָרהאַנג) זעהט'ס אזא שווארצע טונקעלקייט קוקט אַרויס פון די שווארצע גרויסע פענסטער, מיר דאַכט זיך אז אַ געשטאָרבענער דרעהט זיך דאָרט אין די שטובען אַרום... איך קען טייל מאָל אַ גאַנצע נאַכט נישט שלאָפען...

זאָשע: אָרימער לעאָן, (עס קומען אַריין ליב און בער, צוויי הויכע שטאַרקע יונגען אָנגעטוהן אין נייע אנציגע מיט זייגערס איבער די וועסט, הויכע שטיוועל, פערקעמט וואוילערלייש מיט אַ לאָק, פיהלען זיך ביידע אונהיימליש, וויסען נישט ווי צו בעוועגען מיט די הענד, שטעהען ביידע אין טיר, נישט שמיאַלע, „ליב" דער יונגערער זעהר שעמעוודיג, דאָס געשפרעך ווערט איבערגעבראָכען, פערווירט, זאָשע מיט וואַנדען קוקען אויף זיי מיט גרויס נייגעריגקייט און פרייד).

זאָשע: גיב נאָר אַ קוק בער און ליב איז דאָך דאָ, זעה נאָר וואָס פאַר פיינע וועסטלעך זיי זענען אָנגעטהון...

וואַנדע (האַלט זי איין): זאָשע...

זאָשע: גוט נ'אבענד ליב, גוט נ'אבענד בער, וואָס מאַכט עטץ?

וואנדע: זאשע.

לעאָן (אויפגערעגט): פון וואַנען קענט איהר זיך מיט זיי?

ליב: ראָזע האָט אונז געהייסען דאָ אַריינגעהן, (בער ציהט איהם ביים אַרבעל).

לעאָן (האפט זיך אויף): געהייסען איך דאָ אַריינגעהן, (עפענט אויף די טיר) הער... ראָזע...

ראָזע (פון די אינוועניגסטע טירען): באַלד לעאָן.

לעאָן: אָבער, (לויפט ארויס).

ליב (חערט צעמישט, וויל אַרויסגעהן נאָך לעאָנ'ן).

בער (האפט איהם ביים ארבעל): בלייב ברודער, האָב קיין מורא... מען האָט דיך געהייסען אַריינגעהן, געה.

זאשע: פאַר וואָס ווילען זיי אַנטלויפען, ליב, עס איז דאָ נישט גוט מיט אונז? שעמען זיי זיך נישט, (צו וואַנדע:) זעה נאָר, ווי ער איז רויט געוואָרען, וואַנדע, ווי ער שעמט זיך... וואָס פאַר רויטע באַקען ער האָט געקריגען, (זי געהט צו צו איהם) זיי שעמען זיך, ליב, יאָ? און פאַר וואָס שעם איך מיך נישט?

וואנדע: זאשע, געדענק אָן גאָט!

זאשע (נעמט איהם אָן ביי די האנד): אָח, וואָס פאַרע הענד, אַ נו, ווייזען זיי נאָר איהנ'ס מוסקולען, ווער האָט שטאַרקערע, איך צו זיי? (טאפט זיך איהרע און זיינע), און זיי (צו בער'ן), און זיי (טאפט בער'ס מוסקולען) נו, ווער פון אייך ביידע איז שטאַרקער...

וואנדע: אָבער זאשע... בעדענק.

זאשע: הער אויף, אַ נו, זאָגען זיי, ווער איז שטאַרקער, הע, בער.

בער (דרעהט זיך די וואָנסעס): איך ווייס נישט.

זאשע (צו ליב'ן): און פאַר וואָס ענטפערען זיי נישט, זיי שעמען זיך? (צו וואַנדען) זעה, ווי ער איז רויט געוואָרען, און וואָס פאַרע גלאַנצענדע אויגען ער האָט.

וואנדע: אָבער זאשע.

זאשע: האָב איך אַ זאָרג (בעקוקט ליב'ן פון קאָפּ ביז פוס) זיי האָבען אַ נייעם אַנצוג (נעמט איהם אָן ביים קיטעל) און אַ זילבערן קייטעל, פון וועמען האָבען זיי עס געקריגען? פון אַ כלה, יאָ?

ליב (שמייכעלט).

זאשע: זעה, וואַנדע, ווי ער שמייכעלט, טויזענד חן האָט ער, איך וואָלט איהם זיינע גלאַנצענדע אויגען אַרויסגעקושט.

וואנדע: אָבער זאשע, נעדענק אָן גאָט.

זאשע (צו ליב'ן): וויפיעל יאָהר האָבען זיי, הא?

ליב (פערשעמט): חול-המועד פסח ווער איך צוואַנציג יאָהר.

זאשע: איך אויף שבועות אַכטצעהן יאָהר, חלעבען-- (פויזע). און אַ כלה האָבען זיי שוין, יאָ?

ליב (שמייכעלט, ענטפערט נישט).

זאָשע (צו בער'ן ווייזט אויף ליב'ן): ער האָט שוין אַ כלה, יאָ?

בער (קלאַפּט זיך מיט'ן האַנד אין חאָלעווע): נישט איינע. (געלעכטער).

זאָשע: חאַ, חאַ, חאַ, זעה, וואַנדע, ווי ער שעמט זיך, ווי ער בעהאַלט די אויגען צו ד'רערד, חאַ, חאַ, חאַ, (צו ליב'ן) קומט'ס אהער, זעצט אייך דאָ אהער, מיט אונז, ביים טיש.

בער (צו ליב'ן): קום, לאָזען מיר זיך אַנידערזעצען, (זעצען זיך נעבען טיש אַביסעל אָבגערוקט).

זאָשע (רוקט זיך נעהנטער צו ליב'ן): וואָס פאַר איינע איז איהנ'ס כלה, אַ בראָנעטקע צו אַ שאַטינקע? אין וואָס גוסטירען זי אין אַ בראָנטקע צי אין אַ שאַטינקע? העַ? (ליב שמייכעלט ענטפערט נישט, צו בער'ן) הע אין וואָס פאַרע גוסטירט ער אין אַ בראָנעטקע, צי אין אַ שאַטינקע?

בער: ער גוסטירט אין אַלע. (געלעכטער).

זאָשע (צו ליב'ן): אַנו, זאָגען זי, איך בין אַ שיין מיידעל? (ווייזט אויף וואַנדען) וועך פון אונז איז שענער? פאַלט איהן בעפאַר אויס צום גוסט? זאָגען זי?

וואַנדע (מיט געלעכטער): העך אויף, (ליב שעמט זיך, לאָזט אראָב דעם קאָפּ).

זאָשע (מיט פרייד): זעה ווי ער שעמט זיך... איך האָב'ן ליעב... נו, זאָגט וועלכע פון אונז ביידע וואָלט איהר פאַר אַ כלה געוואָלט, זאָגט, שעמט אייך נישט... (ליב פערשעמט זיך).

בער (שמייכלט): ער וואָלט ביידע געוואָלט (געלעכטער).

זאָשע: ער וואָלט ביידע געוואָלט, ניין... ביידע נישט נאָר איינע... מיך ווילט איהר פאַר אַ כלה, זאָגט, יאָ?

וואַנדע: זאָשע, העך אויף.

זאָשע: יאָ, מיך ווילט איהר פאַר אַ כלה, שעמט אייך נישט. (הייבט איהם אויף דעם קאָפּ און קוקט איהם אין די אויגען). אַ נו, זאָגט איך געפעל אייך פאַר אַ כלה?

ליב (מיט אַ פערשעמטען געלעכטער): פאַר וואָס נישט.

זאָשע: גוט, וועך איך אייער כלה... ווען וועט זיין די תנאים?

וואַנדע: משוגענע זאָשע, העך אויף, וואָרום איך געה אַרויס.

זאָשע: פאַר וואָס נישט, ער געפעלט מיר, גיב נאָר אַ קוק ווי ער שעמט זיך. ווי ער רויטעלט זיך... ווי ער שמייכעלט... איך וואָלט איהם די אויגען אויסגעקושט...

וואַנדע: אָבער זאָשע.

זאָשע (צו ליב'ן): נו גוט, זענען מיר שוין חתן כלה. שוין... אָבגעמאַכט... נו, נעמען זי פון מיר דאָס פינגערל און גיבען זי מיר איהנס קייטעל, (ניכט איהם איהר פינגערל).

וואַנדע: זאָשע.

זאָשע: העך אויף, עס געפעלט דיר נישט, געה אַרויס, (וואַנדע לאַכט) אַ נו, נעמען זי דאָס פינגערל, (שטופּט עס איהם אין האַנד).

בער (שטופּט ליב'ן): נעם עס צו, (ליב נעמט צו דאָס פינגערל).

זאָשע: און יעצט גיבען זי מיר איהנ'ס קייטעל פון זייגער'ל, (ליב ווייגערט זיך) און פאַרוואָס

ווילען זי עס מיר נישט געבען, זי האבען עס פון א כלה, יא, דורך דעם ווילען זי עס מיר נישט געבען?

ל י ב (שאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין): איך האב עס נישט פון קיין כלה.

ז א ש ע: און פארוואס ווילען זי עס מיר נישט געבען? (ליב נעמט אראב דאס קייטעל פון זיינער און גיט איהר).

ז א ש ע (בעהאלט דאס קייטעל): זענען מיר שוין חתן-כלה... און יעצט גיבען זי מיר א קוש. (די יונגען פלאצען ארויס מיט א געלעכטער).

וו א נ ד ע: הער אויף.

ב ע ר (שטופט ליב'ן): קוש זי, (מיט א געלעכטער) מיר וואלט זי נישט געראפט זאגען צוויי מאל.

ז א ש ע: אז נישט וועל איך זי קושען, זי זענען שוין מיין חתן (די מיידען לאכען).

וו א נ ד ע (מיט אנגעלעכטער): זאשקע, זאשקע.

ל י ב (מיט אנ'אראבגעלאזטען קאפ): לאז זי.

ז א ש ע: לאז זי, לאז זי (פאלט ארויף אויפ'ן און קושט איהם אויס די באקען) לאז זי, (קושט איהם) לאז זי.

וו א נ ד ע (ציהט אוועק זאשען): זאשקע בעזין דיך.

ב ע ר (צו וואנדען מיט קוראזש): זי האט זעהר דעכט... (פערגעסט זיך, חאפט אן וואנדען ביי די האנד, שטעקט אויס זיין באק), קושען זי אויך.

וו א נ ד ע (גיט איהם א קוק אן שטרענג, דער יונג ווערט פערוויירט, לאזט אראב דעם קאפ. רוקט זיך אב אין א זייט. פון דער צווייטער שטוב הערט זיך א וואכע טריט קומען אן), זאשע, געדענק, מען געהט...

(עס עפענט זיך אויף די טיר, עס קומט אריין ר' אשר גרויסגליק, ראזע פאר איהם, מען זעהט אין די טיר, ווי זי קושט דעם שווער די האנד, איהר פאטער און מוטער אין יום-טוב-דיגען אנגעטוהן. נעהען מיט רעספעקט נאך איהם פון דער ווייטענס. ליב און בער גיבען זיך מיט שרעק א חאפ צוריק, שטעלען זיך אין א זייט ביי די טיר, פערקנעפ"ען זיך די רעק).

ר א ז ע (פאר'ן שווער): לאז דער שווער ערלויבען... לעאן וועט באלד אריינקומען... איך געה שוין נאך איהם, שווער, (לויפט ארויס).

פ א ט ע ר (לויפט פאראוים, רוקט ארויס א שטול פאר ר' אשר'ן, מאכט גלייך דאס טישטעך קעלנערי-מעסיג): מאכט'ס פלאץ, מאכט'ס פלאץ, פאר ר' אשר'ן...

ג ר ו י ס ג ל י ק (זעצט זיך זעהר לאנגזאם אנידער. פערלייגט די הענד. דער גארקעכער שטעלט זיך פאר איהם ברייט איהם צו בעדינען, די גארקעכערין נאך איהם, האלט זיך פון דערווייטענס.

ג ר ו י ס ג ל י ק (זעהר געריהרט): און וואו איז מיין זוהן לעאן?...

ג א ר ק ע כ ע ר: לעאן... לעאן... גט ה' אשר, באלד — לעאן... (לויפט ארויס, נאך איהם זיין ווייב).

גרויסגליק (דערזעהט זיינע טעכטער): אך, מיינע טעכטער (קרעכצט), קומט'ס אהער צו מיר מיינע טעכטער, (וואנדע און זאשע געהן צו צו איהם, ראזע פיהרט אריין לעאנ'ן, וועלכער בלייבט שטעהן ביי די טיר, גרויסגליק דערזעהט איהם, שפרייט אויס די הענד מיט א פאטאס), קום מיין זוהן אין דיין פאטערס ארימ'ס.

לעאן: פאפא (וויל זיך ווארפען אין זיינע ארימס, בלייבט אבער צוריק מיט טרעהרען) פאר וואס איז פאפא אהערגעקומען? פאר וואס? (לויפט ארויס מיט געוויין פון שטוב).

ראזע (מיט א געמאכט געלעכטערעל): זעהט איהר שווער... שטענדיג האט מען מיט'ן אזוי צו טהון... א איינגעשפארט קינד דער לעאן... איך ברענג איהם באלד אריין (לויפט ארויס נאכ'ן).

פארהאנג.



דאָס זעלבע צימער ווי אין ערשטען אקט, עס איז געגען אָבענד, די שטוב ביי ר' אשר גרויסגליק איז אַנדערש צוגערוימט, בעשטעלט מיט נייע מעבעל. בילינגע ווינער סעצעסיע, וועלכע פּאסען נישט צו מיט דעם גאַנצען שניט פֿון די שטוב, א טעלבניק ציהט אריין עלעקטרישע דראָטען, און פֿערשידענע קיילעלדיגע לאָמפּאַנען און לאָמפּען און טונקעטען, וועלכע זענען צעוואָרפֿען איבער'ן צימער אין פֿערשידענע קאָלירען אָהן געשמאַק, רעקלאַמענטעסיג. נעבען איהם ראָזע, וועלכע ווייזט איהם וועלכע לאָמפּאַנען אָנצוהעפֿטען, איהר העלפֿט מיט זאָשקע, נאָך זיי איהר פֿאָטער און מוטער.

---

זאָשקע: אַזוי, אַזוי לאָז יעצט די שוועגערען ביים שפּיגעל הייסען אַרום־מאַכען (קוקט זיך אום) אַח, ווי די שטוב זעהט יעצט אויס, (פּאַטשט זיך אין די הענד) גאָרנישט צו דערקענען, וואַנדע, מיטע, וועלען דאָס דערזעהען.

פֿאָטער (צו זאָשקען): וועט שען זיין... האַ... (ווייזט אויף די טאָכטער) קען זיך אויף אַזאַלכע זאַכען... ווי, געדענקסט דו ראָזע, מען האָט געזעהען אין די גרויסע שטאָדט, דעם גרויסען רעסטאָראַן — אַלערהאַנד קאָליערען, רויט, בלאָה, גרין (צו ראָזען) ווערסט דו אויך אַזוי לאָזען מאַכען? (ראָזע ענטפֿערט נישט).

מוטער: מען וועט דיר שוין שפּעטער פֿערצעהלען; אַז עס וועט פֿאַרטיג זיין ווערסט דו זעהען.

פֿאָטער: האָב נישט קיין מורא, איך קען מיך אויף די זאַכען. בין פֿערציג יאָהר אַרעסטאַראַטער געווען... נישט איינמאָל האָב איך אַזאַלכע לאָמטערן אויסגעהאַנגען פֿאַר אונזער רעסטאָ־

ראַן, ווען די שרפה, ווען דער נגיד האָט בײַ אונז חתונה געמאַכט. איך בין עקסטרע נאָך וואַרשע געפֿאָהרען נאָך פֿײַערװערק.

ר אָ ז ע : טאַטע אַרײַן... מאַמע אַרײַן... איהר האָט נישט אײַער צימער, וואָס דרעהט איהר זיך דאָ אַרום און פּלוידערט?

פֿ אָ ט ע ר : באַלד ראָזע־לעבען, איך וויל נאָר זעהען ווי דער עלעקטריק וועט זיך אָנצינדען, ווי דאָס וועט אָנהײבען צו לײַכטען.

ר אָ ז ע : אָבער שווײַגט׳ס...

מ ו ט ע ר (צופּט דעם פֿאָטער בײַם אַרבעל) : שווײַג...

ז אָ ש ע (ווײַזט אויפֿ׳ן אָרון) : און יעצט, שוועגערין, וועט מען דאָס אַרױסשטעלען (ריהרט אָן דעם אָרון).

פֿ אָ ט ע ר מ ו ט ע ר (מיט שרעק צו זאָשען) : חלילה, דער רבי, רב נתן׳ס אָרון־הקודש בײַ וועלכען ער האָט געדאַווענט.

ז אָ ש ע : אָבער יעצט דאַווענט דאָך שוין קײנער נישט דערבײַ.

מ ו ט ע ר (מיט ערהרענהאַפֿט צו זאָשען) : זײַן זכות שטעהט אונז בײַ, פֿרײַלײַן... אַ גרויסער צדיק געווען. (אָהן־הילפֿיג) ראָזע.

ר אָ ז ע (צו זאָשען) : נײַן, שוועגערין, דעם זײדענ׳ס, דעם זײדענ׳ס אָרון־הקודש.

פֿ אָ ט ע ר (צו זאָשען) : אַ גרויסער צדיק געווען, פֿרײַלײַן. מיר ווײסען ווער ר׳ נתן איז געווען, יודען האָבען זײַנע פֿערד אויסגעשפּאַנט און אין זײַן וואָגען זיך אײַנגעשפּאַנט, ווען ער איז אין אַ שטאָדט אַרײַנגעקומען. מיר ווײסען ווער ר׳ נתן איז געווען.

ז אָ ש ע : וואָס איז ער געווען, אַ רב אַ זאָלבער? יאָ?

מ ו ט ע ר : אַ גרויסער צדיק, אַ גרויסער צדיק. זײַן זכות זאָל אונז בײַשטעהן.

ז אָ ש ע : איך ווײס נישט (צו ראָזען), וועט זיך דער עלעקטריק שוין ברענען?

מ ו ט ע ר (צו זאָשען) : אַז ער האָט אויף ווענען די האַנד אַרויף־געלעגט איז ער געבענשט געוואָרען אויפֿ׳ן גאַנצען לעבען — ווער עס האָט זײַן ראָק אָנגעריהרט...

ר אָ ז ע : אונזער זײדע, רבי נתן.

ז אָ ש ע : איך וועל אַרויסגעהען זעהען, אויב עס לײַכט זיך שוין. (לויפֿט אַרויס, אין אַ קלײנינקע ווײַלע צינדען זיך אָן אַלע לאָמפּאַנען, זאָשקע קומט אַרײַנצולויפֿען) דער עלעקטריק... (פֿון די איבעריגע צימערען קומען אַרויס דער העכער גרויסגליק, וואַנדע מיט די ווערטער אויף די ליפּען) דער עלעקטעריק האָט זיך בײַ אונז אָנגעצונדען (דערזעהען פֿערשידענע קאָלירטע לאָמפּאַנען, ווערען ערשטוינט).

פֿ אָ ט ע ר (פֿון דערוואַטענס צו ה׳ גרויסגליק) : זעהט, פּאַניע גרוי... נו, מחותן. מײַן טאָכטער ווײסט ווי אײַנצואָרדענען אַ סאַלאָן, העע. מיר האָבען פֿאַר גרויסע הערשאַפֿטען...

ר אָ ז ע : טאַטע, ווילסט אֶפּשר טעה טרינקען, (דאָס ווײַב צופּט איהם בײַם אַרבעל, צום שווער) אַח, דײַ שווער, גוטען אָבענד. וועט יעצט ליכטיג זײַן אין הויז, ניש וואָהר?

ה׳ גרויסגליק: אָבער... אַזוי שרײַענד... אַזוי פיל קאָליערען...

ראָזע: איז דאָך שענער, נישט וואָהר זאָשקע... (צו וואגדען) נישט וואָהר שוועגערין? אַזוי, (ווײַזט אויף די וואנד) און דאָ וועלען נאָך קומען אַנדערע בילדלעך, נישט די מיט די אַלטע רעמען (קריכט אַרויף אויף אַ שטול, נעמט אַראָב אייניגע פאָמיליען־פּאָטרעטען, אַלטע דאַמען און הערען) אַח, ווי־פיל ווערם... גאָט ווייסט ווי לאַנג דאָס איז שוין נישט גערייניגט געוואָרען. מאַמע, מאַמע, רוף אַרײַן די דינסט מיט׳ן האַנדטוך...

ה׳ גרויסגליק (הייבט אויף די בילדער): אָבער מאַדאַם, טאָכטער, עס איז דאָך אונ־ערהערט... די אַהנענס בילדער...

ראָזע: אָבער שוועגער־לעבען, זיי מאַכען דאָך ווערעמדיג דאָס גאַנצע צימער... און עס איז דאָך נישט דעם זיידענס רבי נתן׳ס בילד... (ווײַזט דעם שווער אַ בילדעל פון גלאָז) אָט דאָס וועט קומען אויף דעם אָרט, דאָס גלעזערנע לאַנד׳סשאַפט מיט די דײַטשע בוכשטאַבען, לאָז נאָר דער שווער זעהען, ווי שען עס וועט אויסזעהען... האַנד־אַרבײַט... דאָ וועט נאָך בעפּוצט ווערען מיט דעם פאָכער אַזוי אויף דער זײַט, און אויף דער זײַט... (די דינסט קומט אַרײַן מיט׳ן האַנדטוך) גוט אויס־ווישען... גוט... ווער ווייסט ווי לאַנג שוין עס איז נישט גערייניגט געוואָרען (צום שווער) זעהט, שווער, וועט שען זײַן?

ה׳ גרויסגליק: איך ווייס נישט, טאָכטער, קען מיך נישט אויף דעם.

פאָטער: דער מחותן קען זיך פערלאָזען: זי האָט שוין איינמאָל אַ גוסט (ווײַזט אויף דעם לאַנדשאַפט) מעג זיך דער מחותן צו קוקען צו דעם. האָט עס בײַ אונז פערפאַלען געלאָזט אַ גאַסט פאַר דרײַ נאַכט־לעגער.

ה׳ גרויסגליק: קען שוין זײַן... קען שוין זײַן...

ראָזע (צום פאָטער): ווערסט אפשר טאַטע טעה טרינקען?

מוטער (ציהט דעם פאָטער בײַם אַרבעל): שווײַג. (צו די דינסט, וועלכע ווישט אויס דאָס בילד פון רבי נתן׳ן), מיט איהרע גוי׳שקע הענד דעם רבי׳ס בילד, (צו די טאָכטער) טאָכטער, דעם רבי׳ס בילד.

ראָזע (נעמט דאָס האַנדטוך פון די דינסט און ווישט אַליין אויס דאָס בילד זעהר פאָרזיכטיג).

מוטער (קרעכצט): גרויסע רבנים, גרויסע רבנים, זייער זכות זאָל אונז בײַשטעהן.

פאָטער (צום מחותן): מיר ווייסען, ווער רבי נתן איז געווען. אַ גרויסער רב, אַ גרויסע רב, (צו זאָשקע און וואַנדע, וועלכע קוקען איהם פערוואונדערט אָן), די פערד האָבען יודען אויסגעשפּאַנט און... אַ גרויסער רב געווען... אַ גרויסער רב געווען. (צום ה׳ גרויסגליק) מיר ווייסען מחותן...

ראָזע (אָנהענגענדיג די בילדעלך): דער שווער וועט זעהן, ווען אַלעס וועט פאַרטיג ווערען, ווי שען דאָ וועט זיך מאַכען... עס וועט זײַן אַ פערגעניגען אַרײַנצוקומען. הײַנט האָבען מיר דאָך בעזוך... די סוחרים פון לאָדז קומען הײַנט אין אָבענד, ענדיגען דעם קאָנטראַקט אויף אַ יאָהר טראַנספּאָרט, וועט דער שווער זײַן דערבײַ?

גרויסגליק (נעמט צוזאַמען די אַלטע בילדער. ווייל זיי אַרײַנטראָגען צו זיך אין צימער): אָ ניין...

אַ נײַן, מאַך דו אַלײַן אָב מיט זײַ... לאָז לעבן זײַן דערבײַ... איך קען מיך נישט אויף אַזאַלכע זאַכען.

ראָזע (בײַ דער אַרבײַט): עס מאַכט נישט אויס... איך וועל שוין רעדען מיט זײַ, נאָר דער שווער מוז דאָך זײַן דערבײַ... עס וועט מעהר פֿערגינפֿטיגער אויסזעהען, זײַ וועלען מעהר צופֿריעדען האָבען, און די שוועגערין וואַנדע וועט דאָך אַזוי גוט זײַן פּיאַנאָ שפּיעלען פֿאַר די קויפֿלײַטע. ווען מיר וועלען זײַ דאָ אין עס-צימער אויף טעה פֿערבעטען, עס זענען דאָך גרויסע לײַט, האַנדלען און די מויזענדער, און דער אָבנאַהם אויף אַ גאַנץ יאָהר.

גרויסגליק: נײַן טאָכטער, פֿערזאָרג דאָך ליבער דאָס אַלײַן... נעם צו לעאָנען... איך קאָן נישט רעדען מיט זײַ...

ראָזע: אָבער שווער... פֿאַר'ן שווער, פֿאַר'ן ה' גרויסגליק וועלען זײַ דאָך מעהר דרך ארץ האָבען... מעהר צופֿריעדען... איבריגענס איז דאָך לעאָן היינט אין פֿאַבריק... בײַ'ם אויסצאָהלען... אין דאָ איז שוין אַזוי שפּעט, מען מוז דאָך צושטעלען. אין דאָס קאַבינעט? איז שוין דאָס קאַבינעט אין אָרדנונג? מאַמע, מאַמע, רוף אַרײַן די דינסט... עס מוז דאָך אַנשטענדיג אויסזעהען... שוועגערינס, פֿרײַלײַן וואַנדע... ואַשע, וואָרום העלפֿט איהר מיר דען נישט צו... ביטע, ביטע העלפֿען זי דאָך מיר... (צו דער דינסט אין טיר) איז דאָס קאַבינעט אין אָרדנונג?

דינסט (ווײַזט אויף מאַמאַס צימער): מען קען דאָך דרינען נישט אַרײַנגעהן.

ראָזע: פֿאַרוואָס קען מען דען נישט אַרײַנגעהן?

דינסט: דאָס פֿרײַלײַן זאָגט... איך ווייס... איך האָב מורא...

וואַנדע: אָבער שוועגערין... (ווײַזט אויף די טיר).

ראָזע: נאַרישקײַטען, פֿאַרוואָס האָט איהר דען מורא? וועט עטץ זעהען וועל איך אַרײַנגעהן אין צימער און וועל גאַרנישט קײן מורא האָבען, (זי געהט אַ היין צו דער טיר, אָבער קוקען איהר נאָך מיט שרעק אין נײַגעריגקײַט).

גרויסגליק: אָבער טאָכטער... דאָס קען דאָך נישט זײַן... דאָרט אַהין... טאָכטער, וואָס טהוסט דו?

מוטער: טאָכטער לעבען, איך וואָלט דיך אויך געראָטען... מיט יענע „לײַט" לאָז געמאַך...

פֿאָטער: שווײַג, שווײַג, זי ווייסט בעסער וואָס זי האָט צו טהון.

ראָזע (נעמט אײַן דעם שווער): שווער, עס איז דאָך נאָר אַ אײַנרעדעניש פֿאַרוואָס האָט עטץ דען מורא? די וואָהנונג איז אַזוי לאַנג לעער געשטאַנען... צופֿיל צימערן פֿאַר לעבעדיגע, האָבען זיך טויטע דערווײַל אַרײַנגעצויגען... מען דאַרף די צימערן פֿאַר די לעבעדיגע צו האָבען... שווער, אָבער עס איז דאָך נאָר אַ אײַנרעדעניש, אַט אַזוי לאָז דער שווער דאָ זיצען (זעצט דעם שווער אַנידער אויף אַ שטוהל) און איך וועל מיר דאָ אַרײַנגעהן (געהט אַרײַן אין מאַמאַס צימער).

וואַנדע און ואַשע: גאָט וואָס טהוט זי?

ראָזע (עפֿנט די טירן פֿון מאַמאַס צימער ברייט, אַלע שפּרינגען אַב, פֿון דרינען שײַנט אַרויס ליכט): וועהט'ס, און דאָ איז אויך דער עלעקטריק אַרײַנגעדרונגען (גייט אַרײַן) אה, ווי פֿאַרשטויבט דאָ איז?

גרויסגליק (נעמט צוזאַמען די אַלטע בילדער): מיר איז גאַנץ גלײַך, טהוט וואָס איהר ווילט... לאָזט מיך צורוה (גייט פֿלינק אַב מיט די בילדער אין זײַן צימער).

ראָזע (קומט צוריק אַרויס): אַח, איז דרינען שטויב, שפּינוועבס אָנגעוואַקסען גאַנצע פֿוהרען, גאָרנישט ריין צודערוואַשען. מאַמע, רופֿ אַרײַן דעם לאָקײַ. די דינסטען, און קום מיט אַרײַן מיט־העלפֿען. וועט דאָ זײַן אַרבײַט... טאַטע קום אויך מיט (די עלטערן מיט די דינסטען אַב נאָך ראָזען מיט בערשטען און האַנדטיכער אין. מאַמאַס צימער).

זאָשע: זי איז אַרײַנגעגאַנגען.

וואַנדע: קום, לאָז מען הערען וואָס דרינען טהוט זיך, (גייען צו דער טיר, האָרכען זיך אײַן).

זאָשע: גאָרנישט, זיי שאַרען די פּאָדלאָגע.

וואַנדע: און זיי האָבען פֿאַר גאָרנישט קיין מורא, (עפֿענט אויף אַ שפּאַלט) און וועה, ליכטיג איז דרינען... (זי פֿאַרברעטערט די שפּאַלט און קוקט אַרײַן).

מיטע (קומט אַרויס פֿון מאַמאַס צימער און האַלט אויף איהרע הענד פֿערטיקענע קרענצען, פֿערטיקענע אָסטען, שוואַרצע טרויערבענדער מיט אויפֿשריפֿטען): מאַמאַ האָט זיך פֿון איהר צימער אַרויסגעצויגען, (אַב מיט וואַנדען אין איהר צימער).

בער: (פֿיהרט אַרײַן ליבען): קום אַרײַן ברודער, האָב קיין מורא, אַז מען האָט דיך געהייסען אַרײַנקומען, פֿרעג נאָך קיינעם.

ליב (מיט שרעק): ראָזע נישט דאָ?

בער: דו האָב קיין מורא (דערזעהט דאָס פֿרײַלײַן זאָשע, פֿאַרנייגט זיך שעהן) שענעם גוטען אָבענד פֿרײַלײַן. (ווײַזט אויף ליב'ן) ער האָט מורא.

ליב (מיט שרעק אַרומקוקענדיג זיך): ראָזע נישט דאָ?

בער: נישט דאָ, נישט דאָ!

זאָשע: פֿאַרוואָס האָסט דו מורא, ליב? האָב קיין מורא, מען וועט זיי נאָך היינט זאָגען, אַז מיר זענען חתן־כּלה.

בער: הערסט, וואָס מען זאָגט דיר, (קלאַפּט איהם אויפֿ'ן פּלײצע) האָב קיין מורא, עס וועט אַלעם זײַן „אָלרײַט" מיר זענען דאָ.

ליב (פֿערשעמט): לאָז דאָס פֿרײַלײַן נישט שפּעטען.

זאָשע: גאָרנישט אויף קיין געלעכטער, אויף אַנ'אמת, מיר זענען דאָך שוין חתן־כּלה... אָט געה איך זיי שוין אַרײַן זאָגען.

בער (קלאַפּט איהם אויפֿ'ן פּלײצע): אַז מען זאָגט דיר, גלויב, ברודער.

ל י ב (מיט שרעק): אָ נײַן, נײַן, לאָז דאָס פֿרײַלײַן נישט זאָגען, געדרעקען זי אין גאָט, ראָזע וועט בײַ זײַן.

ז אָ ש ע: נײַן, פֿאַרוואָס זאָל זי בײַ זײַן? דו ביזט דאָך איהר קוזין, און איך בין דאָך איהר שוועגערין.

ל י ב: אָבער דאָך... גרויסגליק'ס טאָכטער.

ז אָ ש ע: געה שוין... עס מאַכט נישט אויס... און לעאָן איז דאָך אויך מײַן ברודער, און ראָזע איז דאָך דײַן קוזינע.

ב ע ר: אונזער קוזינע.

ל י ב: ראָזע איז עפּעס אַנדערש.

ז אָ ש ע: געה, עס איז נישט קײַן חלוק... אַלעס אײַנס...

ב ע ר: נישט קײַן חלוק, זאָגט מען דיר... אַלעס אײַנס...

ז אָ ש ע: אָט געה איך שוין אַרײַן צו איהר, איך וועל עס איהר זאָגען, וועסט זעהען ווי זי וועט זיך פֿרעהען...

ל י ב (מיט שרעק): אָ נײַן, נאָך נישט יעצט... שפּעטער... שפּעטער. איך האָב מורא...

ב ע ר: שווײַג, אַז מען זאָגט דיר, אַז דו זאָלסט קײַן מורא האָבען — האָב קײַן מורא.

ז אָ ש ע: אָבער געהט'ס יעצט אַהײַם, טהוט זיך איבער, די שבתדיגע אָנצוגען, און קומט'ס אַהער, באַלד אַהער, איך וועל מיך אויך שוין אָנטהון, און ווען זיי וועלען דאָ אַלע אַרומזיצען בײַם טיש, וועלען מיר פּלוצלונג אַרײַנקומען און מיר וועלען זיך פֿאַר חתן-כלה פֿאָרשטעלען, וועסט זעהן ווי זיי וועלען זיך פֿרעהען, געהט, טהוט אײַך שען אָן, ס'האָט געהערט?

ב ע ר: געהערט, פֿרײַלײַן, אַלעס זײַן אין אָרדנונג.

ז אָ ש ע: נו געהט'ס פֿלינקער... איך געה מיך אויך איבערטהון...

ב ע ר (צו ליב'ן): קום ברודער... אַלעס זײַן אין אָרדנונג, (געהען אָב, טרעפֿין זיך אין טיר מיט די)

ט אַ נ ט ע (וועלכע איז פֿײַן אָנגעצויגען, קוקט דורך אַ פֿענסטע אויף די יונגען מיט אָבשײַ) אויך דאָ שוין דאָ.

די י ו נ ג ע ן (טרעטען אָב פֿאַר איהר, פֿערנײַגען זיך און לאָזען זי אַרײַן).

ב ע ר (מיט רעספּעקט, פֿערנײַגט זיך): שענעם גוטען אָבענד מאַדאַם. (שטופּט ליב'ן) האָב דרך ארץ פֿאַר אַ מענש, זאָג גוטען אָבענד (געהען אָב).

ט אַ נ ט ע (קומט אַרײַן אין שטוב, קוקט זיך אום, דערקענט נישט דאָס צימער): האָבען זיי זיך דאָ אויפֿגערוימט... האָבען זיי זיך דאָ אויסגעשפּרײט: האַ-מ-מ-ם... זעהט נאָר אַמאָל ווי זיי האָבען זיך דאָ פֿײַן געמאַכט.

ז אָ ש ע (דערזעהט די טאַנטע, מיט פֿרײד לויפֿט צו צו איהר): ווײסט די טאַנטע, איך האָב די טאַנטע עפּעס וואָס צו זאָגען.

ט אַ נ ט ע (אַרומקוקענדיג זיך אין צימער): וואָס אַזוינס, אַזעלכעס?

ז אָ ש ע : לאָז מיִר דיִ טאַנטע גראַטולירען, איךְ ווער הײַנט אַ כלה.

ט אַ נ ט ע : אַ כלה, אזוי? מיִט וועם דאָס?

ז אָ ש ע : איךְ ווער הײַנט אַ כלה. מיִט איינעם... איךְ וועל דיִ טאַנטע ניִשט זאָגען, עס איז אַ סוד... באַלד, באַלד וועט עס דיִ טאַנטע געוואָהר ווערען (קען זיךְ אָבער ניִשט איינהאַלטען) ווייסט דיִ טאַנטע מיִט וועם? מיִט איינעם פון זייערע.

ט אַ נ ט ע (פערוואונדערט): אזוי, מיִט וועמען דאָס?

ז אָ ש ע : מיִט ליבּ'ן, ראָזעס קוזין.

ט אַ נ ט ע : אָ ווא, אזוי ווײַט האַלט עס שוין...

ז אָ ש ע : יאָ, יאָ... איךְ וועל מיִךְ אָנטהון, ער איז זיךְ אויךְ געגאַנגען אָנטהון וועלען מיִר זיךְ פאַר חתן-כלה פאָרשטעלען... (פויזע) נו, לאָז דיִ טאַנטע נאָךְ דערפון קיינעם ניִשט זאָגען... עס איז אַ סוד... באַלד... (לויפט אָב) נו, לאָז דיִ טאַנטע פון דאַנען ניִשט אוועקגעהן (אָב).

ט אַ נ ט ע : אזוי, האַלט עס שוין גאָר, אַרײַנגעקראָכען... אַרײַנגעקראָכען אין דער משפחה, הייסט עס. אָ ווא, מיִט ביידע פיס. ווי מען זאָגט דאָס.

ר אָ ז ע ס מ ו ט ע ר (געהט אַרויס פון מאַמאַס צימער, מאַכט פון זיךְ דעם שטויב אָב): אַבּיסעל אַרבּייט דאָ דריננען געווען, אַבּיסעל שטויב (קלאַפּט זיךְ אָב דיִ הענד) אַזאָלכעס ניִשט געווען, (דערזעהט דיִ טאַנ-טע, ווערט פערשעמט, לאָזט אַראָב דעם קאָפּ), אַ שעענעם גוטען אָבענד, בעל בית'טע לעבען, זאָל איךְ אַרײַנרופען מײַן טאָכטער? (רופט) ראָזע, געסט זענען געקומען.

ט אַ נ ט ע : ניין, מען דאַרף ניִשט, אַהאַ נו, פאַני גאָרקעבערין, ווי פיהלט איהר זיךְ דאָ, בעסער ווי אין דער שענק, ניִשט וואָהר.

ר אָ ז ע ס מ ו ט ע ר (מיִט אַ געלעכטער'ל): אָ געלויבּט צו גאָט, מײַן טאָכטער (ראָזע ווײַזט זיךְ אין טיר, דיִ טאַנטע בעמערקט זיִ ניִשט).

ט אַ נ ט ע : פיהלט זיךְ דאָ ווי אין דער היים, ס'שאַרט'ס... ס'קעהרט... אַ לעבען זיךְ דערלעבט דיִ גרויסגליִקס, איז דאָךְ ניִשט דאָס, וואָס בײַ דוד גאָרקעבער, העע.

ר אָ ז ע ס מ ו ט ע ר (מיִט אַ געלעכטער'ל): הם... הם... זיי זאָלען מיִר געזונד און שטאַרק זײַן... מײַן טאָכטער... (ווײַזט אויף ראָזען אין טיר, לויפט אָב אין קיךְ-צימער מיִט אַ שמייכעלע).

ט אַ נ ט ע (דערזעהט ראָזען): אַ, אַ גוטען אָבענד.

ר אָ ז ע : גוט יאָהר, (צו דיִ מוטער בײַ דער טהיר), מאַמע, מאַמע, בלײַב, ניִשט קשה, דיִ גאָר-קעבער'ס פיהלען זיךְ גאַנץ גוט אין גרויסגליִק'ס הויז... זיי האָבען גאַנץ גוט בעצאָהלט דערפאַר... (צו דיִ טאַנטע) און זיִ, דאַכט זיךְ, האָבען אויךְ ניִשט צוגעלעגט צו דיִ גאָרקעבערס... איהנס חלק געקריגען אויסגעצאָהלט, פון געשעפט אַרויס מיִט פראָצענט... און פאַר'ן שרכנות אויךְ... אַ גוטען בײַן אָבגעלעקט פון דיִ גאָרקעבערס, העע, ניִשט וואָהר... זיי האָבען זיךְ ניִשט צו קלאָגען אויף דיִ גאָרקעבערס...

טאַנטע (מיט אַ געמאַכט שמייכעלע): גלאַט אַזוי ... וואָס האָב איך דאָס געוואָלט זאָגען ... איז דער שוואָגער נישט אין דערהיים? ...

ראָזע (אַקצענטירענדיג): מיין שווער, ה' גרויסגליק, איז ביי זיך אין צימער ... קום מאַמאַ, (אָבגעהענדיג רופט זי אַריין אין צווייטען צימער) שווער, שווער איהר האָט בעזוך (אין די אייגגאַנגס טיר ווייזט זיך לעאָן, אין די הענד רעגען-ביכער, אַ בלייפעדער אונטערן אויער, פערטוהן. אָבגעמאַטערט פון די ארבייט), אַ, לעאָן איז דאָ ... ווי מיער דו מוזט זיין? מאַמע, מאַמע גיה נאָר אין קיך אַריין, זעה, אַז דאָס עסען זאָל זיין פאַר לעאָנ'ן, דו מוזט דאָך הינגעריג זיין ... פון מיטאָג אָן גאָרנישט אין מויל געהאַט, (ווישט איהם אָב מיט'ן טיכעל דעם שווייס פון שטערן), אַח, ווי פערשוויצט דו ביזט ... האָסט נעבעך געמוזט האָבען אַ שווערע ארבייט מיט די אַרבייטערס בייס אויסצאָהלען, הע?

לעאָן (קרימט זיך): אָבער יאָ, ווי קום איך צו דער? וואָס האָט עטץ מיך איינגעשפאַנט אין אַ פאַבריק, אַז איך זאָל מיט אַרבייטער צו טהון האָבען, וואָס ווילט עטץ פון מיר? (וואַרפט די ביכער אויפ'ן טיש).

ראָזע: נו, נו, קינד לעבען ... נישט אויפגערעגט ... ווער דען זאָל זיין בייס אויסצאָהלען? ווער דען זאָל זיך מישען אין געשעפט, אַז נישט דו, זעה, דער פאָטער (ווייזט אויף ה' גרויסגליק, וועלכער קומט אַרויס פון זיין צימער). קען זיך דאָך נישט מישען אין געשעפט, דער שווער אויף זיינע יאָהרען, און קיינמאָל נישט מיט דעם צוטוהן געהאַט ... דו ביזט דאָך דער איינציגער זוהן ... דער איינציגער מאַנספערזאָן אין הויז (צום שווער) נישט וואָהר שווער, דער שווער קען זיך דאָך נישט מישען אין געשעפט ... פערשטעהט זיך דאָך נישט אויף אַזעלכע זאַכען.

גרויסגליק: נאָר מיך לאָזט צורוה ... טהוט אייך וואָס איהר ווילט ... איך קען מיך נישט אויף אַזעלכע זאַכען.

ראָזע: זעהסט דו.

לעאָן: אָבער איך קען דאָך אויך נישט, איך ווייס נישט ... וואָס האָט עטץ מיך מיט זיי, מיט אַזאַ פאָלק.

ראָזע: איינציגוויים ... איינציגוויים, לעאָן לעבען, וועסט דו זיך אויסלערנען ... זעהסט, צייט דו האָסט זיך אָנגעהויבען אין געשעפט צו מישען, האָט דיר דער קאָפּ אויפגעהערט וועה צו טהון, זעהסט דו, ביזט שוין נישט אַזוי אויפגערעגט ... (ליעבליך) אַ יונגערמאַן מוז אַ בעשעפטיגונג האָבען, מוז נעבען וואָס אַרומגעהן, פערגעסען פון אַלע נאַרישקייטען, (אָבגעהאַקט), האָסט דו געזעהן די לאָרזער סוחרים? נו וואָס פאַרע בילאַנס איז הײנט?

לעאָן: מיט הונדערט פוד מעהר ווי די פאָריגע וואָך ... און די סוחרים וועלען קומען הײנט, זיי האָבען די פאַבריק בעזוכט .... אָבער ראָזע ... נאָך אויסלאַנד וועט מען פאָהרען, ווען עס וועט זיך נאָר אַ ביסעל שטילער מאַכען אין געשעפט?

ראָזע: אודאי וועט מען פאָהרען, זומער אי"ה אין באָד אַריין, נאָך קאַרלסבאַד, וואו אַלע פאָהרען ... זעהסט דו, אַז מען גיט אַכטונג אויפ'ן געשעפט. געהט עס טאַקע בעסער. מיט הונדערט

פוד מעהר ... די וואָך ... ווייל ... (צום שוועָר), און דעָר שוועָר וועט אייך מיטפאָהרעָן אין באָד אַריַין . . ניִשט וואָהר, שוועָר? מיט הונדערט פוד מעהר (רופט אין צווייטען צימעָר) מאַמע, מאַמע גרייט צום טיש, פאַר לעָאָן ... ביי אונז אין שטוב.

גרויסגליק (שמועסענדיג מיט דער טאַנטע): וואָס האָסט דו געזאָגט?

ראָזע: אין באָד אַריַין ... וואו אַהין פלעגט פאָהרען דעָר שוועָר מיט די שוויגער, עליה־השלום, נאָך קאַרלסבאַד?

גרויסגליק (רעדענדיג מיט דער טאַנטע ווארפט אריין א וואָרט): נאָך אָסטענדע.

ראָזע: נאָך אָסטענדע ... נו, עס איז נאָך צייט צורעדען דערפון, (די מוטער לויפט פאַרביי איבער די סצענע מיט'ן עסען צו לעאָנ'ן אין צימער), נו קום, לעאָן, די מאַמע גרייט שוין צום טיש ... נאָך אָסטענ־דע, מיר וועלען אויך פאָהרען נאָך אָסטענדע ... מיט הונדערט פוד מעהר ... די סוחרים קומען היינט, (אָב מיט לעאָן אין זיין צימער רעדענדיג פון געשעפט).

טאַנטע: נו, נו האָט זי פון איהם אַ מענש געמאַכט ... בעשעפטיגט זיך אין פאַבריק, איז ביים אויסצאָהלען, ווייסט פון אַ בילאַנס, וואָלט דאָס דער שוואָגער געגלויבט אַ מאָל?

גרויסגליק: עס איז מיר גאַנץ גלייך, אַז זיי זאָלען נאָר מיך צורוה לאָזען, (וויַזט אויף די וואַנד) האָבען די בילדער אַראָבגעוואָרפען, (וויזט אויף מאַמאַס טהיר), איהר בעט אַרויסגעשטעלט.

טאַנטע: אַרייַנגעקראָכען דאָ ... גוט, אַרייַנגעקראָכען, נו, וואָס וויל דער שוואָגער? פאַר־נעמט זיך מיט'ן געשעפט, פון אַלעם געמאַכט אַ לאַד, די חובות אויסגעצאָהלט, די פאַבריק וויַיטער געלאָזט ... יעצט איז דאָך האָטש אַ שטיקעל לוסט אין שטוב דאָ ... ליכטיג, אַ דינסט דאָ, נו? צום שלעכטען האָב איך דעם שוואָגער ניִשט צוגערעדט ... דאָס הויז פון אונזער זעעליגען גרויספאַטער גרויסגליק (ווכט אויף דער וואַנד דאָס בילד, קרעכצט אָב), זאָל ניִשט צוגרונד געהן ... זאָל אין אַנדערע הענד, זאָל קיין אַנדערן נאָמען ניִשט איבערנעהמען, דאָס איז נאָר געוועָן מיין מיין, דאָס איז געוועָן מיין גאַנץ שטרעבען, אַזוי וואָהר זאָל מיר גאָט העלפען ...

גרויסגליק: דאַנקען גאָט אַז איך בעדאַרף מיר שוין ניִשט יעצט אין די אַלע געשעפטען מישען, מיט די אַלע לייט צו טהון האָבען ... מיט די פאַפירען ... מיט די רעכנונגען ... גאָט מיינער, ווי אונגליקליך איך בין געוועָן ... אָבגעפּאַטערט זיך פון אַלעם ... זאָלען זיי זיך דאָרט טהון (וויַזט אויף לעאָנ'ס צימער) וואָס זיי ווילען ... אַבי זיי זאָלען מיך רוהיג אין מיין צימער לאָזען ... אין מיין גאָרטען אַ שפּאַציער מאַכען. אַ, דאָס איז ווירקליך געוועָן אַ גערעכטע זאַך ... איינע זעהר טיכטיגע פרוי ... די פרוי שנור, איינע טיכטיגע פרוי ...

טאַנטע: ניִשט וואָהר, און די פאַבריק געבעסערט ... מען רעדט דערפון אין שטאָדט, (קרעכצט אָב, אַרומקוקענדיג זיך). אָבער זיך דאָ אויך אַרייַנגעצויגען מיט די גאַנצע (איראָניש) פאַמיליע מיט „פאָ־טער“ מיט „מוטער“.

גרויסגליק: אַנגענעהמע לייט.

מאַנטע: אַזוי... נו, יאָ דאָס איז וואָהר, פּראָסטע מענשען... זיי ווייסען זייער ארבייט... קריכען נישט, אָבער מיט זייער געשמאַק, מיט זייער האַלטען, אין קיין אנשטענדיגע געזעלשאַפט קען מען זיך דאָך מיט דעם נישט ווייזען, זי ווי זי. אָבער די פאַמיליע... מיט זייער... און דאַן ווי זיי האָבען דאָ דאָס צימער איינגעאָרדענט, (קוקט זיך אום) רעסטאָראַציאָנס ארטיג, מיט די פּאַפּירענע בלומען, און די פּאַלמען... און די פּארצעלאַנענע הינד דאָ... אַזוי קליין בירגעריש... אַח גאָט...

גרויסגליק: יאָ, דאָס איז אנגענעהם... אָבער... לאָזען זיי זיך מאַכען וואָס זיי ווילען אין זייער צימער... לאָזען זיי מיך נאָר צופריידען לאָזען...

מאַנטע: אָ, ניין... די גאָרקעבער'ס מוזען זיך פיהרען לויט'ן געשמאַק פון די גרויסגליק'ס, ווען זיי זענען אין די פאַמיליע אריינגעקומען. נישט די גרויסגליק'ס צו די גאָרקעבערס... און דאָס איז נאָך גאָרנישט, אַז זיי האַלטען זיך גאָרנישט פון דערוויילטענ'ס... טיעף אין דער פאַמיליע אריין... (געהיימניספאָל) האָב איך געהערט יעצט אַ זאַך!.. איך בין ביז צום אונזין געריהרט געוואָרען... איך וויל עס פערשווייגען דעם שוואָגער... האָט שוין נעבעך אַזוי אויך גענוג, פון די אַט (קוקט איהם אָן מיט בעדייערען) אונזער פאַמיליע, גאָט ווי גרויס די שאַנד איז.. און ווי שמערצט עס דאָ (ווייזט זיך אויפ'ן האַרץ) קען עס נאָר איינער פיהלען, אָבער נישט יעצט דערפון, מיט גאָטעס הילף וועט עס זיך נאָך לאָזען מאַכען... מען מוז נאָר בעצייטענס פון דערוויילטענס זיך האַלטען פון די שלעכטע ווארצלען... זיי קענען חלילה, דעם גאַנצען שטאַם אונזערן פערדאַרבען, דעם שטאַם פון אונזער זעעליגע גרויסע פאָטערס.

גרויסגליק (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ): אונזער זעעליגען גרויס פאָטער'ס.

מאַנטע: נישט וואָהר... און קוים שטעהט מען מיט אַזעלכע אַזוי נאָהנט, מוז מען זעהר פאָרזיכטיג זיין, דאָס איז ווי סם, וועלכעס דרינגט טיעף אין בלוט אריין... ווייסט דער שוואָגער וואָס? ניין, עס איז מיר טאַקע זעהר לייד, אָבער די געפאַהר פאַר די פאַמיליע, איך דאַרף אויך גאָרנישט קוקען און דאָך עס דעם שוועגער זאָגען... כדי עס זאָל צייט זיין פון שלעכטען זיך אָבצוהיטען... וואָרום די געפאַהר איז נאָהנט (זי קוקט אויפ'ן שוואָגער, וועלכער איז גאַנץ גלייכגילטיג) איז דער שוואָגער גאָר נישט נייגעריג?

גרויסגליק: דאָך, וואָס אַזאַלכעס?

מאַנטע: זאָל עס דער שוואָגער ערפאַהרען... זיין טאָכטער זאָשע, פון דעם היוז גרויסגליק'ס שטעהט אין נאָהנטע פערבינדונג מיט איינעם פון זיי (ווייזט אויף לעאָנ'ס טהיר).

גרויסגליק (גלייכגילטיג): מיט זיי.

מאַנטע: מיט זיי, פון די פאַמיליע גאָרקעבער'ס. יאָ.

גרויסגליק: אַזוי, יאָ? אַ טיכטיגער יונגער מאַן, איהר'ס אַ ברודער פּיליפּ, זעהר אנגענעהם.

מאַנטע: וואָס? און דער שוואָגער וועדט גאָרנישט ערשטוינט?! ווערט גאָרנישט... ניין... דאָס איז דאָך אונערהערט.

ג ר ו י ס ג ל י ק: וואָרום דען, איז דאָך זעהר אנגענעהם, פון איהר פאמיליע ... זי איז דאָך זעהר אײנע טיכטיגע פרוי ... האָט דאָ אין הויז ... פאבריק ... וואָרום דען?

ט אַ נ ט ע: אָבער זי איז דאָך עטוואָס אנדערש.

ג ר ו י ס ג ל י ק: אַ טיכטיגער יונגע?..

ט אַ נ ט ע: אזוי ווײַט האַלט עס שוין ... אזוי טיעף זענען שוין די גאָרקעבערס אַרײַן אין דער פאמיליע, אז דער שוואָגער פיהלט שוין נישט וואס דאָס הײַסט, משרך זײַן זיך מיט זײ ... גאָט, דער לעבט, גאָט דערלעבט ... אָ גרויספּאַטער, גרויספּאַטער (קוקט זיך אום און זוכט דאָס בילד פון גרויספּאַטער) יאַ, דאָס בילד אויך אַראָבגענומען.

ג ר ו י ס ג ל י ק: בײַ מיר דרינען אין צימער הענגט עס.

ט אַ נ ט ע. וואונדערט זיך שוין נישט אפילו דער שוואָגער ... נעמט עס גלײַכגילטיג אָן. דאָס זײַנע טעכטער פון די פאמיליע גרויסגליק ... דאָס מאַכט דאָס פרעמדע בלוט ווען עס קומט אין דער פאַמיליע אַרײַן ... מאַטילדע, מאַטילדע, יאַ די שוועגערין האָט געדאַרפט פון איהר גרוב אויפצושטעהן און צוזעהן ... יאַ, נאָך אײנע איז נאָך געבליבען פון די פאַמיליע ... מיטע, מיטע (צו די טהיר וואו מיטע איז) דאָס איז די לעבעדיגע מאַטילדע, די לעבעדיגע מיטע, פאַר איהר וועט איהר פערענטוואָרטליך זײַן.

ג ר ו י ס ג ל י ק: אָבער מײַן מאָכטער האָט זיך דאָך פערשלאָסען פאַר מיר, ווײַזט זיך נישט פאַר מיר ...

ט אַ נ ט ע: זי האָט רעכט ... דאָס איז שוין נישט מעהר גרויסגליק'ס הויז, דאָס איז די גאָרקעבער'ס הויז. (אָב, ה' גרויסגליק דרעהט זיך אלײן איבער'ן צימער ארום, בעקוקט די בילדלעך, די לעמפּ־לעך, קרעכצט אָב, אַלעגגערע פויזע, פון מאַמאַס צימער קומט אַרויס דער גאָרקעבער, פאַטשט זיך אָב די הענד, מאַכט זיך אָב דעם ראָק, דערזעהט דעם ה' גרויסגליק).

ג אָ ר ק ע ב ע ר: אַך, מחותן האָט מען אײַך אויפגערוימט. אַ קאַבינעט'ל אַ פערגעניגען אַרײַן צו־געהן, נו, וואָס פאַר אַרבײַט געווען, איהר ווילט עס זעהן ... (וויל אויפעפענען די טיר) אָט גיט נאָר אַ קוק.

ג ר ו י ס ג ל י ק: ניין ... ניין ... איך דאנק ... עפענט נישט ... (ער דערנעהנטערט זיך צום גאָרקעבער) האָבען זי נאָר נישט דרינען בעמערקט ... גאָרנישט.

ג אָ ר ק ע ב אָ ר: גאָרנישט.

ג ר ו י ס ג ל י ק: אַ וואונדער ... עטוואָס אַזאָלכעס, ניי, וועלכעס ... אַ שאָטען אויף דער וואַנד ... עהנליך צו אײנער פרוי ... דאָך די פרוי האָבען זי נישט געזעהן ... נישט וואָהר?

ג אָ ר ק ע ב ע ר: אַה, איהר מײנט דאָס וואָס די דינסט האָט פערצײלט ... ניין, גאָרנישט ... קײן שאָטען ... איבערגערוקט די שענק ... דעם שרײַבטיש גלײַכגעשטעלט ... נישט'ס בעמערקט ... און אַ פרוי אַ ודאי נישטאָ.

גרויסגליק: אַזוי ... אָבער דאָך ... אַ שאָטען האָט געמוזט זײַן ... איך ווייס עס, וואָרום זי אַליין אין צימער אויך.

גאָרקעכער. ביז יעצט אַליין, ראָזע איז דרינען פאַרנומען, בײַ אונזער אײדעם ... גלײַך גע־שטעלט אַלעס ... די סוחרים קומען הײַנט ... גאָרנישט בעמערקט.

גרויסגליק: אַ וואונדערליך, און האָבען זי פּילייַבט אַזוי ווי טריט געהערט, אויף און אָב געהן, דאָך קיין מענש האָבען זי נישט געזעהן, נישט וואָהר.

גאָרקעכער: אוי, לאָז דער מחותן זיך די זאַכען פון קאָפּ אַרויסשלאָגען, איך שרעק מיך נישט פאַר די זאַכען, בין אַליין אַ חברה קדישא מאַן ... און אויף די אַלע זאַכען האָב איך אַן עצה ... (קוקט זיך אום צי קיינער געהט נישט) זעהט, דער מחותן, ווען מיר האָבען נאָך דריבער די שענק געהאַט ... האָב איך, מחותן, די געוואָנהייט געהאַט אין אַ בעזונדער שענקעלע אַ קליין ביסעלע משקה בעהאַלטען געהאַט ... נישט צום פערקויפען, פאַר מיר, און ווען עס איז מיר אַזוי געווען, ווי דער מחותן פער־צעהלט יעצט ... פאַסקודנע אויפ'ן האַרצען ... פלעג איך אַ לעק צונעמען, נישט פאַר שכרות חלילה, אַלע שוסטערס געהען באָרפוס ... אַלע שענקערס זענען קיינע פיאַקעס נישט, נאָר גלאַט אַזוי. די מרה־שחורה פון זיך צו פערטרייבען, דאָס איז אַ גוטע רפואה, איך ווייס עס, מחותן ...

גרויסגליק: אָבער. האָט איהר גאָרנישט בעמערקט, אַזוי ווי עפּעס אַ שאָרך מיט אַ לאַנגען קלייד איבער די פּאָדלאָגע ...

גאָרקעכער: דער מחותן איז זעהר פער'מרה־שחורה'ט, זאָל מיך דער מחותן פאָלגען, אָט נעמט אַרויס פון קרעדענס משקה מיט גלעזלעך ... לאָז דער מחותן אַביסעל שנאַפּס נעמען ... דער־וואַרמען זיך ... וועט באַלד די מרה שחורה אַוועקגעהן (גיסט זיך אָן אַ גלעזעל) צום געזונד.

גרויסגליק (בעקוקט דאָס גלעזעל): איך דאַנקע ... אָבער ווירקליך נישט געזעהן, בעמערקט. (ער טרינקט, ווישט זיך אָב די ליפּען) ניכטס בעמערקט?

גאָרקעכער: ניין מחותן, מיט אַן'אמת, גאָרנישט.

גרויסגליק: וואונדערליך: ערלויב ... (ווינקט צו איהם ער זאָל זיך אויך זעצען בײַם טיש און גיסט איהם אָן אַ גלעזעל) נישט קיין שלעכטער ... אָבער וואונדערליך.

גאָרקעכער (וועלכער זעצט זיך בײַם טיש אַ ביסעל פון דערווײַטענס, מיט פאַרזיכטיגקייט): זעהט דער מחותן, איך פערשטעה עס. איינער אַליין, מען לעבט אַזוי, אָהן אַ ווייב. מײַן אַלטע ווי זי איז; לחיים, (טרינקט) ווי זי איז, אָבער דאָך אויף דער עלטער, איך פערשטעה עס, לאָז דער מחותן נאָך אַביסעל נעמען, אפשר עפּעס צו צובײַסען (ער זוכט אין קרעדענס) אַ וווּיל שטיקעל לע־קעך, לאָז דער מחותן נעמען.

גרויסגליק: איך דאַנקע (עסט) זעהסט דו, דו האָסט רעכט, זיצט איינער אַליין ... טעלטער יעדע בעזונדער, זיצט איינע דרינען (ווײַזט אויף מיטעס טהיר) זי איז בײַ אויף מיר ... אין איהר מוטער געראָטען ... ווײַזט זיך נישט פאַר מיר ... רעדט נישט מיט מיר ... געהט דורך איבער די שטוב,

קאַלט, און דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען ... איינגעשלאָפען אַזוי אין זיך... קיינעם נישט צולאָזען צו זיך... קיינעם נישט זאָגען פון זיך ... און דאָ נישט קיינעם... יעדער זיין וועלט, זיין צימער ... איהר זענט גוטע מענשען ... איהר זענט אין איינעם ... אַזוי צוזאַמען ... דאָס איז גוט . . זעהר גוט ... איהר זענט גוטע מענשען ...

**גאָרקעבער** (אבּיסעל בּעטרונקען, סעהר דרייסטער): איך וועל דעם מחותן אָפּען זאָגען, מיר זענען פּראָסטע מענשען, אָט אַזוי זענען מיר. איך וויים איהר זענט פּאַניע גרויסגליק, איהר דאַרפט נישט צו זיצען מיט מיר בּיי איין טיש, אָט ווי איך דאַרף שטעהן פאַר אייך (שטעלט זיך אויף און שטעלט זיך די האַנד צום שטערן) אַזוי דאַרף איך צו שטעהן פאַר אייך, איהר זענט דאָך פּאַניע גרויסגליק, און איך בין נאָר דוד גאָרקעבער.

**גרויסגליק**: ניין ... ניין ... (נעמט איהם אַראָב די האַנד פון שטערן). איהר זענט גוטע מענשען... גוטע מענשען ... אינאַיינעם זיין ... אַלע, אינאַיינעם ... זיין ... אַלע ... זעץ דיך ... טרינק ... (גיסט איהם אָן אַ גלעזעל).

**גאָרקעבער** (צופרידען טרערען ווייזען זיך איהם אין די אויגען): פּאַניע גרויסגליק... ניין ... איך דאַרף דאָ נישט זיצען נעבען אייך ... איך וויים ווער איהר זענט ... איך האָב בּיי אייך די טישען סערווירט ... בּיי אייער פאָטער, עליו השלום, אויף אייער חתונה... איך וויים ווער די גרויסגליק'ס זענען ... לאָזט מיך אייך די האַנד קושען, פּאַניע גרויסגליק... איהר דאַרפט נישט מיט מיר דאָ צו זיצען און צו טרינקען פאַן בּראַט, איהר. זענט די גרויסגליק'ס (וויל איהם די האַנד קושען).

**גרויסגליק** (ציהט אָב פון איהם די האַנד): ניין... מחותן ... ניין ... איהר זענט גוטע מענשען... בּראַווע מענשען ... האַרציגע מענשען ... אַוועק די גרויסגליק'ס שלעכטע מענשען ... אַלע אין איינעם זיין ... אַלע ... אַזוי ... (עס קומט אַריין צולויפען זאָשקע אין יום טוב'דיגען אָנגעטהון, לויפט צו מיט פריינד צום פאָטער).

**גאָרקעבער** (שטעלט זיך אויף): דאָס פריילין גרויסגליק (פערניינט זיך).

**זאָשע**: פּאַפּאַ, דער פּאַפּאַ וויים, איך ווער היינט פערלויבט ...

**גרויסגליק** (נעמט זי אַרום): איך וויים טאָכטער ... (ווייזט אויף דוד) מיט זיי... גוט טאָכטער... גוטע מענשען ...

**דוד גאָרקעבער** (כאַפּט זיך אויף פערוואונדערט): ווער? וואָס?

**גרויסגליק**: נישט מורא... גוט ... איך וויים... מיט איינעם פון אייך ... גאַנץ גוט ... גוטע-מענשען ... אַלע אינאַיינעם זיין... גוטע-מענשען ...

**זאָשע**: איז דער פּאַפּאַ איינשטימיג, אַזוי, ווי גליקליך איך בין (קושט דעם פאָטער) נישט וואָהר, וועט גוט זיין... מיר וועלען זיין אַלע אין איינעם ... אַח פּאַפּאַ (דערזעהט אין טיר ליב'ן מיט בּער'ן וועלכע קומען בּיידע אַריין אָנגעטהון יום טובדיג, אויסגעקעמט און אויסגעצירט, ליב זעהר פאַרזיכטיג, מיט מורא געפיהרט דורך בּער'ן) אַ, ליב, ליב, קום אַריין, און דער פּאַפּאַ וויים שוין דערפון ... און דער פּאַפּאַ בּעשטעהט... קום אַהער, קום אַהער ... (לויפט צו צו די טיר, כאַפּט אָן ליב'ן בּיי דער האַנד און

פֿירט איהם צו צום פֿעטער) זעהסט פּאַפּאַ דאָס איז מײַן ברויטיגאַם.

בער (גײט אויף צו, טבּיסל פֿון דערוואַרטענס מיט רעספּעקט מיליטעריש): איך דער קוזין.

ליב (בלאַס, ציטערט, שטאַמעלט): איך בין גאָרנישט שולדיג ... זי, וויל ... (ווײַזט אויף זאַשען) איך בין גאָרנישט שולדיג ...

פּאַפּאַ: שאַדט נישט ... נישט קײַן מורא (בעקוקט איהם) גוט ... גאַנץ גוט .. (בעקוקט איהם פֿון קאָפּ ביז פֿיס) שענער יונגע ... קומסט אין דער פֿאַמיליע אַרײַן ... שאַדט נישט ... (גיט איהם די האַנד) זעץ דיך.

זאָשע: זעהסט ... און פּאַפּאַ בעשטעהט ... נישט וואָהר? האָב נישט קײַן מורא, ליב, וועסט זעהן, אַלע וועלען זיך פֿרעהען. זעץ דיך.

בער (צו ליב'ן, לערנט איהם): זעץ דיך, אַז מען האָט דיך געהײַסען (זעצט איהם אַנידער).

זאָשע (צו בער'ן): זעטצען זי זיך אויך, בער.

בער (פֿערגנייגט זיך זעלנער־אַרטיג): דאַנק (זעצט זיך).

דוד (אויפגערויטעט צו ליב'ן): אַזוי, ברודער, קריכסט אַרײַן אין פֿאַמיליע גרויסקליק'ס ... מוזט דאָך וויסען ווי זיך צו האַלטען, ליב, דו ווייסט ווער עס איז דאָס אַזעלכעס די גרויסגליק'ס? אונז האָט עס אָבגעקאָסט טויזענדער איידער מען איז אין די פֿאַמיליע אַרײַנגעקומען ... אין דו אַזוי אָהן אַ גראָשען־קריכסט דו אין דעם שמאַלץ־גרוב ... האַלט דיך ברודער .. דו ווייסט ווער עס איז אַזעלכעס די גרויסגליק'ס? דו ווייסט?

בער (שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ צו ליב'ן): הער וואָס מען זאָגט דיר, הער ...

גרויסגליק: נישט ... נישט ... וועט שוין גוט זײַן, בין צופֿריעדען ... זעהר צופֿרידען ... אַ טיכטיגער יונג ... זענען טיכטיגע מענשען (ווײַזט אויף דוד'ן) אַלע אין אײנעם (צו דוד'ן) גיב איהם אָן אַ גלעזיל.

דוד (גיסט איהם אָן אַ גלעזעל): טרינק ליב, לחיים, נאָר זײַ אַ מענש, קען דיר גוט זײַן.

בער: הלואי אויף מיר געזאָגט געוואָרען.

זאָשע: מיר וועלען זיך דינגען די גאָרקיך וואָס איהר האָט געהאַט דריבען, און מיר וועלען זיך אַלײן מאַכען אַ שענק, ס'וויאָהר, ליב?

ליב (נעמט דאָס כּוס אין האַנד אַרײַן, וויל זאָגען לחיים, האַלטען'ן לאַנג אין האַנד אין וואַגט זיך נישט).

בער (שטופּט איהם): זאָג, לחיים.

ליב (שטאַמעלט): לחיים.

גרויסגליק: צום וואָהל יונגער מענש (די טיר עפֿענט זיך, עס קומט אַרײַן ראָזע).

ראָזע (וועלכע בלײַבט שטעהן פֿון דערוואַרטענס מיט שרעק) וואָס טהוט זיך דאָ אַזעלכעס?

זאָשע (דערזעהט זי, האַפּט זיך אויף): אָה. זעהסט דו, ראָזע.

ליב (האַפּט זיך אויף מיט שרעק): איך בין גאָרנישט שולדיג, זי, (ווײַזט אויף זאָשען) כ'בין גאָר נישט שולדיג.

גרויסגליק (בלײַבענדיג זיצען, צו ראָזען): זעץ דיך טאָכטער... דאָ אהער מיט אונז (גיסט איהר אָן אַ גלעזעל) טרינק, אַלע אין איינעם זײַן... אַלע... גוטע מענשען...

זאָשע (מיט פרייד): און פּאַפּאַ בעשטעהט אויפ'ן שידוך...

בער: און איך... און ליב... (ראָזע קוקט איהם אָן, האַקט ער אָב אין מיט'ן, פערלירענדיג דאָס לשון)

ליב (מיט אַ אויסגעשטרעקטע האַנד האַלט אין איין צייגען אויף זאָשען) זי.

ראָזע (ווערט בלייך, פערליערט זיך אָבער נאָר איין סעקונדע): מאַמע, מאַמע (די מוטער ווייזט זיך אין טיר) פיהר דעם טאַטען אין קיך אַריין (צו די יונגען) אַהיים, די מינוט אַהיים.

ליב (ווייזט נאָך איין מינוט אויף זאָשען): זי.

גרויסגליק: אָבער טאָכטער, בלײַבען... זאָל בלײַבען... אַ מילטיגער יונג.

ראָזע (צו די יונגען, וועלכע שטעהען נאָך): אַהיים, (טאָפּעט מיט'ן פוס) די מינוט.

בער (פיהרט אָב ליב'ן): אַז מען זאָגט געהן, — נעה ברודער, (געהט אָב נאָך ליב'ן מיט זעלנערישע טריט).

מוטער (די מוטער פיהרט אָב דעם פאָטער וועלכער איז אביסעל שכור אין קיך אַריין, זי שטופּט איהם נאָך): צרות האָב איך פון דיר.

זאָשע (פאַלט צו צום פאָטער מיט אַ געוויין): פּאַפּאַ.

גרויסגליק: אָבער טאָכטער, בלײַבען (שרייט) בלײַבען! אַלע אין איינעם זײַן! אַלע!

ראָזע (צום אַלטען): אָבער שווער, ה' גרויסגליק, פּאַסט עס פאַר'ן ה' גרויסגליק צו זיצען דאָ אינאיינעם מיט זיי און צו טרינקען אינאיינעם... הער גרויסגליק! איהר פערגעסט ווער איהר זענט!

לעאָן (ווייזט זיך אין טיר): וואָס איז דאָס אַזאַלכעס?

ראָזע: גאָרנישט, נישט דײַן געשעפט, לאָז מיך אַליין בעזאָרגען (שטופּט איהם אָב אין טיר און פערשליסט הינטער איהם די טיר...)

גרויסגליק: שוין אוים גרויסגליק... אוים... אוים...: אַלע זײַן אין איינעם... לאָז טאָכטער... שוין... שוין... אין איינעם...

ראָזע: ניין, נישט אוים גרויסגליק... איך האָב חתונה געהאַט פאַר די גרויסגליק'ס.. פאַר די גרויסגליק'ס האָב איך מײַן גאַנץ פערמעגען צוזאַמענגענומען, נישט געשלאָפען, נישט דערעסען... יעדערן מײַן קישען אַוועקגעגעבען פון אונטער מײַן קאָפּ, יעדען מײַן טעלער פון מויל אַוועקגעגעבען, געזאַמעלט אַ גראָשען צו אַ גראָשען... אַז איך זאָל מיט די גרויסגליק'ס חתונה האָבען... איהר געהט און שענקט דאָס אַלעס אַוועק... אָ ניין... איהר שענקט דאָס נישט אַזוי ביליג אַוועק... טײַער קאָסט דער נאָמען... איהר פערשטעהט זיך נישט דערויף, (צו זאָשען) און זי, פרײַלײַן גרויסגליקס טאָכטער, נעמט דעם ערשטען בעסטען יונג פון דער גאַס... אָהנע נאָך זײַן פאַמיליע צו פרעגען, אָ, שעמען זי זיך אין ווײַטען האַלז אַרײַן, זי, לעאָנס שוועסטער, מיט איינעם פון דער גאַס,

אָהנעֶ נאָך זײַן פֿאַמיליע צו פֿרעגען... אָה, אויף דעם האָב איך מיך נישט גערעכֿט, אויף די גרויסגליק׳ס...

גרויסגליק (אויפגערעגט, שרײַט): אָבער טאַכֿטער... איך וויל נישט מעהר די גרויסגליק׳ס... נישט דאָ מעהר... געשטאָרבען... מיט זײ... אַלע אינאײנעם... אַלע (מאַכֿט מיט די הענד) אַזוי, אַלע, אַלע, אינאײנעם זײַן...

ראָזע: אָ, נײן, שוועֶר... די גרויסגליק׳ס זענען נישט געשטאָרבען... ווירער לעבען... איך האָב פֿאַר דעם מײַן גאַנץ־פֿערמעגענס, מײַן געלד געגעבען, די גרויסגליק׳ס — מײַן געלד... דאָס איז מײַן געלד...

די סוחרים (קלאַפּען אין טיר): מען קען?

ראָזע (מאַכֿט זיך גלײַך די האָר): ווירֿ ביטען (צום שוועֶר) שוועֶר, די סוחרים זענען דאָ, (ה׳ גרויסגליק וויל זיך אויפהעבען און אוועקגעהן. ראָזע האַלט איהם אײן. די סוחרים קומען ארײַן, פֿערנײַיגען זיך). אַ גוטען אָבענד.

ראָזע (מאַכֿט אַ בעוועגונג מיט פּאַטאָס, ווײַזט אויף דעם ה׳ גרויסגליק, וועלכֿער וויל אָבגעהן, קען נישט און קומט אין פֿערלעגענהײַט): האָבען די עהרע איהנען פֿאָרצושטעלען, דעם שעף פֿון אונזער פֿאַמיליע, דער שעף אונזערם געשעפֿט, דער עלסטער פֿון די פֿאַמיליע, ה׳ גרויסגליק, (די סוחרים פֿערנײַיגען זיך טיעף פֿאַר איהם).

ראָזע: אונזער פֿאַטער, דער שעף האָט זײַן וואונש אויסגעדריקט, ער וויל מיט איהנען זעלבסט קאָנפֿערירען.

די סוחרים (פֿערנײַיגען זיך): וויר זענען זעהר געריהרט.

גרויסגליק: אָבער טאָכֿטער... (קוקט זיך פֿערלעגען אום).

ראָזע (עפֿענט די טיר פֿון מאַמאָס צימער): וויר ביטען אינ׳ם קאַבינעט (די סוחרים געהען אָב אין קאַבינעט, פֿערנײַיגענדיג זיך).

ראָזע (ווײַזט אויף מאַמאָס צימער, דער ה׳ גרויסגליק נאָך די סוחרים).

גרויסגליק: אָבער טאָכֿטער דרינגען... (געריהרט) נײן... עס איז דאָך אונמעגליך...

ראָזע: שוועֶר, דאָס געשעפֿט פֿערלאַנגט עס, (פֿיהרט אָב נאָך די סוחרים דעם אַלטען, וועלכֿער האַלט זיך צוריק מיט מורא, אָב).

ראָזע (אין טיר): אײנע סעקונדע, דער יונגער הערר קומט אַזוי גלײַך, (לויפֿט צו צו לעאָנ׳ס צימער, עפֿענט אויף די פֿערשלאָסענע טיר) לעאָן, די קויפֿלײַטע זענען דאָ.

לעאָן (קומט ארויס): וואָס איז דאָ געוועזען?

ראָזע: שאַ, די קויפֿלײַטע זענען דאָ, (פֿיהרט׳ן צו צום קאַבינעט) קום דאָך מיט ארײַן.

לעאָן (האַפּט זיך צוריק): איך דרינגען, „מאַמאָס“.

ראָזע: קינד! שוין אויס מאַמאַ, פּאַפּאַ איז שוין דרינען. (עפֿענט די טיר, לעאָן דערזעהט די קויפֿלײַטע מיט׳ן פֿאָטער, געהט ארײַן).

ר אָ ז עָ (רופֿט נאָך אין צימער): טעכֿטער, וואַנדע, מיטע, ווילט איהר פֿיעליַיכֿט פֿאַר די הערן פּיאַנאָ שפּילען, (אָב נאָך לעאָנ'ן אין קאַבינעט).

מ י ט ע (קומט אַרויס פֿון איהר צימער געפֿיהרט דורך וואַנדען, זי האַלט אויף איהרע הענד פֿערטריקענטע קרענצען, אַסטען פֿערטריקענטע, שוואַרצע טרויער־בענדער מיט אויפשריפֿטען).

ו ו אַ נ ד ע: און הערסט דו שוין נישט מאַמאַס טריט, שוועסטער.

מ י ט ע: האָט זיך אַרויסגעצויגען פֿון איהר צימער. און קומט שוין קיינמאָל נישט צוריק... נישט איך הער ביי נאַכֿט איהרע טריט... נישט איך זעה שוין איהר שאָטען אויף די וואַנד בלאָנדושען, מאַמאַ, האָט זיך ווייט אַרויסגעצויגען פֿון דאַנען, און קומט שוין קיינמאָל נישט צוריק.

ו ו אַ נ ד ע (וועלכע בעגלייט איהר ביז צום טיר): און וואו אהין געסט דו, שוועסטער?

מ י ט ע: מאַמאַ זוכען... מאַמאַ זוכען... (אָב).

פֿאָרהאַנג.





# הערבסט.

I.

לאנג אבגעבלאנקט האבען אין פעלדער דער סערפּ און די קאסע,
די תבואות — זיי זענען אויף העלפט שוין אין שייער;
אויף לעדיגע בייטען וועט פאלען די זילבערנע ראסע
און שניטערקעס וועלען ניט זינגען מעהר היי־יאהר.

און נאך אטאג, נאך אטאג... וועגענער לאנגע בערויבען
די מאמע, די ערד, פון דער פּריה, פון בעגינען, —
און אז די לבנה ביינאכט וועט א קוק טהון פון אויבען,
וועט זי א פּערי־יתומ׳טע פעלד שוין געפינען.

II.

ב׳האב אין גארטען אויפ׳ן בייטעל
לעצטע רויזען אנגעקליבען:
ד׳בלעטלעך זענען איינגעשרומפּען
און די פארבען אבגעריבען.

און דער דופט איז אויסגעזויגען,
און דער טוים־אורטייל פערשריבען,
און דער אורטייל איז גע׳חתמ׳עט
מיט א אסיען־קוש א טריבען.

## III.

שא, דער ווינד איז איינגעשלאפען
און די בוימער שטעהען שטום —
אין דער לופטען פלאטערט נאר
א געהיימנים שטיל ארום.

און עס אטהעמט שטיל אנ׳אטהעם,
שוין א גאסט פון צפון־קאלט:
עס דערפיחלט דעם הויך דאס בלעטעל,
ניט א ציטער עס און פאלט.

עס דערפיהלט דעם הויך דער פויגעל,
האקט ער אב זיין זינגען באלד
און פערטראכט זיך: אט פערפליהט ער
און פערלאזט זיין היימאטס־וואלד.

שא, דער הימעל איז נאך לויטער
און דאס טייכעל איז נאך קלאר,
נאר די לופט איז פול ערוואַרטונג:
ערגעץ קומט א סוד איצט פאר...

## IV.

ווייט פון וועגען, וואו מען זעהט קיין דורכגעהער, קיין פאהרער
ערגעץ אין א וועלדעל ביי א קערניצע א קלארער,
ליעגט פון אייביג אן א גראהער שטיין א שטומער —
אויפ׳ן שטיין דארט זיצט יעצט אין א הערבסט־מאנטעל דער זומער,
אהנמעכטיג די הענד אראבגעלאזט, און די אויגען דעקט א כמארע,
אויפ׳ן קאפ א קראנין פון האלב־פערוועלקטע בלעטער דארע,
אויף די בלאסע ליפען גאנין שניר פון ליעבע־סודות שטילע —
אין ערוואַרטונג זיצט ער און ער שעפטשעט אויפ׳ן וועג א תפילה.

ס'פערגעהט די זון. עס נעהמט ארום די נאכט פון אלע עקען,
דאמאלסט נעהמט אין האנד דער וואנדערער זיין שטעקען,
לאזט זיך געהן פון וואלד ארויס אויף ברייטע וועגען,
און ביי'ם שייד־וועג, האלבע נאכט פונקט, קומט איהם עמיצער אנטקעגען.

פערשפעטיגטע דורכגעהער האבען ניט איינמאל סוף זומער געטראפען:
עס קומען צונויף זיך ביים שייד־וועג צוויי שאטענס פון דרום און צפון;
זיי גיבען די הענד זיך ביי'ם גלאנץ פון לבנה און שיידען זיך ווידער —
די לייבליכע ברידער.

## V.

לאנגזאם שוועבען שפין־געוועבען
איבער פעלדער, איבער סעדער
און קאלירטע שטראהלען בליקען
קייקלען זיך, ווי צויבער־רעדער.

און די ווייטע האריזאנטען
ווערען קעלטער, ווערען בלאסער,
און די העלע פארבען שווינדען,
ווי א חלום, ווי א וואסער.

שטיל געהט אויף די זון אין רויטען,
און פערגעהט אין פורפור־רויטען,
שטיל פערגעהט זי, ווי פערבענקט זיך
נאך א ליעבען, נאך א טויטען...

## VI.

א ווינטעל א קיהלער פון צפון־זייט. וועהט:
א שטים אויף די בערגער, ווי עמיצער געהט...

פון בערגער אין טאלען צוטראגט זיך דער קלאנג:
עס האט איהם בעגעגענט א פאסטעך ניט לאנג.

אין געלבען, אין ווייסען — געקליידט צווייערליי:
דאס פנים פערוויאלעט, דער רוקען אין שנעע.

ר'האט נעכטען אין וועלדעל א ווילע גערוהט —
שוין שטעהען די בוימער בעשפריצט, ווי מיט בלוט.

ר'האט די נאכט גענעכטיגט ביי אונז אויף א בייט —
און אונזערע רויזען, זיי זענען היינט טויט.

## VII.

וואס פערצעהלט אינ'ם קאפ פון די בוימער דער ווינד?
א מעשה, וואס ז'לאנג שוין פערגעסען אצינד.

אז גאט האט בעשאפען די ערד און דעם הימעל
האט ער זיי בעשאפען א בלאה־גרינעם צווילינג,
און נאט האט געפרעהט זיך און גאט האט געשמייכעלט,
אויף דר'ערד האט געוועלטיגט אנ'אייביגער פריהלינג.

עס האבען די טייכען געשוימט, און די לאנקעס —
זיי האבען אין זון זיך געבאדען, אין קוויטען,
אין וואלד האבען זארגלאזע פויגעל געהילעכט,
אזוי ווי די פידלען, אזוי ווי די פלייטען.

פון איין בוים צו'ם צווייטען שנעל טראגט זיך דער ווינד:
די אוראלטע מעשה'לע ווייטער זיך שפינט.

אמאל האבען מענשען פאר גאט שווער געזינדיגט
און ס'האט זיך צופלאקערט דער הייליגער צארען,
א בליץ האט געגעבען אנ'אויג, און דער שמייכעל
איז באלד פון גאט'ס ליפען פערשוואונדען געווארען.

דאן האבען די בלומען פערלארען די פארבען,
די בלעטער – זיי זענען פערדארטע געבליבען.
און שטיל איז געווארען אין וואלד—א בית עולם:
דער שרעק האט די זינגער, די פויגעל פערטריבען...

ס'פערצעהלט זיך די מעשה אזוי, און געשווינד
פון איין בוים צום צווייטען פליהט איבער דער ווינד.

## VIII.

און פערדעקט מיט שווערע כמארעס,
פונקט א בלייענפארבטער טאוועל,
קוקט דער הימעל פון פריהמארגען,
ווי א קאפ פערטיעפט אין זארגען,
ווי א טרייסטונגסלאזער אבל.

ס'איז געווען א מאל א זומער,
און געווען א מאל א פריהלינג...
וואס פערגעהט, דאס וועט ניט קומען:
צוויי מאל בליהען ניט קיין בלומען –
קוקט דער הימעל, ווי א שטומער.

קורץ זיין האנד... די זון ווערט קעלטער,
אומעט, עלענד ווערען גרעסער.
קורץ זיין האנד... דער ערד פעהלט חיות
און דער הערבסט – ער מאכט קיין שהיות –
פלינק די האנד און שארף דאס מעסער.

אהן אנ'אויסגאנג, אהן א רעטונג...
נעהמט דעם הימעל דורך א ציטער
אינ'ם תהו אינ'ם גראהען,
וואו עס פליהען אום נאר קראהען
און עס פלאט'רען הוילע ריטער...

IX.

עס האט זיך דער רעגען אויף טעג לאנג פערצויגען;
ניט איין שטראהל אין הימעל—כאטש קוק אויס די אויגען:
א וועלט האט זיך שבעה געזעצט און עס ווײנט.

עס פאלען די טראפּעלעך אהנמעיכטיג קאלטע,
עס חזרט זיך איבער די מעשה די אלטע,
וואס אלט איז, אזוי ווי די וועלט.

א מאל איז געוועזען א פּאלאץ פול צויבער,
עס האבען אין פּאלאץ געוואהנט זיבען רויבער,
מיט זיי האט געוואהנט אויך די שענע בת־מלכה.

ז׳געקומען צופליהען א שטורעם פון צפון
און האט אינ׳ם שפּיץ פונ׳ם טורעם געטראפען —
און באלד איז פערשוואונדען דער הלום.

פערפלויגען די רויבער, ד׳בת־מלכה פערטריבען,
פון פּאלאץ ז׳א חורבה אנ׳אלטע געבליבען
פאר שדים און רוחות א נעסט.

און ס׳פאלען די טראפּענס אין טרויער און שווערען:
עס טרינקט זיך די וועלט אין די אייגענע טרערען,
עס געהט זיך פון ערגעץ קיין רעטונג, קיין רעטונג...

X.

און נאך א מאל האט זיך די זון דורך די וואלקען,
אזוי ווי דורך שטיינערנע ווענד דורכגעריסען,
און האט פון געפאנגשאפט די ערד די יתומה
בעשאנקען געטריי מיט א שמייכעל א זיסען.

ס׳האט ערגעץ דערביי זיך א פויגעל צוזונגען
אין קאפּ פון א הוילען א שטארבענדען בוימעל;
די ערד איז גאר פלוצלונג ווי צו זיך געקומען,
און האט א ברוהטע געבענשט פאר זיך גומל.

און שען איז געוועזען דער טאג און בעהארציגט,
עס האט זיך א רגע געדאכט, נאר א חלום
א בייזער האט דר׳ערד זיך גע׳חלומ׳ט,
און ווידער ז׳דער זומער געקומען בשלום –

אזוי פלאקערט אויף אויך דער פאלענדער שטערען,
איידער ער ווערט אינ׳ם תהו פערשוואומען,
אזוי גיסט זיך שטארקער דאס דופטען אין לאנקע,
איידער עס ווערען פערוויאלעט די בלומען.

## XI.

דער הערבסט האט די אויגען די מידע פערמאכט:
ס׳האט עמיץ בעזילבערט די ערד ביי דער נאכט.

און האט אונז די שויבען מיט בלומען בעדעקט,
עס האט אינ׳ם צימער מיט שנעען פערשמעקט.

און ליכטיג איז ליכטיג, די אויג ווערט פערבלענדט,
דער שפּיץ פונ׳ם טורעם אין זונען־שיין ברענט.

און ס׳דרעהט זיך דער ווינד אינ׳ם געסעל און לאכט:
דער הערבסט האט די מידיגע אויגען פערמאכט.

משה טייטש.

* *

*

דו ביסט אוועק. אליין בין איך געבליבען.
נאר נישט די ערשטע ביסטו אין מיין וועג,
נישט איינע וועט פערבייגעהן מיך און ליעבען
און זוכען וואו א רוהיגערען ברעג.

א לייכט־טהורם בין איך, וואס שטעהט פערוואָרפען
אויף א וויסטען אינזעל ערגעץ וואו,
עס קען מיין ליכט אין נאכט קיין וועג נישט וויזען
עס קען מיין ליכט דערצעהלען נור פון רוה.

דו ביסט אוועק. אליין בין איך געבליבען,
נישט איינער וועט נאך אבשטעלען מיין ליכט,
נישט איינע וועט נאך קומען און פערלאזען,
נישט איינע וועט בעלייטען מיין געדיכט.

**דוד איינהארן.**



## נאך קנוט האמסון.

I.

# איך זיץ...

איך זיץ און איך גריבעל און קען נוט פערשטעהן:
דער קארען פערשניטען, די בלעטער צושאטען,
און אלץ, וואס אין זומער געבליהט, איז צוטראטען,
דאס גראז האט געגרינט נאר כדי צו פערגעהן —
איך קען ניט פערשטעהן!

דאס גראז האט געגרינט, כדי היי ווערען שפעטער,
דאס קארען — צו שטילען דעם הונגער און נויט,
די בלעטער — צו קיהלען אין ברענענדען וועטער —
דאך איך—למאי האבען מיר שמחות געבליהט אזוי רויט
און זענען איצט טויט!

א. רייזען.



II.

## צו אלווידע.

נאט שטראף דיך, אלווידע,
דו האסט גערויבט מיין גליק
און האסט געפיהרט מיך בלאנזשענד,
און נעהמסט דיין ווארט צוריק.
א ווייטער וועג ערווארט מיך צינד,
דארט שיינט קיין זון, דארט בלאזט א ווינד—
נאט שטראף דיך, אלווידע.

נאט בענש דיך, אלווידע,
פאר יעדען אויגענבליק.
דו האסט מיך פיעלע נעמען
גערופען, אויך דיין גליק.
דו לאזסט מיר אין דיין הארץ אריין
און ביזט א ווייל געוועזען מיין.
נאט בענש דיך, אלווידע!

א. רייזען.





# אַ ליעד פון אַ מיידעל.

---

קומט דער אָווענד נאָר אויף דער וועלט אַראָב
געהען מיידלעך פון פאַבריק אַרויס,
און זיי לאָזען זיך מיט'ן ברייטען וועג
אויפ'ן פרייען פעלד צו'ם שפּאַציר אַוועק.

מיט'ן אָווענד גלייך אויפ'ן ברייטען וועג
קומען אויך אַרויס יונגע בחורים,
מען בעגעגענט זיך און מען רעדט, מען לאַכט,
און מען ליעבט זיך דאָרט ביז אין טיעפער נאַכט.

קומט דער אָווענד נאָר אויף דער וועלט אַראָב
געהען מיידלעך פון פאַבריק אַרויס —
אַלע לאָזען זיך אויפ'ן ברייטען וועג —
אויף דער הינטער-גאַס געה נאָר איך אַוועק.

קוקט נישט, חבר'טעס, וואָס איך בלייב אַליין —
נישט בעשערט פאַר מיר איז דער ברייטער וועג.
פרעגט נישט, חבר'טעס, וואוהין פיהרט מיין וועג—
נישט פאַר אייך געדאַכט אין דעם וועג צו געהן.

אויף דער הינטער-גאַס, נעבען פרייען פעלד
שטעהט אַ מויער-שלאָס אַ פערפאַרקענטער,
און אַ וועכטער געהט און ער קוקט און הערט,
און עס קלאַפּט די ביקס אין דער קאַלטער ערד.

דאָרט אין מויער-שלאָס פון אַ פענסטערל
ציהען בליקען זיך אין דער נאַכט אַריין,
דאָרטען וואַרט אויף מיר מיין געליעבסטער-קרוין,
און די שוואַרצע שויב שלינגט מיין נאָמען איין.

נאָר דאָס ווייס איך נישט, וואָסער פֿענסטערל
האָט זיין בלייך געזיכֿט איינגעהילט פֿון מיר.
און ס'איז שטיל די נאַכֿט, נאָר אין וואָלקען־גראָה
די לבנה שווימט, — און איך בעט ביי איהר:

— מיין געלי עבטער בענקט פֿון דער איינזאַמקייט
כּ'וויל איהם שיקען חאָטש פֿון דער ווייט אַקוש.
נעה אַרויס פֿון וואָלקען, לבנה־ליעב,
צו זיין פֿענסטערל מיר אַ סמן גיעב.

קומט דער וועכֿטער אָן מיט זיין בייזען קול:
— וועמען זוכסטו דאָ, וועמען דאַרפֿסטו דאָ?
מיט זיין בייזען קול טרייבט ער ווילדען שפּאַס
און ער יאָגט מיך נאָך אין דער הינטער־גאַס.

און איך קום אַהיים — שטעהט די מאַמע אויף
פֿון איהר אַלטען בעט, שרייט זי אָן אויף מיר:
— ס'פֿאַלט מיר נעבעך דאָ ס'האַרץ אַרויס פֿאַר שרעק
און זי לאָזט זיך דאַרט ביז אויף טאָג אַוועק.

מאַמע טייערע, ליעבע מאַמעניו,
מיין צובראָכֿען האַרץ פֿאַר וואָס זעהסטו נישט,
פֿאַר וואָס ווייסטו נישט פֿון דיין אייגען קינד,
אַז אַ נאַכֿט אַ טאָג איז איהר וועה און ווינד...

מנחם.





# אַ ליעד פון אַ צוריקגעקומענעם.

האָלבער נאַכט, דעם קאָפּ געבויגען
זאַק און שטעקען אין די הענד,
שפּאַנט אַ מענש אין פינסטער געסל
שאַרט זיך שטיל ביי שוואַרצע ווענד.

וואַכט ער אויף אַ איינזאַם שטיבעל,
ס'קלאַפּט דאָס האַרץ — ער קלאַפּט אין טהיר.
— אוי, ווער איז דאָרט? פרעגט אַ שטימע
און דער פרעמדער ענטפערט איהר.

ווערט אַטהירעל האַלב-געעפענט
בלייבט דאָרט שטעהן אַ בלייכע פרוי.
— דו?.. און ס'בלייבט איהר קול פערציטערט,
און די האָהר — ווי מאָרגען-טוי.

— איך... קלינגט אָב זיין שטילער ענטפער.
שטאַרע אויגען קוקען שטום —
איינגעפאַלען איז דאָס שטיבל
און פערענדערט אַלץ אַרום.

און אין שיין פון לעמפּעל הערט זיך;
— נישט בעוואונדער מיינע האָהר!
ס'האָבען שנייען זיי געוואַשען
און פערווייסט פון יאָהר אויף יאָהר.

ס'האָט אַ ווינד מיין קאָפּ געבויגען,
און די אויגען פרעג נישט מעהר.
אויסגעקוקט האָב איך די אויגען
אין דער ווייטעניש אַהער.

און נעחלומט האָב איך יאָהרען
וועגען מערב׳ס שטילע רוה.
צאַרטע הענד און ווייבע בליקען
האט מיין ווייטע פרוי... האָסטו...?

ווען די שטיל מיין קאָפּ פערוויגען
אויף דער ברוסט, וואָס ליעבט אין שטיל,
און מיין קינד... ער קוקט זיך אומ׳עט.
ס׳קלאַפּט אין וואַנד אַ האַרטע גריל.

און זי עפענט איהרע אויגען
און זי ציהט דעם ענטפער בלייך:
— צאַרטע הענד פערשוואַרצען ליידען,
פינסטער מאַכט אַ בליק נישט ווייך.

און דאָס קינד... ביי׳ם אַלטען פּאַ־קאַן
בויגט אַברעטיל זיך צו דר׳ערד,
ס׳וואַקסט אַגרעזיל אַרום ברעטיל —
קיין מצבה נישט בעשערט...

אינ׳ם טונקעל הערט מען חליפען,
קושען שוועבען אין דער שטיל —
און די שיין פון לעמפּיל ציטערט...
ערגעץ קלאַפּט אַ האַרטע גריל...

מנחם.





משה סטאַווסקי.

# וואַרקאַ

אין דער פֿריה, ווען עס האָט נאָר אָנגעהויבן העלען אויף טאָג, איז שמחה דער קצב — שוין געווען אָבגעדראַווענט, אין דעם גרויסען פלאַשץ מיט דעם שטריפליך זיך אַריינגעוואָרפֿען, אַ שטיק ברויט אין קעשענע מיט זיך פֿערחאַפּט האָט ער צוקומענדיג צום שטוב, וואו זאַנוויל דער שוסטער האָט געוואָהנט, שטילערהייד אין פֿענסטער פֿון זיין אַלקער געפּויקט:

— זאַנוויל, דו שטעהסט אויף? זאַנוויל, זאַנוויל!

פֿון שטוב האָט זיך אַ סקריפּ פֿון אַ הילצערנע בעט, אַ לאַנג אויסגעצויגענער פֿוילער גענעץ דערהערט. און נאָך יעדער „זאַנוויל" האָט זיך אַלס ענטפֿער אַ שלעפּערדיגער „וואָס" געטראָגען. דערנאָך האָט אין שטוב אַ ווייבערשער קול איינגעגעסען און שטאַרק בעטאָנט, זיך „צעזאַנווילט" און דעם „וואָס" איבערגעקרימט, און ווען זאַנוויל האָט הויך און דייטליך געזאָגט: — אָט באַלד איך גיעה! האָט מען זיך בערוהיגט.

שמחה איז ביי דער טיר געבליבען וואַרטען. נישט לאַנג האָט געדויערט און פֿון שטוב האָט זיך אַ ריהרעוודיגער, בלייכער יונגער מאַן, שוואַרץ בעוואַקסען — אַרויסגעוויזען, אין דעם שבת'דיגען פּאַלטאָ, מיט אַ גרויסען שאַל אויפ'ן האַלז, איין עק יאַלדעש פֿון הינטען פֿערוואָרפֿען, מיט אַ שפּיציגע אַכט קאַנטיגע היטעל, און אַ פּאָר נעטע שטיוויל מיט האַרטע חאָליאַוועס.

זיי האָבען צווישען זיך אַ פּאָר ווערטער איבערגעוואָרפֿען, שטיל, ווי זיי וואָלטען דורך וועמעס אַ שלאָף־צימער געגאַנגען, האָבען זיי זיך מיט דער גאַס צום גרעבלע גענומען און פֿון שטעדטיל אַרויס.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ העלער, אַ פֿרישער סוף־ווינטער טאָג, אויף די דעכער, איבער'ן גאַס, אויף אַ קליאַמקע פֿון אַ טיר, אויף אַ טשוואָק־קעפּיל אין אַ וואַנד, אויף די נאַקעטע

בוימער צווייגען, איז ווי אַנגעשאָטענע דימענטען, אַ ווייסער פֿראָסט געלעגען, און געגען די ערשט געבאָרענע זון־שטראַהלען אין ט־יענדער פֿאַרבען זיך געמינעט און געבלענדט אין די אויגען.

די זון איז אין עק הימעל גאָר נידעריג פֿון די שוואַרצע, פֿייכטע פֿעלדער מיט שנעע־פֿלעקען אָנגעהויבען אַרויפֿשטייגען. האָט דרייסט־העל און שאַרף צו דער וועלט אַרויסגעקוקט און אַ ליכטיגען, וואַרעמען טאָג צוגעזאָגט...

פֿון דער נעריכט מיט בוימער בעזעצטע גרעבלע, וועלכע האָט אין זיך נאָך אַ שטיק סוד פֿון דער נאַכט פֿערטוליעט, זענען זיי באַלד אויף אַ ברייטען שלאַך, מיט פֿרייע פֿעלדער ביי די זייטען, אַרויס און זיך געלאָזען מיט'ן וועג געהן...

שמחה איז פֿאָראויס געגאַנגען. דאָס טומפּע געזיכט האָט פֿויל און גלייכגילטיג פֿאַר זיך גע־קוקט און דיר גאָרנישט דערצעהלט. אין אַ זייט מויל האָט ער מיט שטאַרקע צייהן אַ קליין לולקעלע געהאלטען. שמאָלע, פֿאַסיקלאַך ווייסע רויך געלאָזען, מאַכענדיג מאָנאָטאָנע מיט די ליפּען פּאַף... פּאַף... און צייטענווייז פֿון דער צווייטער זייט מויל הילכיג אין דער לופֿט געשפּיגען.

פֿון צווישען דעם פֿונאַנדערגעעפֿענטען פּלאַשץ האָט זיך געזעהן; אַרויס בייען לייביל מיט אַ לעדערנעם פּאַסיק אַרומגעגאַרטעלט. צוויי פֿעדעמנע פֿערבלוטיגטע ציצית, פֿעט גלאַנצעדיגע הויזען, וועלכע האָבען שוין לאַנג זייער ערשטען אויסזעהן פֿאַרלאָרען, אַ פּאָר גרויסע ווייסליכע שטיוועל מיט אַראָבגעלאָזענע חאַליאַוועס, און וואו נישט וואו פֿערהאַרטעוועטע, שוואַרצע בלוט־פֿלעקען...

זאַנוויל איז איהם נאָכגעגאַנגען. אויף דעם בלייך געזיכט האָט זיך פֿון דעם געזונדען, פֿראָסטיגען מאָרגען, אַ פֿרישע יונג חנ'ווריגע רויטקייט און אַ שלעפֿערדיגער קינדישער צופֿרידע־נער שמייכעל צוגאָסען.

ער איז געגאַנגען; האָט אויסענווייניג עטוואָס פֿון דאַוונען געזאָגט, און צופֿרידען געקלערט:

„י"ב טבת איז געוואָרען אַ יאָהר נאָך זיין חתונה, דעם מיטוואָך. ווערט וועלוועלע שוין צעהן וואָכען". ווען ער האָט ערשט די שטוב פֿערלאָזען איז דאָס קינד ביי איהר אין בעט געלעגען און פֿון ברוסט געזויגען, דורך דער שפּאַרע פֿון לאָדען האָט זיך אַ שמאָל שנירעלע טאָג־ליכט אי־בער זיין בלאָנד קעפּיל מיט די צוויי קאָלטענדלאַך פֿון הינטען — צוגאָסען. פֿונ'ם קעפּיל האָט זיך דאָס שנירעלע איבער איהר ברוסט געצויגען און אַרויף איבער דעם ווייסען האַלז. דאָס האַלז איז עפּעס ווייסער און פֿולער געוואָרען, פֿונ'ם האַלז אויפֿ'ן געזיכט איבער'ן פֿערמאַכטען, האַלב איינגעע־שלאָסענעם אויג, ביז דעם ראָזע ציפּיקיל... ער האָט איבער זיי דאָס דעק פֿעררינכט, אין דאָס קליין וואַרעם קעפּעלע צווישען די צוויי קאָלטענדלאַך אַ קוש געטהון, די שוויגער האָט נאָך איהם די טיהר פֿערמאַכט. און ער איז פֿון שטוב אַרויס...

און ווי שנעל עס האָט זיך ביי איהם אַלץ איבערגעביטען. אָט ווי נעכטען איז ער ביי יענעם אַ יונגעל געווען; פֿלעגט זומער אין אַ גאָרטען זיך אַריינכאַפּען, באַ'נעם אָנטרעסלען. די העמד מיט

אַ פֿאַס אַרומגאַרטלען און זי אַרבעס־סטרוצעס, אַרומלייגען מיט באַב. הושענה־רבה פֿאַרטאָג מיט חברה, מיט גרויסע שטעקינעס, און מעסערס אין גראַפּ׳ס סאָד זיך אַריינברעכן בײַ דער סאַ־זילקע הושענות אָנשניידען.

ערשט איז ער אַ בעל־הבית, האָט אַן׳איינען וואָרקשטאַט, אַ יונגעל אין האַנד. בײַ דער שווינער אין שטוב אַ בעזונדער אַלקער, אַ פֿענסטער צו דער אַרבייט, אַ פּאָר בייטען אין גאָרטען. אַ שטאָרט אין בית־המדרש, צווישען מנחה אין מעריב זעצט ער זיך גלייך מיט אַלע יודען צו דעם „עין יעקב״ הערען.

און ערשט פֿיהרט איהם שמחה דער קצב אַ בהמה זעהען, און איהם דאַכט, אַז ער וועט זיך פֿעסטער פֿיהלען, וועט מעהר פֿערנומען זיין, חברה וועלען איהם אויפֿהערען אין שוהל די ציצית פֿון טלית פּאַרקניפּען. דאָס טלית־זעקעל בעהאַלטען... און קלערענדיג אַזוי געהט ער איבער די שמונה עשרה, זאָגט „ויאמר דוד״, פֿאַרקוקט זיך אויף שמחה׳ס ברייטע פּלייצע און ברודיג פֿאַרוואָקסען, פֿיילען האַלז־און־נאַקען און טרעט איהם אין פֿוס אַריין.

די גערעאַנקען געהען אַריבער צו דער בהמה, זי שטעהט איהם פֿאַר די אויגען, שמחה האָט איהם זי ריכטיג אָבגעמאָלען: אַ פֿריסטע קליין און „שזוואַווע״ אַ יונגס — די צווייטע פּאַשע — מיט דער ערשטער קאַלב, ער ווייס, וועט דערקענען, איהם וועט מען נישט אָבנאַרען. אויף די הערנער דערקענט מען, נאָך יעדעס קאַלב ווערט אַ רעדעלע ווי אַ רויפּעלע, ער ווייס נאָך סמנים: דער וויידיל דאַרף זיין לאַנג ביז די קנאָכיל. די דאָיקעס גרויסע גראָבע. און נאָך און נאָך...

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

---

די זון האָט אָנגעהויבען העכער אַרויפֿקומען. עס האָבען זיך קלאָרע ווייסליכע הימלען פֿער־צויגען; די דימענטלאַך האָבען אָנגעהויבען צוגעהן, פֿערשווינדען, ווי מיט אַ גרויסען בעזעם אָבגע־קעהרט...

דער שליטוועגס איז אַראָפּ, עס האָט זיך אונטער׳ן פֿוס ווייך און בלאָטיג דערפֿיהלט, וואו נישט וואו וואַלגערט זיך נאָך אַ שטיקעל ווייס־ברודיג אייז, וועלכע פּלאַצט אונטער׳ן פֿוס און ווערט צוקראָכען, קליינע לוזשקעלאַך האָבען זיך אין די „וויבוען״ צוגאָסען. אין די קאָליעס פֿון די רעדער האָבען זיך שמאָלע פּאַסען געשלענגעלט, פֿון דער נאַכט מיט דיגע, גלעזערנע היטיל בעצויגען, וועלכע וועלען אין טאָג צוגעהן און מיט דער נאַכט ווידער זיך פֿערציהען.

אין דער לופֿט האָט זיך אַ וואַרימער אַנגענעמער פֿריהלינגס ווינטיל דערשפּירט...

עס האָבען זיך פֿון זייטיגע דערפֿער פֿויערען אין ווייסע זונטאָגדיגע סערמיצקעס מיט ליקענע פּאַסטעלעס אויף די פֿיס געוויזען. און ציהען צום שטעדטיל אין קלויסטער אַריין. אַ פֿויערטע אין אַ ווייס נאַמיטקע אויפֿ׳ן קאָפּ טראָגט אַ הון, עטליכע אייער אין אַ טיכעל, אַ פּעקעלע חזר־

האָר . אַ פויערשע פוהר׳ל געשפּאַנט צו אַ בייבּיג, פוילע קלימאַטשע, פיהרט אַ בינטעל היי, אַנ׳אַבּטעל קאַרטאָפעל אין שטאָדט צו פערקויפען.

זיי זענען צום דאָרף צוגעקומען.

זאַנוויל האָט זיך מיעד, און שווער געפיהלט. די אויערען און דער נאָז דורך געטלייעט און שלאָגען אין אַ בלאָהע רויטקייט. מיט אַ פאַרב אויף דער באַק, וועלכע מיענעט זיך אין רויט מיט וויים. שווער און שיטער ציהט ער דעם אָטעהם אין זיך...

דער דאָרף איז אַ קליינער; עטליכע צעהנדליג הויפען זענען פוןביידע זייטען שליאַך געשטאַ-נען. די הייזלעך האָבען זיך מיט דער ברייט צום גאַס געשטעלט, ווי זיי וואָלטען זיך אָבגערעהט און צו זיך אין הויף פערקוקט.

אַ הונד האָט זיי דערפיהלט, פון אונטער אַ טויער אַרויסגעקראָכען און הייזעריג, נאַריש איין געגעסען, זיך אויף זיי געוואָרפען. באַלד זענען צו דעם נאָך עטליכע צוגעקומען, שמחה האָט זאַנוויל׳ן פאָראויס געלאָזען, און נעהמענדיג דעם שטעקען פון הינטען איז ער איהם גאַנץ קאַלטבלו-טיג מיט דער לולקע אין מויל נאָכגעגאַנגען.

עס האָבען זיך אין די קליינע שייבלאַך בלאָנדע קינדער-קעפּעלעך בעוויזען. עס האָט זיך אין אַ שפּאַלט פון אַ טיר אַ פנים אַריינגעשטעקט און אַ הונד ביים נאָמען אָנגערופען; עס איז אַפויער מיט אַ הוילע קאָפּ, אַנ׳אָפענע, האָריגע האַרץ, אויף וועלכע עס האָט זיך אַ געלב-צלם׳ל, אויף אַ רויט סטענגע געהוידעט — פון שטוב אַרויס און מיט שמחה׳ן אַ גוט מאָרגען געביטען.

פאַר אַ שטיבל מיט צוויי קליינע פענסטער צום גאַס, האָט זיי דער בעל-גוף, וואַסיל באַראַן, אָבגעוואַרט... דאָס איז געווען אַ מאָגער - אויסגעהאָרעוועטער, ברייט-ביינעדיגער פויער, מיט סערע קליינע און שאַרפע אויגען. אין דעם האַרט אָבגעבּרענט געזיכט האָבען זיך קנוימשען געפאַלבט, ווי זיי וואָלטען צו זיך אַליין אַכטונג אַרויסגערופען... דאָס געלע באָרד און האַלז איז וואו נישט וואו מיט ווייסע געשאָרענע שטעכעדיגע האָר בעשאָטען. אַ גרויסע באַראַשקאָווע היטעל איבער די אויערען — וועלכער עס האָבען ווי אַ האַלבער רויף גלאַטע לאַנגע בלאָנד-ברודיגע האָר אַרומ-געצוימט... אַ ווייסע, נייע זונטאָגדיגע סוויטע, איז ביים האַלז מיט אַ שטעקעלע צו אַ פעטלע פערשפּילעט, פון דער אָפען, נאַקעט האַלז קוקט אַ שפּיציג גאָרגיל אַרוים און צוויי מאָגערע פים, אין אויסגעוואַשענע צוגעלאַטעטע לייווינדענע הויזען זענען אין אַ פּאָר גרויסע נייע שטיוול געשטאַנען...

אויף זייער „גוטמאָרגען" האָט ער זיך טיעף אַ נייג געטוהן און מיט אַ „גוטען - געזונד" געענטפערט.

אַריינקומענדיג אין הויף, האָט ער אַ גרויסען סערען האָריגען הונד, וועלכער איז די גאַנצע צייט געלעגען ביים טיף די קאָפּ צווישען די פערדערשטע פיסלאַך און גנב׳ש אַרויסגעקוקט, מיט׳ן פויסט ביי דער פעל פון האַלז אָנגענומען צוגעשלעפּט צום בודע און אָנגעבונדען.

פון שטוב האָבען זיך העל - בלאָנדע קעפּ — ווייסע קאָפּ - טיכלאַך געוויזען, נייגעריג או, נישט פריינדליך זיי נאָך געקוקט — דער בעל-גוף האָט זיי בעז אין שטוב געיאָגט — ווי מ׳טרייבט אַ סטאַדע שעפּסען —

— אַ נו, דאָ חאַטי!

זיי האָבען זיך אונטערגעגעבען, נאָר איינע אין אַ ווייס נאַמיטקע אויפ׳ען קאָפּ, ווייסע עקען איבערן האַלז אַראָב, מיט אַנ׳אָבגעבּרענט קופּערנעם געזיכט, האָט איינגעגעסען נאָך זיי די קאָפּ אומגעדרעהט, גיפטיג און בעטאָנט מיט ביירע הענד, געשאָלטען:

— אַ טאָ איך לִיחאָ נאַניִסלאָ.. שאָב וויט, נאָהיִ ווירִוויחנולי!... און געשאָטען, געשאָטען... וואָסיל האָט אַ וואָרט נישט געענטפערט...

---

גלייך מיט דער שטוב איז אַ שייער; אונטער אַ נייעם דאַך, מיט אַ ברייטע שראָמע סטריכע, ווי אַנ׳אונטערדעכיל, אונטער וועלכער עס איז אַ ליידיגער וואָגען אָהן פּאָלופּישקעס געשטאַנען. עטליכע רעדער, אַנ׳אַלט אָקס, אַ באָראָנע, אַ סאָכע, עטליכע שטיקלאַך טרוקענע דעמבּ האָבען זיך געוואַלגערט. אויף דער וואַנד, אויף אַריינגעקלאָפּטע פּלעקלאַך, זענען כלים צום האַנד געהאנגען. ביים זייט — אַ סטייגיל גראַנדראָווע היי מיט אַנ׳אויסגעצופּטע לאָך פון אונטען און אַ שוואַרצער פּערפּוילטער זערך, מיט סמנים פון ברודיגען שנעע.

נעבען שייער אין הער ברייט, איז דער שטאַהל געווען — אַנ׳אַלט נידעריג געביידע, ביי אַ וואַנד צוגעבונדען אויף קלוטצקעס זענען עטליכע „שטיקלאַך" געשטאַנען... אַ פּאָר מגושמ׳דיגע, גרויסע שפּאַן־אָקסען מיט ברייטע פּאַרנאַנדערגעוואָרפענע הערנער. וועלכע דערלאַנגען ביז די קראָקוועס צו, אַ פּאָר בייקלאַך צום לערנען, קעלבער צו דער ערשטער פּאַשע, און עטליכע אָפּגעקעלבטע בהמות מיט די קעלבלאַך אַרום זיי.

נעגענאיבער ביי אַ זשלאָב איז אַ ביינינ שקאַפּע מיט אַ לאָשאַקל געשטאַנען. אין אַ ווינקעל, אָפּגעצוימט — האָבען עטליכע ברודינע חזרים געחרוקעט... און ווייסע גערדיכטבעוואַקסענע שעפּס׳ן האָבען איינע צו דער צוווייטער זיך געטוליעט...

ווען זיי זענען אין שטאַל אַריין האָבען די שטיקלעך נייגעריג די קעפּ אומגעדרעהט און נאָכ־געקוקט, די שקאַפּע האָט זיך הויך און פרעהליך צוהירשזעט. און זייער קוק איז געווען אַנ׳איבער־געגעבען צוטרוי און אַ פערלאַנג.

וואַסיל האָט זיך אין שטאַל מאָדנע היימיש און ברייט געפּיהלט, ער איז צו יעדען צוגעגאַנגען, עטוואָס פּעררינכט, אַ גלעט געטוהן, צוגעוואָרפען, ווי ער וואָלט זיי בעגריכ׳ען, און יעדער בעזונדער האָבען וואָס צו זאָגען...

צוקומענדיג צו אַ בהמה מיט אַ קעלביל האָט ער איהר ביים נאָמען „וואַרקאַ" אָנגערופען און געהייסען זיך אומדרייהען. זי האָט זיך מיט אַ זייט געשטעלט, דעם קאָפּ אויסגעצויגען און פערוואונדערט זיך פערגאַפּט.

זי האָט זעהר קליין און יונג אויסגעזעהן, ריהרעוודיג מיט אַ קליין שיקליך קעפּיל, מיט גראָבע קורצע הערנער, און גרויסע רויט־ווייסע פלעקען. דער קאָפּ אַרויטער־קאַרשען קאָליר מיט אַ ליסיענע אויפ׳ן פּנים, און מיט קלוגע לעבעדיגע אויגען. די האַלז ווייס, ווי מ׳וואָלט איהר איבער׳ן האַלז

אַ מיַיך־ווייסען שאַל אָנגעטוהן, דער רוקען רויט ביזען עק. גרויסע ווייסע פלעקען אויפ'ן בויך, די לאָפּעטקעס איינע אַ רויטע, די צווייטע אַ ווייסע — די פיס — צוויי ווייסע און צוויי רויטע ווי איבערגעוואָרפען, אַ לאַנגער ווידיל, אין אָנהויב רויט און ענדיגט זיך ווייס, מאַכנאַטע ווי אַ באַרשט... די זייטען איינגעפאַלען, און עטוואָס ווייך פון נאָך דעם קעלבען...

אַרום איהר האָט אַ קליין בייקיל, אויף דיענע הויכע פיסלעך, אַרומגעטאַנצט, ווי צוויי טראָפּען וואַסער — די מאַמע, נאָר די קאָפּ עטוואָס קירצער און ברייטער אין די שלייפען. יעדעס מאָל ווי ער קומט איהר פאַר'ן קאָפּ אַ דורך פאַרהאַלט זי איהם, שפּאַרט זי צו צום וואַנד און מוטערליך ליידענשאַפטליך קושט זי און לעקט איהם יעדעס גליד אויס...

זאַנוולען איז זי געפעלען, ער האָט זיך צו איהר באַלד ווי צוגעקלעפּט, קיין אַנדער בהמה האָט ער זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלען. און ער איז געבליבען וואַרטען מ'זאָל די קאַלב אָבזעצען, צו זעהן ווי זי מעלקט זיך, שמחה איז וועגען זיינע זאַכען אין אַ צווייטען דאָרף אַוועק...

ווען מ'האָט פון איהר דאָס קאַלב צוגענומען, און אין שטעלכיל צו די שעפּסען פערשפּאַרט, האָט „וואַרקאַ" שטייף אין דער קלוטשקע די האַלז אויסגעצויגען, נייגיעריג און מיט שרעק נאָכגעקוקט און אַ רחמנות'דיגען מע־ע־ע אַרויסגעלאָזען... דערנאָך האָט זי זיך אָנגעהויבען רייסען אויף די ווענד און וואַרפען זיך, די אויגען זענען געוואָרען משונה גרויס און איבערגעקעהרט, ווי זיי וואָלטען איהר וועלען אַרויסקריכען.

וואַסיל האָט זי פון שטריק אָבגעבונדען, מיט איין שפּרונג איז זי ביים שטעלכיל געווען און אָנגעהויבען דעם שטעלכיל ארומצוטאַנצען. די קעלבל איז גלייך מיט איהר אינעווייניג אַרום די ווענד אַרומגעלאָפען, די שעפּסען האָבען זיך איינע און די צווייטע געגורעט — און זענען ווי איין שטיק געוואָרען...

וואַרקאַ האָט אַ שפּאַרע געפונען, אויף די קניע צוגעפאַלען, די מאָרדע אַריינגעזעצט און דעם צונג אַרויסגעצויגען. דאָס קאַלב האָט זיך צו איהר קאָפּ געטוליעט און איינציגווייז יעדען אבר דער מאַמען צום קושען דערלאַנגט...

פון שטוב האָט זיך אַ קליין שיקסיל בעוויזען, אין אַרויט בייען קליידיל מיט באָרוויסע פיס, אין גרויסע—פון שטיוועל אָבגעשניטענע, לאַטשען — וואַרקעס פאַסטושקע. האָט איהר אויסגעבאָוועט, לאַנגע זומער־טעג מיט איהר פערבראַכט. זי איז אין שטאַל צום פאָטער'ס פיס צוגעפאַלען, די שטיועל מיט די קליינע הענטלעך ארומגענומען, ציטערנדיג געחליפּעט:

באַטקאָ, ניע פּראָדאַי נאַשע וואָרקיו!.. באַטקאָ, האָלובישקאָ, זאָזולקאָ, פּטאַשיצקאָ סאָקאָליקאָ!..

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

---

דער טאָג איז געווען אַ וואַרימער. אונז זאַנוויל איז אין הויף געבליבען. וואַסיל האָט זיך

שטום איבער'ן הויף אַרום געדרעהט, אַרבייט אויפגעזוכט. און האָט אויסגעמידען אין שטוב אַריינצוקומען...

זאַנוויל האָט זיך צו אַלעמען, צו אַלעם צוגעקוקט. מ'האָט די שטיקלעך צום ברונעם געלאָזען. ווארקאַ האָט חנ'ווּדיג און שרעקליך אויסגעזעהן, ווי זי איז נאָר צום ברונעם געקומען האָט זי זיך באַלד צוריק— צום שטאַהל צו דער קאַלב מיט אַ מע-ע-ע... געוואָרפען. זאַנוויל'ן זענען איהרע קאַפּריזען געפעלען געוואָרען, זי האָט איהם ווי עפּעס אייגענס געצויגען און צוזאַמען דערמיט האָט ער זיך געגען די שטובישע ווי עפּעס שולדיג געפיהלט, און האָט מורא געהאַט מיט זייערע בליקען זיך טרעפען...

פאַרנאַכט איז שמחה צוריק געקומען, מ'האָט דאָס מילך בעטראַכט, נישט לאַנג זיך געדרונגען און צוגעפּאַטשט...

זאַנוויל האָט פון דער לעדערנער בייטעלע, וואָס איז ביי איהם פון האַלז, אונטער'ן העמד אויף אַ לעדערנעם שנירעלע געהאַנגען, אַנ'אויפגאָב געגעבען, און האָט זי אָבגעשטעלט ביז דינסטאָג; אין דעם טאָג וואָס איז געזאָגט געוואָרען צוויי מאָל „כי טוב", וועט ער קומען זי אָבנעמען...

שט־ל האָט זיך די נאַכט מיט אַ געשמאַקען לייכטען פרעסטיל איבער'ן פעלד, דאָרף און שטאָדט פאַרשפּרייט, אין דער שטילער דונקעלהייט האָבען זיך צוויי מענשען, איבער'ן וועג פון דאָרף, אַהיים געצויגען; איינער פויל, טומפּ און גלייכגילטיג, ווי עס וואָלט איהם קיין ווייטקייט נישט איבערגעשראָקען, דער צווייטער האָט פון גליק די פיס נישט געפיהלט, נישט בעמערקט, ווי די וועג איז איהם אַ דורך...

אין שטעדטיל איז שוין נאָך מעריב געווען, די שיין פון די פענסטער האָט זיך איבער'ן גאַס צוגאָסען און האָט פון אַהיים, אַ וואַרעמע בעט, אַ געקאָכטע וועטשערע איינגערוימט.

זאַנוויל איז געווען אויפגערוימט, מיעד מיט אַ פאַרב אין פנים, אַ קינדערשען גלאַנץ אין די אויגען, האָט ער מיט אַ טעם אין מויל, מיט עפּעס אַ זיסקייט דערצעהלט און דערצעהלט... און מיעד, קינדיש-גליקליך איז ער איינגעשלאָפען...

---

דעם מאָנטאָגדיגען טאָג האָט מען זיך געגרייט, אויפגערוימט פאַר איהר דאָס שטעלכיל, אַרויפגעטראָגען דאָס האַלץ אויפ'ן בוידעם, אויסגעבעט מיט שטרוי עס זאָל ווייך זיין, צוגענומען פון פסח'דיגען אַ צעבער און געגעבען איהם צום שמיד אייזערנע רייפען אָנציהען; געבאָרגט ביי אַ שכן—ביז עפּעס — אַ זאַק האָבערנע פּלעווע...

און דינסטאָג, גלייך מיט טאָג איז ער אויפגעשטאַנען, האָט דאָס איבעריגע געלד אויסגעצעהלט, אַ שטיק ברויט מיט זאַלץ מיט זיך גענומען און אין דאָרף אַוועק.

געטראָפען האָט ער איהר בעזונדער, אין דעם זעלבען שטעלכיל, אין וועלכען מ'האָט דאָס קאַלב אָבגעזעצט (די שעפּסען האָבען זיך אין הויף אַרומגעבלאָנקעט), ביי אַ באַרג גראַנדאָווע היי שטעהן, ווי מ'וואָלט זיך מיט איהר וועלען געזעגענען... דאָס לעצטע מאָל...

דאָס קאַלב איז מיט איהר צוזאַמען געווען און פֿרעהליך אַרומגעטאַנצט. יעדעס מאָל פֿערזונקען אין דעם באַרג היי און צוריק אַרויס, זיך געבֿאַפּט צום זויגען, אָנגעקלאַפּט מיט דעם קעפּיל אין אייטער, אָנגענומען... און צוריק אָבגעלאָזען...

ווען זי פֿלעגט נעהמען זויגען האָט וואַרקאַ דעם קאָפּ פֿונ'ם היי געהויבען, מיט דעם עסען אין מויל — לאַנגזאַם, פֿאַרזיכטיג, ווי זי וואָלט נישט געוואַגט איהר איבערשלאָגען — דעם קאָפּ אויף אַ זייט אומגעדרעהט און מוטערליך־גליקליך אויף דאָס קאַלב זיך פֿערגאַפֿט...

זאַנוויל האָט איהר דאָס ברויט מיט זאַלץ אָבגעגעבען. דאָס זאָל דייטען: „פֿון היינט אָן וועסטו אויף מיין זאַלץ און ברויט אַריבער"... אין אָנהויב האָט זי זיך געשראָקען און שפּעטער אַלין נעהנטער צו איהם זיך גענעצויגען, דאָס ברויט געשמעקט, ער האָט די האַנד איבער'ן פּלויטעל אַריבערגעלאַנגט, ליעב און צאַרט איהר איבער'ן קאָפּ געגלעט. זי האָט טשאַמקענדיג דאָס ברויט געגעסען, זיין האַנד געלעקט, ווי זי וואָלט מיט איהם, מיט זיינע פּלענער איינגעשטימט... און ווי עס וואָלט ערשט צווישען זיי אַ וואַרעמע, געטרייע פֿריינדשאַפֿט געשלאָסען געוואָרען...

וואַסיל האָט מאָנאָטאָנע צוגעקוקט, אויף זיין פֿערברענט געזיכט האָט זיך אַ טיעפֿער, פֿערביסענער שווייגען צוגאָסען, אין שטאַל, איבער'ן הויף, האָט אַ שטילער אומעט אַרומגעשוועבט...

וואַסיל האָט וואַרקע'ן אויף די הערנער אַ נייע שטריק אָנגעבונדען (צו ווייזען, אַז ער גיעט איהר אָב מיט אַ „סצירע" האַנד), פֿון שטאַל אַרויסגעפֿיהרט, מיט דער פּאָלע פֿון סערמיגע דער שטריק אָנגענומען און זאַנווילע'ן אין פּאָלע איהר איבערגעגעבען.

און אַראָבבויגענדיג דעם קאָפּ, האָט זאַנוויל אין אַ לייכטע אונרוהיגקייט וואַסיל'ס ברכות אויסגעהערט...

זאַנוויל האָט אָנגעהויבען איהר פֿון שטאַל אָבפֿיהרען, דער בעל־גוף האָט צוגעטריבען. וואַרקאַ האָט זיך באַלד דערשראָקען, א שפּרונג געטהון, זיך אין אַ זייט געוואָרפֿען און זאַנווילע'ן מיט זיך געשלעפּט, ווילד, עטליכע מאָל, אַרום איהם אַרומגעדרעהט, זיך אָבגעשטעלט, די קאָפּ אַראָבגעלאָזען, מיט שרעק איהם אָנגעקוקט און די פֿיס שטראָם איינגעשפּאַרט... זאַנוויל האָט די שטריק עטליכע מאָל אַרום האַנד אַרומגעדרעהט און מיט אַלע כחות זיך איינגעהאַלטען.

באַלד איז איהר דאָס קאַלב פֿאַר די אויגען געקומען, וואַרקאַ האָט זיך צו דער שטריק צוגעגעבען, דעם צונג אַרויסגעשטיקט איבער'ן קאַלבס רוקען אַ פּאָר מאָל אַ דורכגעפֿיהרט. און ווען זי האָט געזעהען, אַז זי געהט איהר נאָך האָט זי גוטמוטהיג זיך געלאָזט פֿיהרען, און מיט אַ ווייכען מע־ע־ע... דאָס קאַלב מיטגערופֿען.

פֿאַר'ן טויער, איז פֿון שטוב די שיקסיל אַרויסגעלאָפֿען אין דערזעלבער קליידל, באָרוועס, מיט אַ געשוואָלען פֿערוויינט געזיכט, האַלטענדיג עטוואָס אין קליידל. זאַנוויל האָט זיך אָבגעשטעלט, זי האָט וואַרקע'ן מיט קאַרטאָפֿעל איינציגווייז גענומען קאָרמענען, מיט די קליינע הענטלעך דאָס האַלז אַרומגעאַרטעלט, שטיל, חליפֿענדיג דעם קאָפּ געגלעט, און לאַנג, לאַנג, האָבען זיי זיך אַזוי קינדיש—ליעב, אָנגעקוקט...

אַרוים פֿון טויער, האָט וואַסיל דאָס קאַלב אויף די הענד גענומען און מיט'ן גאַס פֿאָראויס אַוועק וואַרקאַ איז איהם דעם וועג פֿערלאָפֿען, נאָכשלעפּענדיג מיט זיך זאַנוויל'ן, איינגעגראָבען די בליקען אין דאָס קאַלב, וואָס ביי איהם אויפ'ן האַנד, שטיל, ווי רחמנות בעטענדיג געמריטשעט און אַלי'ן, הינטערוועגס, געגען דער קאַלב געשפּרונגען ביז פֿון דאָרף אַרוים.

וואַסיל האָט דאָס קאַלב אַראָבגעלאָזען און אין דאָרף צוריקגעקעהרט...

וואַרקאַ האָט זיך צו דער קאַלב צוגעחאַפּט ווי זיי וואָלטען יאָהרען געווען אָבגעריסען. דערנאָך האָט זי דעם קאָפּ צום דאָרף אומגעדרעהט, און הילכיג-אויסגעצויגען געמוהגקעט, ווי זי וואָלט פֿון דאָרט הילף גערופֿען. פֿון דאָרף האָט אַ פֿערדומפּטען-קול פֿון אַ שטאַל אַרוים אָבגעענטפֿערט און האָבען מיט אַ שווערען בענקשאַפֿטליכען מוה;.. די לופֿט אָנגעפֿיהלט...

ווי לאַנג דער דאָרף איז נאָך געווען צוזעהן, האָט זי זיך געריסען און צוריק צום דאָרף געצויגען, דערנאָך האָט זי זיך בערוהיגט און אָנגעהויבען מיט דעם שליאַך צום שטאָדט ציהען, דאָס קאַלב איז זיך איינגעגאַנגען און איהר נאָכגעלאָפֿען, נאָר אָפֿט האָט זי זיך אָבגעשטעלט, גערדרעהט, נאַריש מיט דער קאַלב געקאַפּריזעט, אויף די פֿעלדער פֿערקוקט, און אין דער ווייט אַריין זיך אָבגערופֿען, אַ ברודיג שטיקעל אייז בעגעגנט, האָט זי דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען צושראָקען, צושפּרייט די נאָזלעכער חראַפּענדיג דאָס גייסע אַרומגעשמעקט. און ווען זי האָט זיך שטאַרק איינגעשפּאַרט: נישט פֿון אָרט צוריהרען, האָט זאַנוויל דאָס קאַלב אויף די הענד גענומען וואַרקאַ איז איהם נאָכגעלאָפֿען...

אַהיים האָבען זיי שפּעט, ערשט געגען פֿאַרנאַכט זיך דערשלעפּט. זאַנוויל'ן האָט אַלץ וועה געטהון, ער איז געווען צובראָכען, שוועך און שיטער געאָטהעמט, דער גאַנצער פּנים האָט געשוויצט און מיט פֿייער געפֿלאַמט.

וואַרקאַ איז פֿאַר'ן שטוב שטעהן געבליבען, זיך געטרייסעלט ווי אין פֿיבער. די איינגעפֿאַלענע זייטען האָבען זיך אַרויף און אַראָב געהויבען, פֿון מויל האָט אַ ווייסע שוים געפּיענעט, צושראָקען, פֿאָרזיכטיג זיך אַרום געקוקט און דער קאַלב געהיט.

די קליינע האָט זיך קוים אויף די פֿיסלעך געהאַלטען, דאָס קעפּיל אַראָבגעהאַנגען און צו דער מאַמען זיך געטוליעט.

באַלד האָט מען זיי דורך דער פֿאָרהויז אין שטעלכיל געבראַכט, וואַרקאַ האָט זיך געאַמפּערט פֿאַר דער טיהר זיך צושראָקען איינגעשפּאַרט און געבראָפּעט, נאָר ווען מ'האָט פֿאַר איהר דאָס קאַלב אַריינגעטראָגען, האָט זי מיט איינמאָל דעם שוועל אַריבערגעשפּרונגען און איז אַריין.

ווען זי איז שוין אינעווייניג געווען האָט זי זיך נישט אָריענטירט, נייגיעריג אַרומגעקוקט און געשמעקט. זאַנוויל'ס ווייב האָט איהר מיט אַביסעל זאַלץ אַרומגעפֿיהרט ביים שוועל אויסגעשאָטען, און פֿלייסיג האָט מען זיך גענומען פֿאַר אַ צעבער מאַכען.

וואַרקאַ האָט דאָס עסען לאַנג געשמעקט, פֿערזוכט און אָבגעגאַנגען. אַ ווינקעל אָבגעזוכט, לאַנגזאַם די פֿיס אונטער זיך אַרונטערגענומען, מיט אַ קרעכץ דעם מידען קערפּער אַוועקגעלעגט

און אויסציהענדיג דעם קאָפּ צו די שטומע דונקעלע ווענד, נייגיעריג אין דער וועלט זיך איינ-געהערט...

אין גאַס האָט אָנגעהויבן נאַכטען, די זון איז פֿערגאַנגען, אַ שטיק רויטע הימעל האָט זיך אויף די בוימער פֿון דער גרעבלע אָרויפֿגעזעצט און ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסלעשען. בעלי-מלאכות האָבען די אַרבייט אָוועקגעלעגט און איילען אין אַ בית-המדרש, בעלי הבית׳טעס מעלקען די בהמות אויס און איבערגעדעקט די „דאָניצע״ מיט דעם פֿאַרטוך לויפֿען זיי פֿון שטאַל אין שטוב אַריין. עס האָט זיך פֿון אַ קוימען אַ שמאָל בלויליך רויכל — פֿון דער צוגעשטעלטער יועטשערע — בעוויזען, און שטיל צו די גרינע הימלען געצויגען. אין גאַס האָט זיך אַ שטילע דונקעלהייט צוגאָסען און די הייזלאַך אין זיך איינגעטולעט...

זאַנוויל האָט ביז שפּעט נאָך אַלץ אַרום שטאַל זיך געפּאַרעט; מעהר שטרוי אונטערגעבעט, וואַסער געבראַכט, אַנ׳אַלט העמד צוריסען און די שפּאַרעס פֿערשטעקט...

און ווען אין גאַס האָבען זיך אָנגעהויבן די לעמפּלאַך אויסלעשען, יודען לייענען קריאת-שמע און קלויבען זיך שלאָפֿען לעגען, די גאַס מיט די הייזער אין די הענד פֿון דער נאַכט אָנגעטרויט — האָ-בען ביי זאַנוויל דעם שוסטער אין שטעלכיל, וואו עס פֿלעגט שטענדיג האָלץ ליגען, קלעפּקעס פֿון אַ צוואָרפֿען באַליע, אַלטע קאָפּיטעס זיך וואַלגערן, — צוויי לעבעדיגע נפשות האַלב דרימלענדיג געאָטעמט און עפּעס אונדייטליכעס אונרוהיגעס האָט זיך זיי אין קאָפּ געפּלאָנטערט...

און אין שטוב זענען מענשען ביי טיש און לאָמפּ געזעסען, טאַטע-מאַמע האָבען זיך מיט זייער קינד געשפּילט, עס האָט זיך שטום פֿון אַנ׳אַנגענעהמע צוקונפֿט געחלומט, און דאָס הארץ האָט שטיל, וואַרים, געטריי צום שטעלכיל געקלאַפּט...

---

עטליכע טעג איז וואַרקע זעהר אונמוטהיג געווען, האָט אַלץ צושראָקען דעם שטאַל בעטראַכט. מאָנאָטאָנע אויסגעצויגען געמוהקעט און געבליבען צו איהר אייגען עחאָ איינהערען, זיך צוריק געהאַפּט, ווי זי וואָלט זיך אָן וואָס דערמאָנט און זיך אַרומגעקוקט.

געגעסען האָט זי זעהר ווענִיג. וואַסער האָט מען איהר אין שטאַל געטראָגען, און ווי זי טהוט נאָר די קאָפּ אין עמער אַריין דערשרעקט זי זיך באַלד, רייסט אַרויס און הויבט אָן דער קאַלב זוכען.

די ערשטע צייט האָט מען זי נישט געמאָלקען, פֿון בענקען איז די מילך אָבגעפֿאַלען, די קאַלב איז הונגעריג געווען. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען ביסלעכווייז אַראָבגעגבנ׳ן אַ האַלבע גלאָז, אַ גלאָז. מיט דער מילך איז די גאַס געווען אויף, יעדער האָט פֿערזוכט און מבינות געזאָגט, מ׳האָט דאָס מילך געלאָזען אָבשטיין, אַראָבגענומען, די סמעטענע אין אַ פֿלאַש אַריינגעטוהן און לאַנג נעטרייסעלט ביז עס איז געוואָרען פּוטער, דאָס זויערמילך אָבגעפּאַרעט, אָבגעזידען, געמאַכט גאָ-מילקעס, אויפ׳ן פֿענסטער, איבער׳ן ווערקשטאַט פֿאַר די אויגען, צום טריקענען געלעגט...

ביסלעכווייז האָט זיך וואַרקע צוגעוואָהנט, די שטאַהל, די מענשען, זענען איהר

געוואָרען בעקאַנט, היימיש. פֿון דער היים, פֿון יענע בהמות, האָט זיך נאָך־וואָס געפּלאָנטערט, און האָט אָנגעהויבען פֿערגעסען און זיך שטאַרק צו דער קאַלב צוגעבונדען...

אין נאַטור איז זי געווען אַ רוהיגע — צוגעלאָזען און קלעפּעדיג. דאָס מעלקען איז זעהר לייכט צוגעגאַנגען, באַלד האָט זי די רעכטע פֿוס צוגענומען, זיך געלאָזען אַרומוואַשען און רוהיג צום מעלקען זיך איינגעהערט... נאָר דאָס קאַלב האָט געמוזט זיין פֿאַר די אויגען, און עס איז גענוג געווען דאָס קאַלב זאָל זיך נאָר אָבדרעהען, זי זאָל ווערען אונרוהיג, פֿערבויגען דעם קאָפּ און אָנהויבען זי רופֿען אַזוי ווייך, בעטענדיג... און ווען דאָס קאַלב קומט נישט באַלד, זיך אַ דרעה געבען, אַלעס איבערקעהרען, און צולויפֿענדיג צו איהר ציטערט זי אינגאַנצען. און דער שטילער, ווייכער, מעה... מעה... דער אַרומטאַנצען, דאָס קושען איז געווען אַזוי גליקליך, אַזוי פֿערשיכור׳ט, אַז עס האָט אויסגעזעהן: אָט ווערט זי משוגע פֿון גליק...

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •

---

אויפֿען צווייטען דאָנערשטיג, ווען שמחה דער קצב איז געקומען נעהמען דער קאַלב „צולעגען“ אויף שבת, איז ער אַליין אין שטעלכיל אַריין, האָט וואַרקען אַ זאַק אויפֿ׳ן קאָפּ אַרויפֿגעוואָרפֿען, דער קאַלב ביים עק אַ חאַפּ געטוהן און פֿון שטעלכיל אַרויסגעשלעפּט...

ווען זי האָט דעם זאַק פֿון זיך אַראָבגעוואָרפֿען, האָט זי זיך פֿלייסיג אַרומגעקוקט, אַ ווילדען שפּרונג געטוהן, און אַ טרויערדיגען האַרץ־רייסענדען מעעע... אַרויסגעלאָזען. אָנגעהויבען זיך דרעהען אויף איין אָרט, ווי אַ הונד וואָס וויל זיין אייגען עק אָנחאַפּען; דערנאָך אויף די פֿעדערשטע קניע צו דער ערד צוגעפֿאַלען, מיט די הערנער די ערד גענומען גראָבען, אין דער הויך אַרויפֿוואַרפֿען און אַזוי ווילד געמריטשעט, אַז עס האָט זיך אַ גרויזאַמע שרעק איבער׳ן גאַס צוגאָסען, מענשען האָבען זיך דערשראָקען אַרום שטאַל געקליבען... קיינער וואַגט נישט אין שטאַל אַריין...

---

ווען זאַנוויל — וואָס איז ווי משוגע געלאָפֿען צו שמחה׳ן דאָס קאַלב אָבנעהמען — איז צו שמחה׳ס שטוב — וואָס איז צוזאַמען מיט דעם שטאַל געווען, צוגעקומען, האָט צו איהם נאָך פֿון דער ווייטענס אַ ריח פֿון בלוט און פֿרישע מיסט געטראָגען, אַ מריטשען פֿון אַ בהמה דערהערט, פֿאַר׳ן שטוב האָט אַ מאָגער־אויסגעקראָכען הונד מיט אַן׳אַראָבגעלאָזען עק — אַרום דער גרויסער פֿערבלוטיגטער קלאָץ, נעבען וועלכער עס האָבען זיך שטיקלעך ביינדלעך, נאַקעטע גרויסע אויגען געוואַלגערט — אַרומגעשמעקט און נייגעריג אין שטאַל דורך דעם אָפֿענעם טויער פֿערקוקט...

אינעווייניג איבער׳ן טויער איז אַ גרויסע „טוהל“ געהאַנגען, וועלכע האָט פֿון בעליק ביז דעם מיסט דערלאַנגט, אַ פּאָר, אָבגעשונדענע קניע האָבען צום גאַס געסטאַרטשעט, פֿון האַלז האָט זיך שוואַרצע פֿערקיהלטע בלוט געצויגען, און מיט דעם מיסט זיך אויסגעמישט. ביי אַ זייט איז אַן׳אָבגעשונדענע

קאָפּ געלעגען מיט שטיקלאַך רויטע פּעל אַרום די ליפּען, מיט גאַנץ בולט'ע גרויסע אויגען — ווי לעבעדיגע... אויף אַ טיש איז אַ לונג און לעבער געלעגען. שמחה האָט דעם גאָרגיל אין מויל געהאַלטען, און רויט ווערענדיג ווי אַ בוראַק געבלאָזען... שלום דער שחט, אַ יאַדעשליוועד יוד, האָט מיט דער האַנד איבער'ן אָנגעבלאָזענעם לונג געפּאַטשט, ערטערווייז מיט שפּייעכטס גענעטצט און צוגעהוסט...

אין אַ ווינקיל שטאַל איז אַפּגעצאָמט אַ לעבעדיגע בהמה געשטאַנען, און גלייכגילטיג אויף אַלעם געקוקט. אַרויף זענען עטליכע קעלבער געהאַנגען, זאַנוויל האָט זיינע באַלד דערקענט. דורך אַ פֿלעקיל, וואָס איז געווען אין די הינטערשטע קניע אַריינגעשטעקט, איז זי פֿון בעליק געהאַנגען — פֿאָרענט דאָס פֿעל ווי פֿאַרנאַנדערגעשפּילעט, דאָס בייכעל אָפֿען, ליידיג, און מיט אַ העלציל פֿונאַנאַנדערגעצויגען, פֿון פֿעלכ'ל האָבען פֿיער פֿיסלעך, ווי מיט עפּעס צו גענעהט, געהאַנגען און גלאַט אין דער וועלט אַריין זיך געבאָמבעלט. דאָס האַלז — פּונקט אויף דעם ווייסען— איבערגעשניטען, מיט שוואַרץ בלוט פֿערפֿלעקט, די אויגען קוקען אָפֿען און גרויס, ווי עס וואָלט אין זיי אַ אונגעהוירע שרעק, דער לעצטער לעבענס־ציטער פֿערגלעזערט געוואָרען, דאָס קליין מיילכעל איז שטייף פֿערשצימעט מיט אַ שטיקעל פֿערביסען צינגעל, פֿון צווישען די ציין. און אויף דעם שפּיץ צינגיל איז אַ שלענגעל, שוואַרץ בלוט פֿערקיהלט געבליבען... — — — — —

— — — — — — — — — — — —

---

א שרעקליכע גרויזאַמע נאַכט.

נישט נאַכט און נישט טאָג. אַ האַאָס וואָס האָט נישט קיין הימעל און קיין ערד. און שלאָגט אָב מיט אַ נודנע גרינקייט, וואָס דו ווייסט נישט צי דאָס איז ליכטיג צי פֿינסטער...

און פֿון דער טיעף גלאַנצען שטערן, אויגען, שפּיגעלדיגע אויגען, בלויזע נאַקעטע, אויסגעשניטענע מיט שטיקער פֿלייש פֿון דער לינקער זייט. און אַזעלכע פֿערשיעדענפֿאַרביגע, גרויסע, מיט גרינע שוואַרצלען אין דער מיט. ביסטרע, גלאַנצעדיגע און כיטרע. מוטנע, רוהיגע און שלעפֿערדיגע. בלאָהע, קינדישע, אונשולדיגע און אַ זעלכע רחמנות־בעטענדע.

עס וואַקסט פֿון ערגעץ אויס אַ שטאַל, און אַרום שטאַל פּאַדען הינד, אַ גאַנצע נאַכט, און וואָיען אַזוי איינגעגעסען, טרויעריג... זאַנוויל וויל צו זיי אַרויסשרייען: צו אייערע קעפּ און צו אייערע בעלי־הבתים'ס קעפּ, עס ליגט איהם ווי אַ שטיין אויפ'ן האַרצען... די הינד האָבען זיך אונטער'ן שטאַל אַרונטער געגראָבען, האָבען פֿון דאָרט אַ נאַקעטע, אָבגעשונדענע, פֿערבלוטיגטע קאָפּ אַרויסגעשלעפּט. עס איז געוואָרען אַ געשלעג. אַ געבייסעריי און אַ בילען, טויב צו ווערען, האָבען דעם קאָפּ ביינער־ווייז אויף שטיקער צוריסען. און צובלוטיגטע, שפּרינגענדיג אויף דריי פֿיס, מיט אָבגעריסענע אויערן, פֿערשווינדען זיי ערגעץ ווי אויסער דער וועלט...

עס שטייגט אַרויס פֿון שטאַל דאָס קאַלב, וואַרקעס קאַלב, פּונקט ווי ער האָט איהם געזעהען. מיט אַנ'אָפֿ'ען בויך, איבערגעשניטען האַלז, נעהט זי אויף צוויי אָבגעשניטענע קניע. נאָכשלע־

פענדיג מיט זיך די פּעל מיט די פּיסלעך, זי געהט גלייך אויף איהם, די אויגען זענען איבערגעקעהרט און שפּיגלען אין זיך אָב אַ גרינע שרעק...

זי איז צו אַ שטוב צוגעקומען, ער דערקאָנט, דאָס איז זיין שטוב, מיט אַ לאַטע אין דאַך פון נייע שינדלען. זי איז אין שטוב, אין אַלקער אריין; צום קינד'ס וויגעלע צוגעגאַנגען, פריהער האָט זי זיך צום וויגעל צוגעבויגען, און לעקט איבער'ן קינדס פּנים'ל מיט דאָס שטיקעל פערשצימעט פערבלוטיגטע צינגעל. דערנאָך האָט זי די נאַקעטע פעדערשטע קניע צום וויגעל אויסגעצויגען, און וויל דאָס קינד פון וויגעל אַרויסנעהמען. עס פערשטעהט, און לאָזט זיך נישט, האַלט זיך ביי די שנירלעך, אויף וועלכע דאָס וויגעל הענגט. און שרייט מאַמע!..

זאַנוויל לויפט צו איהם, ער וויל דאָס קאַלב אַוועקנעהמען, זי לאָזט זיך נישט, זיי אַמפּער'ן זיך, זיי האָבען זיך ביידע אויף דער ערד אומגעוואָרפען, ער פאַרפּלאָנטערט זיך אין איהר פּעל מיט די פּיסלעך וואָס הענגען. פּלוצים שווינדעלט איהם פאַר די אויגען... זיי פליהען ערגעץ, קויקלען זיך אַזוי טיעף, טיעף...

ווען ער האָט זיך פון זיינע אייגענע קולות אויפגעוועקט, איז ער ביי זיך אין בעט, ווי אין אַ טייך שוויס — געלעגען, ער האָט דעם אַלקער דערקענט, די ווענדטל פון זיין בעט מיט די גאַלקעלעך אין די ווינקלען אָנגעטאַפּט, פון צווייטען צימער האָט זיך דער בעקאַנטער קלאַפּען פון זייגער געטראָגען. פון גאַס האָט זיך דייטליך אַנ'אומעטיגער וואָיען פון אַ בעקאַנטען הונד געהערט.

ער האָט פייער אָנגעצונדען, צום קינד צוגעלאָפען, דאָס קינד איז אין וויגעל אַ דורכגעוואַרעמטער מיט אַ צופריעט, רויט בעקעל, גליקליך-שמייכלענדיג געשלאָפען. ער איז ציטערנדיג מיט'ן לאָמפּ אין האַנד, נעבען וויגעל געשטאַנען און צום קינד'ס אָטעם זיך צוגעהערט...

עס האָבען זיך אַלע אין שטוב אויפגעוועקט, מיט אַ שטומע שרעק אויף זאַנוו'ל'ן געקוקט. דאָס ווייב האָט דעם קינד אַ שלעפּערדיגען פון וויגעל אַרויסגעכאַפּט, אָפּגעבלאָזען, אויסגעשפּיגען, אַלע גלידער אויסגעקושט און צו זיך אין בעט גענומען...

פון גאַס האָט זיך נאָך אַלץ דער זעלבער בעקאַנטער בילען געטראָגען. זאַנוויל האָט אין פענסטער אַריינגעקלאַפּט: צו דיין קאָפּ, צו דיין בעל-הבית קאָפּ — דריי מאָל איבערגעחזר'ט, נעגל-וואַסער אָבגעגאָסען, זיך אָנגעטוהן, און מיט אונגעדולד אויף דעם טאָג געוואַרט...

---

אין דער פריה, האָט ער וואַרקע'ן—אין אַ טיעפער גרוב, פון וועלכער זי האָט אַליין דאָס ערד אַרויסגעוואָרפען, ליעגען געטראָפען, שטיל, מיעד קרעכצענדיג, ווי זי וואָלט אָנמעכטיג געוויינט.

דערנאָך האָט זי זיך פּאַוואָלע, לאַנגזאַם אויפגעשמעלט, זיך אויסגעצויגען, אויסגעגלייכט, אויסגעקנאַקט די ביינער, מאָנאָטאָנע פערחלמ'ט אומגעקוקט; ווי עס וואָלט זיך איהר וואָס געדאַכט, ווי זי וואָלט זיך וואָס וועלען דערמאָנען. און אויס'אָנרוהענדיג די קאָפּ, האָט זי פאַר זיך — ווי אַ בלינדע עטוואָס געזוכט...

נאָר ווען מ׳האָט דעם מיט שטרוי אָנגעשטאָפּטען פּעלביל, אויף פּיער העלצלעך, פֿאַר איהו אין שטעלכל אַריינגעשטעלט, האָט זי זיך פריהער ווי איינגעהערט, דערנאָך דערצו א שפּרונג געטוהן, ווי זי וואָלט דאָס פֿאַר מיילען דערזעהן, און פּיבערהאַפּט, משוגע, האָט זי דאָס גענומען לעקען, קושען דעם רוקען, די טויטע אויגענלעכער, די צוגעניעהטע ברודיג פּערבלוטיגט האַלז, דאָס מייל׳ל פֿון ווּעלכען עס האָט ווייסע שטרוי אַרויסגעקוקט...

פּלוצים איז זי אָבגעשפּרונגען, אַ טיעפֿען ברום געטוהן, דעם קאָפּ מיט די הערנער אַראָב־געלאָזען, אונטערגעבויגען, ווי גרייט צום שלאָגען. די אויגען זענען געוואָרען איבערגעקעהרט און בלוטיג, קאָנוואולסיוו־חראָפּענדיג איז זי דערצו צוריק צוגעלאָפֿען, מיט׳ן קאָפּ אונטערן בייכל אַ זעץ געטוהן, הויך אונטערגעוואָרפֿען, האָט עס גענומען רייסען, טרעטען מיט די פֿיס. און עס האָט זיך אַ מגושם׳דיגע רעוועריי איבער׳ן גאַס צוגאָסען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַכט טאָג האָט זי דאָס שטעלכ׳ל איבערגעקעהרט, מ׳האָט דאָס טיהר מיט שטריק פֿערבונדען, מיט האָלץ פֿערלעגט; זי זאָל זיך נישט אַרויסרייסען. מ׳האָט אין בוידעם אַ ברעטל אויפֿגעריסען. און מיט אַ שטריק איהר אַ טרונק וואַסער דערלאַנגט, זי פֿלעגט פֿערזוכען און איבערקערן, אָדער מיט׳ן פֿוס אַ קאָפּע טוהן, אַרויפֿוואַרפֿען אַז עס פֿלעגען פֿון איהם בלייבען נאָר די קלעפּקס.

ווען זי איז מיעד געוואָרען, פֿלעגט זי זיך שטיל אַוועקלעגען, און אַ צייט אַזוי שטיל, מיט אַ ווייסען שוים פֿון מויל אָבליעגען — און זיך ווידער אַ חאַפּ טוהן...

אַכט טאָג איז זאַנוויל ווי משוגע אַרומגעלאָפֿען, איז ביי שפּרעכערס געוועזן, אין וואַנד אַ מעסער אַריינגעשטעקט. דער וואַרקשטאַט האָט ווי אין שבעה געפּוסטעוועט, און איז מיטען פֿאַרטוך געוועזן איבערגערעקט.

די גאַס, אַ וועלט מיט מענשען האָבען זיך צום שטאַל געצויגען, שטום און פֿערביסען צום שטאַל זיך איינגעהערט, עס האָט פֿון דאָרט אַנ׳אומעט, אַ טויט־אומעט פֿול מיט שרעק געשטיגען, און ווי אַ שוואַרצע קראָה איבער׳ן גאַס זיך פֿערשפּרייט...

זאַנוויל איז אין דאָרף אַוועק, האָט דער שיקס׳ל אַ פֿאַטשיילקע פֿאַר אַ גאָסטינעץ געבראַכט, זי זאָל זיך איבערבעטען. און זאָגען אַז זי זשאַלעוועט נישט, דאָס שיקס׳ל האָט קינדיש צושראָקען געקוקט אויף איהם און אַ וואָרט נישט געזאָגט...

פֿון דאָרף איז וואַסיל געקומען, האָט דורך אַ שפּאַרע אין שטאַל אַריינגעקוקט. לאַנג געקוקט און בעאָבאַכט. אויף דאָס פֿערברענט געזיכט, האָט אַ טיעפֿער וועהטאָג און יאוש געשוועבט. די קנייטשען אַרום די אויגען האָבען נערוועז געציטערט. ער האָט אין שרעק עטליכע מאָל גאָט׳ס נאָמען אָנגערופֿען, זיך גע׳צלמ׳ט און אַוועק...



ווען שמחה דער קצב, מיט שלום דעם יאַרעשליווען שוחט זענען אין שטאַל אַריין, איז יאַרקע מיט אָבגעקלאַפּטע הערנער, פֿערבלוטיגט, און ברודיג געלעגען, און זיך פֿון אָרט נישט גערירט.

ליענענדיג, זייער אַריינקומען דערפֿיהלט, דעם קאָפּ אויסגעצויגען און צו זייערע פֿערבלוטיגטע שטיוועל געשמעקט, די אויגען האָבען גרוים געסטאַרטשעט, מוטנע, און אויף איין פּינטעל געקוקט...

שמחה האָט איהר אויף אַ זייט געלעגט, דעם קאָפּ פֿעריסען, זי האָט נאָכגעגעבען און ווי צו עפּעס זיך איינגעהערט...

נאָר ווען דאָס מעסער איז איבער'ן ווייסען פלעק וואָס אַרום האַלז אַ דורך: האָט זי זיך ווי פֿון שלאָף אויפגעחאַפּט, אַ שטאַרקען וואָרף זיך געטוהן. הויך האָרחלענדיג, דעם האַלז נאָך שטייפער אויסגעצויגען און דעם צונג אַרויסגעשטעלט. און ווען פֿון דער צווייטער האַלב-איבער געשניטענעם האַלז, האָט דאָס בלוט דורך דעם גאָרגעל, איהר אין מויל געשטראָמט, האָט זי זיך מיט דער רויטער וואַרעמער פיענע בעלעקט... איז איהר מאָרנע וואַרים און זים געוואָרען. אַ רגע איז זי שטיל און שטייף געבליבען. קאָנוואולסיוו די פֿים אויסגעצויגען, איבער'ן קערפּער איז אַ קעלט אַ דורך, זי האָט אַ ציטער געטוהן...

זי איז שטיל געבליבען. שמחה האָט דעם מעסער אָפּאָר מאָל איבער'ן האַק אַ שאַרף געטוהן און דער אונטערשטער ליפּ אַ לאָך געמאַכט, אַ פֿינגער אַריינגעשטעקט, און אָנגעהויבען דעם קאָפּ שינדען...

דאָס בלוט איז נאָך וואַרעם געווען, מיט אַ פּאַרע געשלאָגען, ערטערוויז געשוימט, איבער'ן פֿעל איז ווי נישט וואו, אַ פּאַלע ווי מיט אַ גרינג ווינטיל געטריבען, אַ ציטער אַ דורך און לייכט, לייכט זיך געפּאַלבט...

• • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • • •





# רַאיַא מַאנָא

## (אַ מעשה פֿון אינדיען)

### I.

דאָס לאַנד פֿון די פינף טײַכען, וואו די זון ברענט אַזוי היים איבער די קעפּ און די לאַטוס־בלום בליהט, איז געבענשט געווען מיט נביאים, וואָס זענען געשאָנקען געוואָרען דעם פֿאָלק, איהם צו בעלערנען און צו זיין זיינע העלפֿערס און פֿיהרערס אויף די דאָרניגע וועגען פֿון לעבען און דורך די פֿינסטערע טהויערען פֿון טויט. מיט צוטרויען האָבען די הערצער פֿון פֿאָלק אַנטקעגען געשלאָגען צו די רייד פֿון די נביאים, זייערע נעמען זענען בעריהמט געווען אין לאַנד, און איין ברכה איז געווען פֿאַר יעדער מאַמען: „גאָט זאָל געבען אַ נביא פֿון דיינע געדערם".

ווײַל דאָס פֿאָלק פֿון דעם לאַנד, און גאָר בעזונדער יענער שטאַם, וואָס האָט געוואהנט ביי די ברעגען פֿון היילינגען גאַנגוס, האָט אין געטומעל פֿון לעבען נישט פֿערגעסען זײַן אַלטען יחוס, וואָס איז איבערגעגעבען געוואָרען פֿון טאַטעס צו קינדער, אַ דור צו אַ דור. די אַלטע מסורה האָט דערצעהלט פֿון אַנ׳איידעלער דערהאַבענער ראַסע, וואָס שטאַמט אָב פֿון די געטער אַליין און איז אַראָבגעשיקט געוואָרען אויף דער טרויעריגע ערד אָבצוקומען פֿאַר איהרע זינד. דעריבער האָט אַ טאָן פֿון טרויער שטענדיג געקלונגען אין זייער נשמה, און זייער האַרץ איז געווען אָפֿען און וואַכענדיג פֿאַר גייסט און זאַכען פֿון גייסט. די אַרבייט האָבען זיי נישט ליעב געהאַט, און זייער לעבען האָט נישט געקענט אויספֿולען דאָס, וואָס אַ מענש טהוט אום צו דערהאַלטען זיין לעבען; זיי האָבען ליעב געהאַט דאָס לעדיג־געהן, דאָס גאָר־נישט־טהון, דאָס טראַכטען און חלומ׳ען, דאָס גאַנגע ליעגען אויפֿ׳ן גראָז, פֿערבענקט איינצוקוקען זיך אין דער טיעפֿעניש פֿון הימעל און אין דעם אָבגרונד פֿון דער אייגענער נשמה. מען האָט נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט פֿון אָפּיום, וואָס בערוישט און וועקט פֿערכשופֿטע גלוסטיגע פֿאַנטאַזיעס, דעריבער האָבען מענשען זיך געווענדעט צום לעבעריגען וואָרט, וואָס אין מויל פֿון די נביאים, וואָס האָט דיר געוועקט און דערהויבען.

צווייערליי נביאים זענען געווען: נביאים פֿון טרויער און נביאים פֿון געלעכטער, און ביידע האָבען איין לעהרע געלערענט:

א בראַנד־פייער איז די וועלט, יעדער פערלאַנג פון אייער הארץ איז אַזוי ווי שטרוי אויפ'ן פייער און יעדעס בעגעהרען — א נייער פלאַם וואָס פערצעהרט. ווייל א פערלאַנג געבעהרט א פערלאַנג, און בעגעהרען —בעגעהרען, און דער בראַנד איז גרויס און אָהן אַ סוף. צו וואָס מאַטערט זיך דער מענש צו דערפילען זיין האַרץ, און דאָס האַרץ ווערט קיינמאָל נישט פול און דער גייסט ווערט קיין מאָל נישט זאַט. אַ קליינער פונק אין אייער האַרצען איז דער ווילען צו'ם לעבען, און איהר האָט איהם אויפגעבלאָזען, און איצט זעהט! ער האָט זיך צופלאַקערט, און איהר שטעהט אין מיטען די פלאַמען, און נישט קיין וואַסער האָט איהר געבּרענגט צו לעשען, נור האָלץ און שטרוי האָט איהר צוגעלעגט...

אַזוי האָבען די נביאים געלערנט, און דאָס פאָלק האָט געהאָרכט און גענומען זיך די רייד צו'ם האַרץ.

האָט אַ נביא פון טרויער גערעדט, איז זיין קול געווען ווייך און ציטעריג און האָט זיך געגאָסען מיט פיעל באַרמהערציגקייט, און אַזוי ווי די טענער פון אַ האַרפע, וואָס שווימען דורך די פינסטערע נאַכט פון ערגיץ ווייט־ווייט, אַזוי האָבען זיך דעם נביא'ס ווערטער אריינגעזאַפּט אין די הערצער און האָבען געגלעט און געהיילט. מענשען האָבען געהערט, און זייער האַרץ האָט זיך בערענקט אויף זייער גורל, אויף זייער מאַטערניש, וואָס הערט קיינמאָל נישט אויף. און ווען דער נביא פון געלעכטער האָט גערעדט, איז זיין קול געווען קלאָר, ריין און דורכזיכטיג, אַזוי ריין ווי דאָס קול פון אַ זילבערענעם גלאָק. נישט געשטראָפט, נור אויסגעלאַכט האָט ער די זינדיגע נאַרישקייט פון דער וועלט; פּאָרעווייז האָט ער צונומען די נעטץ, וואָס די פאַנטאַזיע האָט אויסגעוועבט אַרום דעם מענשליכען גייסט, כדי איהם צו פערפלאָנטערען און צו פאַנגען מיט פערשיעדענאַרטיגקייט, מיט מיה און זאָרג. און מענשען האָבען געהאָרכט, און די ווערטער האָבען זיי דערקוויקט און דערפרישט.

יעדער נביא איז באַלד פון דער מאַמעס בויך בעשטימט געוואָרען פאַר זיין הייליג שליחות. די גוטע בשורה איז אָנגעזאָגט געוואָרען דער מוטער, ווי נור זי האָט אָנגעהויבען צו טראָגען, און אַז דאָס קינד איז אַרויס פון דער מוטער'ס שויס, האָט עס זיך באַלד געשטעלט אויף די פיס, געמאַכט זיבען טריט פאָראויס און האָט זיך אויסגעדרעהט און געמאַכט נאָך דריי טריט און זיך געבוקט פאַר אַלע פערזאַמעלטע. און מען האָט געזעהן: האָט זיך אַ קנייטש בעוויזען אויף זיין שטערן, איז עס געווען אַ סימן, אַז ער וועט אויסוואַקסען אַ נביא פון טרויער; האָט זיך אָבער אַ שמייכעל בעוויזען אויף זיינע ליפען, האָט מען געוואוסט, אַז אַ נביא פון געלעכטער איז ער.

אויפ'ן בערג פון הייליגען גאַנגוס איז אין יענע צייטען געשטאַנען אַנ'אַלטע געביידע: די טעמפלען פון גאָט פון טרויער און פון געלעכטער. אין דעם טרויער־טעמפעל איז מען אריינגעגאַנגען דורך דער יבשה. ווער עס האָט געהייליגט זיין נשמה און זיין גוף לויט'ן געזעץ, האָבען איהם די פריסטער אַריינגעפיהרט אינווענינ, האָבען אַראָבגענומען דעם שלייער פון דער הייליגער געשטאַלט, און דער מענש האָט געזעהן אַ טרויעריג פנים, אויגען פול צַעַר, און אַ שטערן, וואָס אַ שווערער וואָלקען פון געלייטערטער מיה־זעליגקייט איז געלעגען אויף איהם. אָבער צום גאָט פון געלעכטער איז מען צוגעקומען דורכ'ן וואַסער. צום ערשטען האָט זיך דער מענש געמוזט לאָזען אַליין אויף אַ

לאָרקע דורך די כוואַליעס, וואָס האָבען האַסטיג געשלאָגען אויף יענעם אָרט, ער האָט געמוזט אַרומ־ווייזען אַ פּעראַכטונג צום טויט, און אַז ער איז בשלום דורכגעקומען דעם וועג, האָט ער זוכה געווען צו זעהן די הייליגע געשטאַלטען פון גאָט פון געלעכטער, מיט זיינע טיעפּע גוטע אויגען, מיט די צוויי קנייטשען ביי ביידע זייטען פון מויל, און מיט די פּיעל קנייטשען פון שטערן, וואָס האָבען דערצעהלט פון טרויער, וואָס איז שוין אַריבער, פון לעבען און מיה־זעליגקייט, וואָס איז איבערוואונדען געוואָרען, פון בערג, וואָס זענען אויסגעגלייכט געוואָרען און פון אָב־גרונדען, וואָס זענען אויסגעפּילט געוואָרען מיט דעם ענש פון הארצען, וואָס האָט זיך אליין פערצעהרט.

אַ נביא פון טרויער, אַז ער איז אויפגעוואַקסען, האָט איהם זיין וועג געפּיהרט צו זיין גאָט; און אַ נביא פון געלעכטער האָט געמוזט בייקומען דעם שווערען נסיון, ביז ער איז גע־הייליגט געוואָרען צו זיין פאַר דעם גאָט פון געלעכטער.

נור וועה איז צו דעם נביא פון געלעכטער, וואָס האָט איינמאָל אין לעבען געזעהן דעם גאָט פון טרויער, און וועה איז צו דעם נביא פון טרויער, וואָס דאָס פנים פון דעם פרעמדען גאָט איז פאַר איהם ענטפּלעקט געוואָרען. גרוים איז געווען זיין זינד אַנטקעגען זיין גייסט, און די זינד האָט קיינמאָל נישט געקענט אָבגעוואַשען ווערען. פערוואָגעלט איז ער געווען אויף דער ערד, און פערשטויסען און פערשאָלטען אויף אלע וועלטען.

אלע האָבען דאָס געוואוסט.

II.

און אַז די מוטער פון ראַיא־מאַנאַ, אַ פרומע פרוי און רייך מיט מעלות, איז מיט איהם טראָגענדיג געוואָרען, איז צו איהר געקומען אַ געטליכער מאַן איהם אָנצוזאָגען די בשורה, אַז אַ נביא איז אין איהר בויך.

און דער געטליכער מאַן האָט געזאָגט: אַ קליין וואָלקענדיל זעה איך אויפגעהן אויף דעם קלאָרען הימעל, און אַ שוואַרצען פלעק זעה איך אויף דיין גליק רוהען, דו פרומע פרוי און רייכע מיט מעלות, נור קיין בעשייד ווייס איך נישט.

און זי האָט געבוירען אַ זוהן, און דאָס קינד האָט געשפּאַנט זיבען טריט פאָראויס און דריי צוריק און האָט זיך געבוקט, און אַ קנייטש האָט זיך געוויזען אויף זיין שטערן. האָבען אלע געוואוסט, אַז אַ נביא פון טרויער איז געבוירען געוואָרען.

נור אלע האָבען זיך זעהר געוואונדערט. אויף די ליפּען פון קינד האָט זיך בעוויזען אַ קליינער־קליינער שמייכעל, קוים צו דערקענען, אין דער זעלבער צייט.

אַז דאָס קינד איז אַנטוויינט געוואָרען, האָט איהם די מוטער געבראַכט צום גאָט פון טרויער, מקריב געווען קרבנות לויט געזעץ, און דאָס יונגעל ראַיא־מאַנאַ איז אויפגעצויגען געוואָרען דורך די נביאים און פּריסטער צו זיין אַ נביא פון טרויער.

מיט דער צייט אָבער האָט מען דערקענט אין דעם קינד ווילדע סימנים, עס האָט געטראָפֿען, אַז ער האָט געקניהט פֿאַר דער הייליגער געשטאַלט פֿון ז״ין גאָט, און זיינע אויגען זענען אָפֿען גע־ווען איינצוזאַפּען אין זיך דעם טרויער, וואָס האָט זיך צוגאָסען פֿון דעם גאָט׳ס אויגען, און אַ הייליגקייט האָט גערוהט אויף דעם קינד׳ס פּנים, נור פּלוצלונג האָבען זיינע ליפּען אַ ציטער געגעבען און עפּיס אַזוי ווי אַ דינער שמייכעל איז אויף זיי דורכגעלאָפֿען.

דאָס האָט נאָך קיינמאָל נישט געטראָפֿען, און אין די הייליגע ביכער איז וועגען דעם נישט פֿאַרהאַן געשריבען.

האָט מען געשיקט רופֿען זיין מוטער און מען האָט זי געפֿרעגט:

— דו פֿרומע פֿרוי און רייכע מיט מעלות, די מאַמע פֿון נביא! זאָג: צי ביסט דו נישט גע־ווען אין טעמפּעל פֿון גאָט פֿון געלעכטער, וואָס פֿון דער זייט טייך? ווייל מיר ווייסען נישט, וואָס מיט דיין זוהן איז, צי וועט ער אַ גרויס גליק אָדער אַ גרויס אומגליק ברענגען די קינדער פֿון דער ערד.

און זי האָט דערויף געענטפֿערט: ניין. אין טעמפּעל פֿון גאָט בין איך נישט געווען, נור אַ געטליכער מאַן האָט מיר געבראַכט די בשורה, אַז איך וועל געבוירען אַ נביא, און ער האָט געזאָגט: „איך זעה אַ שוואַרצען פֿלעק רוהען אויף דיין גליק״.

די פּריסטער האָבען אויסגעהערט, האָבען געשאָקעלט מיט די קעפּ און האָבען מיט גרויס זאָרג געקוקט אויף דעם אויפֿוואַקסענדען נביא.

זיי האָבען איהם נישט געלאָזט אַרויסגעהן אין דרויסען, און אָנגעזאָגט האָבען זיי יעדען וואָס ס׳רעדט מיט דעם קינד, נישט צו דערמאָהנען דעם נאָמען פֿון גאָט פֿון געלעכטער פֿאַר איהם, און ער זאָל נישט וויסען פֿון דער געטליכער געשטאַלט, וואָס שטעהט מיט׳ן פּנים צו די רוישענדיגע כוואַליעס.

אַזוי איז דאָס קינד אויפֿגעצויגען געוואָרען, אָבגעזונדערט און בעהאַלטען פֿון דער וועלט, אַליין מיט די הייליגע ביכער, און ער האָט דערצויגען זיין האַרץ מיט דעם וויטהאָג פֿון אַלע וועלטען, מיט דעם גרויסען טרויער, וואָס איז אין אַלעם לעבעדיגען און אין אַלעם טויטען, און זיין קול איז געוואָרען פֿון טאָג צו טאָג מעהר געלויטערט, און האָט ציטעריג זיך געגאָסען, אַזוי ווי די טענער פֿון אַ האַרפֿע, וואָס שווימען דורך אַ פֿינסטערער נאַכט פֿון ערגעץ ווייט־ווייט.

נור קיין רוה האָט ער נישט געפֿונען, דער יונגער נביא. און עס האָט געטראָפֿען, אַז ער פֿערטיעפֿט זיך אין געדאַנקען, און איהם בעוועלטיגט דער גרויסער טרויער פֿון דער וועלט, און זיין נשמה צוגיעסט זיך אין ווייכע ווייסע טענער, און די שכינה פֿון טרויער הויבט אָן צו רוהען אויף איהם און שיינט אַראָב פֿון זיין געלייטערט פּנים, נור פּלוצלונג ציטערט עפּיס אַ ווילד־פֿרעמדע סטרונע אין זיין האַרץ, איהם דוכט זיך, אַז ער האָט ערגיץ געזעהן לאַכעדיגע אויגען, אַ שפּאָטיש געזיכט, אין עפּיס אַ פֿרעמדער אונבעקאַנטער וועלט. וואו האָט ער געזעהן די אויגען? ווען האָט ער געלעבט אין יענער וועלט? און וואָס בעטייט דאָס אַהגען פֿון זיין האַרץ? און פֿון וואַנען קומט ער? און וואָס טהוט ער דאָ, און וואָס זוכט ער?

נור אַ קורצע ווײַלע האָט ער אַזוי געטראַכט, נור די רוהיגקייט פֿון זיין האַרץ איז פֿון איהם אָבגעטהון געוואָרען אויף גאַנצע טעג און וואָכען.

און מהיילמאָל האָט אַ פּלוצלינגע גרויסע שרעק איבערגעריסען זיין שלאָף בייגאַכט; זיין האַרץ האָט האַסטיג געקלאַפּט. דעם גאָט פֿון געלעכטער האָט ער געזעהן אין חלום, און ער האָט זיך געשראָקען פֿאַר דעם פּנים, און זיין האַרץ האָט דאָך געצויגען צו איהם, און די נשמה זיינע האָט געבענקט נאָך איהם.

און אַ מאָל ביינאַכט, אַז ער האָט זיך אויפֿגעחאַפּט אַזוי אין זיין גרויסער שרעק, האָט ער אויפֿגעוועקט דעם עלטסטען פֿון די פּריסטער און האָט פֿאַר איהם געעפֿענט זיין האַרץ:

— פֿערטיעפֿט אין געדאַנקען פֿון גרויסען טרויער בין איך איינגעשלאָפֿען—האָט ער דערצעהלט—נור אין חלום האָט זיך צו מיר בעוויזען אַ גרויז־גראָהער מאַן, אַזוי רוהיג איז ער געוועזען, שפּעטיש, און געלעכטער פֿול... און ער האָט אויף מיר געקוקט מיט זיינע אויגען...

— וואָס פֿאַר אַ אויגען זענען דאָס געוועזען? — האָט דער אַלטער בעריענער פֿון גאָט געפֿרעגט.

— גוטע, טיעפֿע און פֿול פֿריעדען און פֿול רוהיגקייט... און אַ שפּאָט, אַזאַ גרויסער שפּאָט אי געלעגען אין זיי... און אויף די ליפּען אַ געלעכטער... אַזאַ געלעכטער וואָס נעהמט דורך אַ מענשען... איך שרעק מיך, הייליגער מאַן, אַ בייזער גייסט פּלאָגט מיך, „העלף מיר, געטליכער מאַן!"

איז דער אַלטער אויפֿגעשטאַנען פֿון זיין געלעגער אין מיטען דער נאַכט, האָט צוגעפֿיהרט דאָס יונגעל צום פֿייער, וואָס ער האָט אָנגעצונדען, און האָט לאַנג בעטראַכט זיין פּנים, ביז ער האָט דערזעהן צוויי קליינע, דינע געלעכטער־קנייטשען פֿון ביידע זייטען פֿון זיין מויל.

„שרעקליך!" האָט ער געטראַכט ביי זיך אין האַרץ, נור דעם יונגעל האָט ער גאָר נישט געזאָגט; נישט ער האָט איהם געטרייסט און נישט ער האָט געפּרובט צו שטילען זיין אַנגסט.

---

III.

איינמאָל איז ראַיאַ מאַנאַ (אַזוי האָט געהייסען דער יונגער נביא) געוועזען אַליין ביי טאָג צווישען די לעדיגע דיקע פֿיער ווענד פֿון טעמפּעל און האָט צוגעניינט זיין אויער צו הערען ווי די כוואַליעס רוישען אין דרויסען. געדאַכט האָט זיך, אַז אין דרויסען געשיעהט עפּיס אַ וויכטיגע זאַך: לאָרקעס קומען און געהן־אָב; איהם האָט זיך געדוכט צו הערען אַזוי ווי אַ רודערען פֿון פֿיעל שיפֿלעך, און טריט פֿון מענשען, וואָס שפּרינגען אַרויס פֿון וואַסער אויף אַ האַרטער מאַרמאָרנער מויער. דער אַלטער לעהרער זיינער איז דעם טאָג געוועזען בעטריבט, און מיט אַ שטאַרקער זאָרג האָט ער געקוקט אויף דעם יונגעל.

„היינט וועט עפּעס געשעהן", האָט ער געטראַכט, נור דעם אַלטען האָט ער גאָר נישט

געזאָגט און גאָר נישט געפֿרעגט. פֿון יענער נאַכט אָן זענען זייערע הערצער פֿערפֿרעמדעט געוואָרען איינס צו׳ם צווייטען. דער יונגער נביא האָט מעהר נישט אויסגערעדט, וואָס ביי איהם אויף דער נשמה, פֿאַר דעם אַלטען, מעהר נישט געשמועסט אַזוי פֿערטרויט ווי פֿריהער מיט איהם; נישט ער האָט איהם געקושט ווי אַמאָל, נישט ער האָט געגלעט זיינע לאָקען מיט זיין ציטעריגער אַלטער האַנד. נור אין יענעם טאָג זענען זיי זיך געשטאַנען נאָך נאָהער פֿרעמד, נאָך מעהר ווייט איינער פֿון אַנדערען.

און ביינאַכט איז ראַיאַ־מאַנאָ׳ס שלאָף פֿערוואָגעלט געוואָרען, האָט ער אָנגעשטרענגט זיין געהער אויפֿצוהאָרכען יעדען קלאַנג, יעדען מינדסטען ריהר פֿון דרויסען. דורך דער לאַנגער צייט, וואָס ער איז דאָ אויפֿגעצויגען געוואָרען און איז געוועזן אַליין מיט די פֿיער ווענד, מיט זיין איינענעם גייסט און מיט די הייליגע ביכער — זענען זיינע אויערען פֿערפֿיינערט געוואָרען אויפֿצוחאַפּען דאָס לייכסטע ווידער־קול פֿון דער ווייטען, חאָטש דיק און פֿעסט זענען געוועזן די ווענד. און געאַהנט האָט ער, אַז דאָס פֿאָלק אין דרויסען ריכט אָב איצט אַ גרויסע דיענסט צו אַ גאָט, וואָס ער ווייס נישט און קען נישט. און קעגען האַלבע נאַכט איז שטיל געוואָרען דאָס גערודער אין דרויסען, און ראַיאַ־מאַנאָ׳ן האָט זיך געדוכט צו זעהן, ווי אַ גרויסע מענגע זינקט אַנידער אויף די קניהען און בעט אַ שטול געבעט. און נאָך דער שטילקייט האָבען טענער פֿון הייליגע געזאַנגען גענומען ציטערען אין דער לופֿט. איינמאָל אין יאָהר פֿלעגט אַזאַ דיענסט אָבגעריכט ווערען אויך דאָ, צו׳ם גאָט פֿון טרויער, און אויך דעמאָלט האָט מען געקניהט ביז האַלבער נאַכט, און דערנאָך האָבען געזאַנגען אונטערגעבראָכען די שטילקייט. נור גאָר אַנדערש זענען געוועזן די געזאַנגען, וואָס ער האָט איצט געהאָרכט פֿון יענע, וואָס זענען דאָ געזונגען געוואָרען. פֿון אַנדערע קוואַלען האָבען זיי געשטאַמט און צו אַנדערע ים׳ען האָבען זיי געפֿלאָסען. נישט יענע געזאַנגען זענען דאָס געוועזן מיט די אויסגעצויגענע טענער, די גלייכע און שטייפֿע, וואָס זענען ווי פֿערגליווערט געוואָרען אין זייערע גרענעצען. איצט האָבען זיי געשטיפֿט, געלאָפֿען און געיאָגט איינער דעם אַנדערען און האָבען זיך פֿערוויקעלט און אויפֿגעוויקעלט אין טאַנץ פֿון אַ צוהוליעט געמיט, און אַ שטערן צו אַ שטערן האָט געוואונקען, און די זון צו דער לבנה האָט געלאַכט אין די נייע מעלאָדיעס.

און דער יונגער נביא האָט צוגעפּרעסט זיין אויער צו דער וואַנד, און זיין גייסט האָט דורשטיג געטרונקען די נייע געזאַנגען. עפּיס אַ מין שכרות האָט געשטעקט אין זיי, וואָס האָט בערוישט און האָט פֿעריאָגט דעם גרויסען טרויער, און האָט זיך איינגעזאַפּט אין גייסט, אין יעדע איינציגע צעלע פֿון דער נשמה און האָט זי צולעגט און פֿערדאָרבען. נור זיס איז געוועזן דער גיפֿט! אַן אָנקלאַנג פֿון נייע וועלטען האָט ער געבראַכט מיט זיך, און אַ טרייסט און אַ גוטען צוזאָג פֿאַר דער צושטערונג, וואָס ער צושטערט. אַזוי איז ראַיאַ־מאַנאָ געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט און געהאָרכט אָהן אויפֿהער.

און קעגען פֿריה־מאָרגען, ווי נור דער הימעל איז בלאַס געוואָרען אויף מזרח־זייט, האָבען די געזאַנגען אויפֿגעהערט, און אַ שווערע שטילקייט האָט זיך געלעגט אויף אַלץ אַרום. דעמאָלט איז אַ גרויסע שרעק בעפֿאַלען דאָס קינד, אַליין איז ער געבליבען מיט זיין פֿערוויסטער צושטערטער נשמה,

ער האָט אויסגעבראָכען אין אַ גרויס געוויין און די שענע לאָקען פון זיין קאָפּ האָט ער געריסען מיט זיינע הענד פון גרויס וועהטאָג.

— וואָס איז דיר? — האָט דער אַלטער געפרעגט דערשראָקען — איך האָב געהערט, איך האָב אויפגעהאָרכט — האָט ער געשטאָמעלט אַ גאַנצע נאַכט, אַ יום־טוב איז געווען אין דרויסען, אַ יום־טוב פון אַ גאָט, וואָס איך ווייס איהם נישט... מיין הארץ איז פערוויסט. מיין נשמה — צושטערט, זאָג אַלטער, זאָג מיר, וואָס בעטייט דאָס, זאָג: וואָס האָב איך געהערט; ווייל מיין אַנגסט איז גרויס, און איך וועל שטאַרבען פון איהר.

— וואָס האָסטו דען געהערט? — האָט דער אַלטער איבערגעפרעגט.

— געזאַנגען האָב איך געהערט, הייליגע ליערער צו אַ פרעמדען גאָט...

— וואָס פאַר אַ געזאַנגען?

— זיי האָבען געלאַכט, געשפעט, האָבען געשטיפּט און זיך פערוויקעלט אין אַ ווילדען טאַנץ, און טיעף אין דער נשמה האָבען זיי איינגעדרונגען זי צי צושטערען און זי אויף דאָס־ניי צו בויען. און איך האָב געהאָרכט, אַ גאַנצע נאַכט אויפגעהאָרכט, און זייער כשוף האָט מיך געפאַנגען. און מיר האָט זיך געדוכט, אַז גאַנצע מחנות פון ווייסע טויבען און גאַנצע מחנות פון שוואַרצע קראָהען פליהען, דרייהען זיך איבער מיין קאָפּ אַ גאַנצע נאַכט, ביז פריהמאָרגען... איצט בין איך געבליבען עלענד, פערוויסט, אַליין, פערלאָז מיך נישט, פאָטער מיינער!

דער אַלטער אָבער האָט גאָר נישט געענטפערט, ער האָט איהם נישט געטרייסט און האָט נישט גערעדט צו זיין האַרץ צו לינדערען זיין אַנגסט, נור ער האָט געשוויגען און געשאָקעלט מיט דעם גראָהען קאָפּ.

און ראַיא־מאַנאָ איז געפאַלען צו זיינע פיס, געקושט די שטויב פאַר די׳ן אַלטען און געוויינט און געבעטען:

— פערלאָז מיך נישט, אַלטער. זעה: מיין יונג האַרץ קאָן נישט איבערטראָגען די גרויסע לאַסט פון בענקשאַפט. זעה: מיין אַנגסט פערצעהרט מיך פון טאָג צו טאָג, און דו האָסט דיין טרייסט פון מיר דערוויייטערט, און וואָכען שוין האָבען דיינע טרוקענע ליפּען מיך נישט געקושט און דיינע דאַרע פינגער האָבען שוין לאַנג נישט געגלעט די האָהר פון מיין קאָפּ, און גרויס איז מיין וועהטאָג, און איך האָב קיין אייסגאַנג נישט. און דאָרטען, דרויסען, איז אַן אַנדערע וועלט, אַנדערע געזאַנגען. פאַר וואָס פערבאָרגסט דו פון מיר די נייע וועלט? וואָס פאַר אַ סוד בעהאַלסטו אַלטער, אין דיין האַרין פון מיר? העלף מיר, הייליגער פאָטער; העלף! זאָג!

דער אַלטער האָט איהם שטיל אויסגעהערט, האָט פערלעגט זיינע הענד אויף דער ברוסט און האָט געענטפערט:

— איך קאָן דיר גאָר נישט זאָגען, מיין קינד. אַ גרויס געפאַהר טראָגט זיך איבער דיין יונגען קאָפּ, און איך קאָן נישט העלפען.

---

# IV.

און עס איז אָנגעקומען די צייט, ווען ראַיאַ=מאַנאַ האָט מעהר נישט געקענט בעוועלטיגען זיין פֿערבענקט האַרץ. ביינאַכֿט האָט ער שטיל פֿערלאָזט די פֿיער ווענד און האָט זיך אַרויסגעגנב׳ט אין דרויסען, בעהאלטענדיג זיך אַזוי ווי אַ גנב אָדער אַ פֿערברעכֿער. מיט דער פֿולער ברוסט האָט ער איינגעאָטהעמט די פֿרישע לופֿט, און זיינע אויגען האָט ער דערהויבען צו דער טיעפֿער בלאָהקייט פֿון הימעל, צו די שאַרען פֿון גרויסע און קליינע שטערען און צו די פֿערנעפּעלטע פֿלעקען פֿון דעם מילך=פּאַס אין הימעל, און ער האָט זיי געזעהן, נור זיין גייסט האָט זיי נישט בעקומען, און ער האָט זיי נישט איינגעוועבט אין דעם געוועב פֿון זיין נשמה. פֿרעמד, אָבגעזונדערט און נישט=געבונדען איז איהם אַלץ אויף דער וועלט געוואָרען, זינט דער וואורם פֿון צווייפֿעל האָט גענאָגט זיין האַרץ. אַ גאַנצע נאַכֿט איז ער געגאַנגען אַרויף און אַראָב מיט דעם ברעג פֿון הייליגען טייך גאַנגוס, און יענע פֿרעמדע געזאַנגען האָבען געקלונגען אין זיין נשמה. און ביי דער ערשטען שיין פֿון פֿריהמאָרגען האָט ער דערזעהן דעם טעמפּעל, וואָס זיין טהויער איז אָפֿען צו׳ם וואַסער צו און ער האָט פֿערשטאַנען, אַז דאָ איז די וואוינונג פֿון דעם פֿרעמדען גאָט.

און אַ נאַכֿט דערנאָך האָט ער זיך שוין געלאָזט מיט אַ שיפֿעל אויף די רוישענדע כֿוואַליעס און איז בשלום צוגעקומען צו׳ם טהויער. מיט אַ ציטעריגער האַנד האָט ער אַראָבגענומען די שלייער פֿון דער הייליגער געשטאַלט און פֿאַר זיינע אויגען האָט זיך ענטפּלעקט דער גאָט פֿון געלעכֿטער, וואָס איז געשטאַנען רוהיג און האָט אָנגעקוקט דאָס קינד מיט זיינע רוהיגע לאַכֿענדיגע אויגען. אַ גרויסע ענטציקונג איז בעפֿאַלען דעם יונגען נביא, און ער איז געפֿאַלען אויף די קניהען און אַרומגענומען מיט זיינע הענד די פֿיס פֿון דעם הייליגען גאָט. אָט דאָס האָט ער דאָך אַזוי לאַנג געזוכט, די געשטאַלט האָט זיך דאָך צו איהם בעוויזען אין חלום! און אַזוי ווי אַ מענש, וואָס מען האָט אַראָבגעריסען אַ הייטעל פֿון די אויגען צו זעהן די ליכֿטיגע וועלט, אַזוי איז ראַיאַ=מאַנאַ׳ן איצט אויפֿגעגאַנגען אַ נייע ליכֿטיגקייט און אַ נייע וועלט. אין דעם הייליגען פּנים, אין די קנייטשען פֿון זיין שטערן איז שוין פֿערזאַמעלט געווען דער גאַנצער וועהטאָג פֿון דער וועלט, דער גרויסער טרויער איז געווען אין זיי, נור זיי זענען פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין געלעכֿטער. דער שמערץ פֿון דער וועלט האָט אַרויסגעלאַכֿט פֿון די אויגען, און דער גרויסער וועהטאָג און דער גרויסער טרויער. די גאַנצע וועלט מיט איהר נעטץ פֿון פֿערשיעדענאַרטיגקייט זענען פֿערוואַנדעלט געוואָרען אויף געלעכֿטער, אַזוי איז ראַיאַ=מאַנאַ געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכֿט און האָט דורשטיג געטרונקען דאָס געלעכֿטער, וואָס האָט געפֿלאָסען פֿון די געטליכֿע אויגען און וואָס האָט פֿערוואַנדעלט זיין האַרץ.

און יעדע נאַכֿט פֿלעגט ער קומען צו דיענען אַליין זיין נייעם גאָט, צו טרינקען פֿון זיין טיעפֿען קוואַל, און זיין גייסט איז נישט זאַט געוואָרען טרינקענדיג.

איין נאַכֿט אָבער איז געשעהן אַ ווילדע זאַך:

ראַיאַ=מאַנאַ האָט געקניהט פֿאַר זיין גאָט מיט ליעב און געזאַנג, און ער האָט זיך מיט זיין גוף

און זיין נשמה בעהעפֿט צו איהם און צוגעצויגען געוואָרען צו איהם, אַזוי ווי אייזען וואָס ציהט זיך צום מאַגנעט, און ער האָט געקושט דאָס הייליגע בילד און ארומגעוויקעלט זיינע הענד אויף איהם, און דאָ האָבען זיינע הענד דערשפּירט, אַז אויך פֿון דער צווייטער זייט איז דאָס בילד דאָס זעלבע. פּאַמעליך איז ער אַרום געגאַנגען און געבליבען שטעהן פֿון דער צווייטער זייט און האָט דערזעהן — דאָס בעקאַנטע געשטאַלט פֿון גאָט פֿון טרויער. שרעקליך איז דאָס געוועזן צו זעהן: איין קערפּער איז דאָס געווען מיט צוויי פּנימער, און די צוויי פּנימער זענען געווען גלייך: איין אויסזעהן, איין געשטאַלט, נור וואָס דאָ האָט דאָס געשטאַלט געלאַכט, און דאָרט — געטרויערט.

און ראַיאַ־מאַנאָ האָט געזעהן, וואָס קיין שום נביא און קיין שום הייליגער פֿאַר איהם האָט נישט געזעהן, ער האָט געזעהן דעם דאָפּעלטען גייסט, די געדאָפּעלטע פֿאָרם: דאָס לאַכען און דאָס טרויערען, וואָס פֿליעסען פֿון קוואַל פֿון איין־איינציגען גאָט:

פֿון דעמאָלט אָן אָבער איז ראַיאַ־מאַנאָ געוואָרען פֿערוואָגעלט אויף דער וועלט, און זיין גייסט האָט נישט געוואוסט מעהר פֿון רוה.

אַ נביא איז ער געווען און פֿאַר אַ נביא איז ער געהייליגט געוואָרען פֿון זיין מוטער'ס בויך, נור דאָס פֿאָלק האָט איהם נישט געקענט, האָט איהם קיין כבוד נישט אָפּגעגעבען און האָט נישט געשעפּט פֿון זיין גייסט.

עס האָט געטראָפֿען, אַז ראַיאַ־מאַנאָ פּרעדיגט פֿאַר'ן פֿאָלק, זיין פּנים לאַכט, און זיין געשיקטע צונג כאַפּט צו שפּאָט און צו געלעכטער די גאַנצע זאָרג און די גאַנצע מיה־זעליגקייט פֿון מענשען און געטער פֿון אַלע צייטען, זיין קול קלינגט אַזוי ווי דער קלאַנג פֿון אַ זילבערן גלעקל, און דער וועטהאָג לאַכט. און דער שמערץ לאַכט. נור אין מיטען דערהערט זיך אַן אָפּקלאַנג פֿון גרויסען טרויער, און זיין נשמה צוגיעסט זיך פּלוצלינג אין ווייכע פּערבענקטע ווערטער... הערט דאָס פֿאָלק און ווייס נישט, וואָס דאָס זאָל בעדייטען.

אָבער ער שטראָפֿט און וועקט די הערצער און קלאָגט זיך אויף דעם מאַטערניש פֿון דעם מענש און פֿון אַלעם לעבעדיגען, און אַזוי ווי די טענער פֿון האַרפֿע, וואָס שווימען דורך דער נאַכט פֿון ערגעץ וויט־וויט, אַזוי ציטערט זיין קול, און דער גרויסער טרויער צוגיסט זיך פֿון זיין גייסט, און פּלוצלונג פֿערוואַנדעלט זיך זיין גייסט, ענדערט זיך דער אויסדרוק פֿון זיין פּנים, און אַ גערויש פֿון געלעכטער פֿערדעקט דעם טרויער... הערט דאָס פֿאָלק און ווערט בייז, וואָס די שענע מעלאָדיע איז איבערגעריסען געוואָרען, אויף דעם נביא, וואָס קען נור שפּאַלטען די גייסטער.

דאָס איז קיין נביא נישט, נור אַ משוגענער — האָט דאָס פֿאָלק געזאָגט.

און אַז ער האָט אויפֿגעהויבען זיין קול צו רעדען, האָבען די קינדער פֿון איהם געשפּעט און בעוואָרפֿען איהם מיט שמוץ.

איז ער אַנטלאָפֿען דער נביא פֿון ישוב און מיט די אַסקעטען אין דער מדבר האָט ער געוואוינט און ער האָט, ווי זיי, געפּייניגט און געלייטערט זיין גוף, און גאַנצע טעג פֿלעגט ער, ווי זיי, קוקען אָהן אויפֿהער אויף דערברענענדיגער זון, כּדי די אויגען זאָלען איהם שמערצען און אום ער זאָל זיך

געוואוינען איבערטראָגען אלע פיין שטום און גערולדיג, אַזוי ווי די אַסקעטען לערנען, נור אַ הייליגער איז ער נישט געוואָרען. אין מיטען פון זיין אסקעטעריי איז איהם בעפאַלען דער גייסט פון געלעבטער, און קוקענדיג צו דער זון, האָבען זיינע פערוועהטאָגטע אויגען געלאַכט פון שמערץ, פון דער וועלט, פון אַסקעטעריי.

און צו די נביאים פון געלעבטער איז ער געגאַנגען און עס האָט איהם נישט געהאָלפען. ווייל אין מיטען לאַכען איז איהם בעפאַלען דער גייסט פון טרויער, און זיין קול האָט אָנגעהויבען ציטערען און בענקען.

אַזוי האָט ראַיאַ-מאַנאַ אָבגעלעבט זיינע יאָהרען, מיט קיינעם נישט בעהאָפטען, אָהן פריינד און געליעבטע, עלענד און פערלאָזט, געיאָגט און געלעסטערט פון די יונגען פון דער גאַס.

ער האָט געזעהן די דאָפעלטע געשטאַלט, און איז זיין גאַנץ לעבען אָבגעקומען פאַר זיין זינד.

און אז ער איז געשטאָרבען, האָט מען איהם נישט בעקלאָגט און מען האָט איהם נישט בעגראָבען צווישען די נביאים, און נישט מען האָט דערמאָהנט זיין נאָמען צו'ם גוטען. נור איין קלוגער מאַן האָט דעמאָלט געלעבט אין לאַנד, וואָס האָט בערייזט פיעל לענדער און האָט געזעהן פיעל פעלקער און געזאַמעלט אומעטום וויסענשאַפט; ער האָט געזאָגט:

— גיט אָב כבוד דעם נאָמען פון ראַיאַ-מאַנאַ. ער האָט געטראָגען דעם גרעסטען וועהטאָג פון גייסט.

ה. ד. נאָמבערג.





קאטיול מענדעס.

# אַ ראָמאַן פון אַ קראַנקען קינד.

I

דער גראַף אַגריפּאַ פֿאָן באָרג, וועלכער איז דורך זיין גרויסען יחוס, זיין געוואַלדיגען פֿערמעגען, זיין פּאָליטישע בעדייטונג (ער איז געווען איינער פֿון די וויכטיגסטע מיטגליעדער פֿון פּאַרלאַמענט אין חריסטיאַניאַ) שוין לאַנג בעריהמט געוואָרען אין דער וועלט און בעזונדערס אין שטאָקהאָלמער הויף, איז אין דער ענדע פֿון יאָהר 1853 בעשטימט געוואָרען אַלס געזאַנדטער, און ער האָט געהאַט די עהרע צו זיין אין בערלין דער פֿערטרעטער פֿון קאַרל דעם פֿינפֿצעהנטען.

אין בערלין איז ער אין דער דיפּלאָמאַטישער וועלט אויפֿגענומען געוואָרען ווי אַ העלד, און ביי'ם הויף איז ער געווען אַ זעהר אָנגענומענער גאַסט. אזוי ווי דורך דעם זענען אַלעמענס אויגען געווען געווענדעט אויף איהם, איז שוין ממילא געקומען דערצו, אַז מען האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט זיינע פּריוואַטע אַנגעלעגענהייטען. אין אַ קורצע צייט אַרום איז אין בערלין שוין קיין סוד נישט געווען, אַז דער גראַף פֿאָן באָרג שטעהט מיט דער טאָכטער פֿון אַ פּרייסישען אָפֿיציער אין בעציהונגען, וועלכע קאָמפּראָמעטירען שטאַרק די יונגע דאַמע.

אין הויף האָט מען אויף איהם אָנגעהויבען קוקען מיט אַ שלעכט אויג און זיין קעניג האָט איהם מיט אַ שאַרפֿען פֿאָרוואורף צוגעשיקט די עצה, וועלבע האָט געקאָנט גערעכענט ווערען, ווי אַ בעפֿעהל, צו פֿערבעסערען זיין פֿעהלער און גלייך חתונה צו האָבען מיט דאָס יונגע מערעל. גלייכצייטיג איז ער צוריקגערופֿען געוואָרען פֿון זיין אמט.

דער גראַף האָט נישט ווילענדיג געמוזט פֿאָלגען; ער האָט איינגעזעהן, אַז זיין קאַריערע איז צושטערט, און אַז ער איז גענאַרט אין זיינע האָפֿנונגען — ער האָט געהאַט בדעה זיך צו פֿערבינדען מיט איינער פֿון די שענסטע פֿאַמיליעס און זיין פֿרוי איז געווען פֿון ניעדעריגען אַדעל-שטאַנד — אָבער אַנשטאָט צו נעהמען די שולד אויף זיך אַליין, האָט ער אין אַלעם שולדיג געמאַכט נאָר זיין פֿרוי און דעריבער אויסגעלאָזט צו איהר זיין גאַנצע שנאה.

ער האָט זי נישט מיטגעבראַכט מיט זיך קיין שטאָקהאָלם אין הויף, נאָר זי אָבגעפיהרט אין דראַמזע אין אַ איינזאַמען שלאָס אין נאָרוועגען, דאָרט האָט ער זי געלאָזט אַליין, און פון דעמאָלט אָן האָט זי געפיהרט דאָס טרויעריגע לעבען פון אַ פערשיקטער.

דאָרט האָט זי אַ קינד אויף דער וועלט געבראַכט, וואָס איז געבוירען געוואָרען קראַנק און פערקריפּעלט. זי האָט דאָס יונגעל אַ נאָמען געגעבען קורט.

דער גראַף האָט דאָס שלאָס בעזוכט נאָר איינמאָל אין יאָהר, אין הערבסט, אין דער צייט פון יאַגד.

דאַן איז דאָס אַלטע שלאָס פול געוואָרען מיט געסט און גערויש; די קוטשער האָבען אין די הויפען געזונגען, די פערד האָבען געהירזשעט אין די שטעלער, און אין די זאַלען זענען פאָרגעקומען לאַנגע, רוישיגע מאָהלצייטען. די גרעפין פלעגט אָבער אויף זיי קיינמאָל נישט ערשיינען. איהר מאַן האָט זי בעזוכט נאָר אין דעם טאָג פון זיין אָנקומען און אין דעם טאָג פון זיין אָבפאָהרען; דאָס זענען געווען גאַנץ קורצע, פאָרמעלע בעזוכען.

ווען ער האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן דאָס קינד, אַזוי מאָגער, מיט אַנ'איינגעפאַלענער ברוסט, מיט אויסגעדאַרטע, אויסגעקרימטע פיסלעך, וואָס האָט זיך מיט גרוים מיה געקאָנט בעוועגען אויף דער ערד און נאָר מיט דער הילף פון די הענדטלעך, האָט ער געפרעגט: „וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ קליין פערזעהעניש?"

— דאָס איז אונזער זוהן, — האָט די בעליידיגטע מוטער געענטפערט.

— זאָגט, אייער זוהן, מאַדאַם, — האָט דער גראַף געענטפערט און איז אַרויסגעגאַנגען.

די גרעפין, וואָס זייט דער קינפּעט איז זי געווען קרענקליך און איהר צושטאַנד האָט זיך נאָך פערערגערט צוליעב איהר קומער, האָט נישט געקאָנט פערטראָגען דעם האַרטען קלימאַט פון נאָרוועגען, און פון טאָג צו טאָג איז זי אַלץ קראַנקער געוואָרען.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט זי שוין מעהר נישט געקאָנט אַרויסגעהן פון איהר צימער. דאָס איז געווען אַ גרויסער געמאַך מיט הויכע פענסטער. אויף אַ פאָטעל איז זי האַלב-ליגענדיג געזעסען און האָט שטונדען-לאַנג אַרויסגעקוקט אויף דער ווייטער מעלאַנכאָלישער לאַנדשאַפט מיט דעם טרויעריגען וואַלד אין דער ווייט און מיט דעם פערוואָלקענטען הימעל אין דער הויך. און שטונדען-לאַנג יצט זי אַזוי אין טריבער שטימונג. — איהר זוהנעלע, קורט, וואָס איז דעמאָלט פינף יאָהר אַלט געווען, קריכט אַרום אויפ'ן באָדען און שפּיעלט זיך. אָפט, ווען די טעג האָבען זיך אין אונענדליכער מעלאַנכאָליע געצויגען און שטענדיג איז פאַר די אויגען געווען נאָר די טרויעריגע לאַנדשאַפט, אָהן אַ שום ענדערונג, אָהן אַ שום ערלעבעניש, האָט די אונגליקליכע פרוי ביטערע טרעהרען פערגאָסען. דאָס קינד, וואָס זיין פערשטאַנד האָט זיך אונגעהויער שנעל ענטוויקעלט, האָט זיך בעמיהט זיין מוטער צו טרייסטען, און עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט פערשטאַנען די סבה פון איהר שמערץ. נאָר די גרעפין האָט נישט געוואָגט צו לאָזען ביי זיך דאָס קינד אַ לענגערע צייט, ווייל זי האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט עס שאַדען. פאַר דאָס קליינע שוין אַזוי אויך קרענקליכע בעשעפעניש, דאָס זיין שטענדיג איינגעשלאָסען אין צימער, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ מתים-שטיבעל, מיט זיין זיסליכען

ייח פֿון רפואות און מיט יענער לעבלעכֿער אַטמאָספֿערע, וואָס עס פֿערשפּרייטען אַרום זיך לונגענ-קראַנקע, וועלכֿע האַלטען שוין באַלד בײ'ם סוף. ווען אַ בלאַסער, צפֿונ'דיגער זונענשטראַהל פֿלעגט אַריינפֿאַלען אין פֿענסטער, פֿלעגט די מוטער דעם קינד אויף דער זון און אויפֿ'ן וואלד אָנווייזען און זאָגען: „געה זיך שפּיעלען, מיין קינד". און דאָס יונגעל איז געגאַנגען; קיין דיענער האָט איהם נישט בעגלייט. די אַנטיפּאַטיע, וואָס דער גראַף האָט אַרויסגעוויזען קעגען זיין זוהן, האָט ערלויבט די דיענער נישט צו מאַכֿען קיין גרויסע אומשטענדען מיט איהם, און זיי האָבען אויך נישט פֿערבאָרגען דעם עקעל, וואָס דאָס דאָזיגע פֿערקריפּעלטע קינד האָט אין זיי דערוועקט. ער איז דעריבער אַליין אַרומגעלאָפֿען אין די וועלדער, געקראָכֿען אין אַלע לעכער און זיך פֿערפּלאָנטעט צווישען די קוסטעס. שטעהענדיג אויפֿ'ן שפּיץ פֿון אַ בערגעל, האָט אָפֿט געטראָפֿען, אַז עס האָט זיך זיין אונזיכֿערער פֿוס געשטרויכֿעלט, פֿלעגט ער זיך אַראָבקאָלערן אין אַ גראָבען אַריין, מיט סכנת נפשות, מיט צעריסענע קליידער און בלוטענדע הענד.

ווען ער האָט זיך געפֿיהלט מיעד, האָט ער זיך געלעגט צווישען די קוסטעס, און די האָלצ-העקער, וואָס זענען פֿערביַיגעגאַנגען און געהערט דאָס גערויש פֿון קנאַקענדע צווייגען און אַ שווער אָטעמען, האָבען געמיינט, אַז דאָרט מוז זיך אודאי אויפֿהאַלטען אַ יונגער וואָלף. ווען ער פֿלעגט ענדליך אַהיים קומען, פֿלעגט די גרעפֿין, וואָס פֿלעגט איהם שוין אויסקוקען, נאָך פֿון וויטען צו איהם רופֿען: „קום שנעל, קום!" און ער פֿלעגט לויפֿען איבער די לאָנקעס, ווי אַ פֿערוואונדעטער הירש, האַסטיג אַרויפֿלויפֿען אויף די שטיגען און אָטעמלאָז פֿאַלען דער מוטער צו די פֿיס.

די מוטער, גליקליך איין אויגענבליק, האָט ליידענשאַפֿטליך געקושט זיינע געדיכֿטע, צעלאָזטע האָהר, פֿול דערנער-נאָדלען און גלאָז, האָט איהם גענומען אויף איהר שויס, איינגעהילט דעם אונ-גליקליכֿען, פֿערקריפּעלטען קערפּער אין איהר דעק, כּדי זי זאָל זעהן נאָר איהר זוהנ'ס געזיכֿט, אַזוי בלייך, אַזוי טרויעריג, און אַזוי גליך צו איהר געזיכֿט,

אַזוי האָבען זיי געלעבט, די ביידע פֿערלאָזענע, ביידע אונגליקליכֿע, אָהן אַ שום אַנדערען טרייסט, אויסער זייער געגענזייטיגער ליעבע.

און איינמאָל האָט זיך די גרעפֿין דערפֿיהלט אַזוי קראַנק, אַז זי האָט שוין מעהר דאָס בעט נישט געקאָנט פֿערלאָזען, זי האָט געשריבען צו'ם גראַף, איהר מאַן, נאָר ער איז נישט געקומען. קורץ איז דעמאָלט אַכֿט יאָהר אַלט געוועזען.

„פֿערצייה דיין פֿאָטער", דאָס זענען געוועזען די לעצטע ווערטער פֿון דער שטערבענדער מוטער.

מען האָט זי בעגראָבען אין וואַלד; קיינער האָט נישט געוויינט נאָך איהר, אויסער דעם קינד. די צאָהל פֿון די דיענער, וועלכֿע איז אַזוי אויך געוועזען זעהר קליין, איז איצט נאָך מעהר פֿערקלענערט געוואָרען און אין שלאָס איז כּמעט נישט געבליבען קיינער אויסער איין זעהר אַלטען פֿערוואַלטער, וועלכֿער איז געוועזען כּמעט אויך אַזוי הילפֿלאָז, ווי זיין יונגער הערר.

איצט איז קורץ געוועזען גאַנץ אַליין. אויב ער האָט ביז איצט מורא דערוועקט, איז ער איצט פֿליך געוועזען כּמעט צו אַ ווילדען. גאַנצע טעג האָט ער פֿערבראַכֿט אין טאַנען-וועלדער נעבען זיין

מוטערס קבר. פערבייגעהענדע האָבען אָפט געהערט, ווי ער האָט מערקווירדיגע ווערטער גערעדט צו דער מצבה. טיילמאָל פלעגט ער ביינאַכט נישט צוריקקומען אהיים, נאָר שלאָפען אויף דער פייכטער ערד און פריערען אונטער דעם קאַלטען ווינד.

די צייט, וואָס ער האָט נישט בענוצט צו'ם אַרומלויפען אין די וועלדער, האָט ער פערבראַכט אין דער ביבליאָטעק. דאָרט האָט ער געקאָנט שטונדען לאַנג זיצען און לייענען אין די אַלטע ביכער.

אַזוי איז פערגאַנגען א יאָהר, ער איז נישט געוואַקסען, נאָר זיין מיאוסע געשטאַלט האָט זיך אַרויסגעוויזען דייטליכער פון טאָג צו טאָג. ער איז געווען אַ צווערג, מיט אַ האָרב און האָט געהינקט. נאָר זיין קינדער-געזיכט איז איהם געבליבען, אַזוי בלאַס און טרויעריג, ווי זיין מוטער האָט עס אַזוי ליעב געהאַט. ער איז געוועזען שטענדיג פערזונקען און האָט וועניג גערעדט.

און איינמאָל האָט דער אַלטער דיענער צו איהם געזאָגט: „איך האָב געהערט, אַז דער הערר גראַף, אייער פאָטער, האָט זיך ווידער פערהייראַטעט".

נאָר קורט האָט אויסגעזעהן, ווי ער האָט עס נישט געהערט. און ער איז אַוועקגעגאַנגען אין וואַלד, צו'ם קבר פון זיין מוטער.

עס האָט נישט אויסגעוויזען, אַז ער זאָל וועלען אָדער האָפען צו פיהרען אַן אַנדער מין לעבען, ווי ער האָט איצט געפיהרט. זיין פאָטער, אַזוי האָט ער גערעכענט, וועט זיין זוהן לאָזען לעבען דאָרט, וואו זיין מוטער איז געשטאָרבען.

נאָר ס'איז אַזוי נישט געווען. דער גראַף האָט פערלאָרען זיין צווייטע פרוי, וועלכע האָט איהם קיין קינדער נישט געשענקט; און אָט איצט — אַזוי ווי זיין נאָמען און זיין פערמעגען האָבען געמוזט האָבען אַ יורש — האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם קליינעם פערזעהעניש, וואָס ער האָט אַ מאָל גע-זעהן אין פראָמזע. איין מאָל אין אבענד, ווען קורט איז געזעסען אין דער ביבליאָטעק, גאַנץ פער-טיעפט אין אַ ריעזיגען בוך, האָט זיך דערהערט אַ אונבעקאַנטער טריט און אַ האַרטע שטימע האָט גערופען זיין נאָמען. דער גראַף איז געקומען אָבנעהמען זיין זוהן און איהם פיהרען קיין פאַריז, וואו ער האָט געהאָפט, אַז דער וויסענשאַפט פון די דאָקטוירים וועט געלינגען צו מאַכען אַן ערטרעגליכען יורש פון דער דאָזיגער עקעלהאַפטער מיאוסקייט.

---

2.

אין פאָרשטאַדט סענט-האָנאָרעע, אין ראָג פון דער אַוועניו דע מאַריניי איז געשטאַנען דער פּאַלאַץ פון גראַף באָרג. דאָס איז געווען אַן ערנסטע, כמעט פינסטערע געביידע און אויך די איינ-ריכטונג אינווייניג האָט געטראָגען אַ שטרענגען כאַראַקטער. אין ערשטען שטאָק זענען געווען די עמ-פּפאַנגס-זאַלען, דעם צווייטען שטאָק האָט בעוואוינט דער גראַף, און דער דריטער שטאָק איז געווען איינגעאָרדענט ספעציעל פאַר'ן קליינעם קורט.

הורבֿנעהענדיג דעם פֿאָדערשטען זאַל איז מען אַריין אין אַ סאַלאָן, אויסגעשלאָגען מיט שוואַרצען סאַמעט, אין וועלכֿען עס זענען געשטאַנען אייניגע פֿאָרטרעטען פֿון דעם גראַף׳ס זיידעס; אין מיטען, איבער דעם בילד פֿון דעם ערשטען עלטער-זיידע, איז געשטאַנען מיט רויטע אותיות אויף אַ ברייטען גאָלדבאַנד דער דעוויז פֿון דער פֿאַמיליע באָרג: „סומום קי פומאימום״.

נאָכ׳ן סאַלאָן איז געווען די ביבליאָטעק, פֿון וועלכֿער מען האָט געקאָנט אָנקומען אין שלאָף-צימער. דער לעצטער איז געווען אַ גרויסער, דונקעלער געמאַך מיט טיעף-רויטע, שווערע זיידענע טאַפּעטען און פֿאָרהאַנגען, מיט אַ ריעזיגע בעט פֿון עבענהאָלץ, וועלכֿע איז געווען אַזוי גרויס, אַזוי מאַסיוו און שווער, אַז זי איז גיכֿער ענליך געווען צו אַ קאַטאַפֿאַלק (מֵתִים-וואָגען) ווי צו אַ בעט.

דער דאָזיגער צימער האָט געמאַכט אַ אומגעהויער טרויעריגען איינדרוק, און נישט ווילענדיג האָבען זיך דערוועקט געדאַנקען וועגען טויט. געגענאיבער דער בעט איז געהאָנגען אַ האַלב-אויפֿגע-הויבענע פֿאָרטיערע און מען האָט געקאָנט פֿריי אַרויסקוקען אויף אַ ברייטען באַלקאָן, וועלכֿער האָט זיך אַריינגעצויגען ווייט אין דעם אינערען הויף פֿון פּאַלאַץ און לויט דער פֿעראָרדנונג פֿון יונגען גראַף איז ער פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גלאָז-שטוב, אין אַ ווינטער-גאָרטען. נאָר דער גאַנצער בלומענפּראַכֿט און דער זיסער ריח זענען נישט אומשטאַנד געווען פֿרעהליכֿער צו מאַכֿען דעם פֿינסטע-רען צימער, און ער האָט נאָר אויסגעזעהן ווי אַ קבר, וואָס איז אַרומגערינגעלט מיט בלומען.

צוויי יאָהר נאָך זיין אָבפֿאָהרען פֿון דראָמזע האָט זיך קורט איין מאָל אין אַ נאָוועמבער-פֿריהמאָרגען געפֿונען אין זיין ווינטער-גאָרטען. ער איז געזעסען כמעט פֿערדעקט מיט די געדיכֿטע גרינע געוויקסע און האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן דער גלאָז-וואַנד.

ער איז איצט אַלט געווען עלף יאָהר. זיין געזיכֿט איז געווען בלייך און האָט אויסגעזעהן ווי אַ געזיכֿט פֿון אַנ׳אַלטען מאַן, דער שטערן איז געווען צו שטאַרק ענטוויקעלט, זיינע רייכֿע, לאַנגע האָר זענען געווען אַזוי העלבלאָנד, אַז זיי האָבען אויסגעזעהן כמעט ווייס, אַרום זיין שמאָלען פֿאַרב-לאָזען מויל האָט זיך איינגעגראָבען אַ בייזער צוג און נאָר די אויגען, וועלכֿע זענען געווען דונקעל-בלוי און טיעף-טרויעריג, האָט מען געקאָנט אָנרופֿען שענע. דאָס גאַנצע געזיכֿט האָט געהאַט דעם אויסדרוק פֿון דער גרעסטער מיעדיגקייט, אַ מיעדיגקייט, וואָס קומט פֿון ווערען צו פֿריה רייף.

דורך די פֿענסטער פֿון דער גלאָז-שטוב האָט מען געקאָנט זעהן דעם הויף און דעם פּאַסאַר פֿון אַ צווייטע געביידע אין שכנות. אויף איין פֿענסטער, וואָס איז איצט געווען צוגעמאַכֿט, זענען געווען אָנגעשטעלט קורט׳ס אויגען און אין די דאָזיגע אויגען האָט זיך אָבגעשפּיגעלט דער שטערן פֿון אַ אומזיס-טיגער ערוואַרטונג.

שוין צוויי שטונדען איז דאָס יונגעל דאָ געזעסען אונגעזעהן און לויערענד. פּלוצלונג האָט זיך געעפֿענט דאָס פֿענסטער און אַ יונג, בלאָנד מיידעל האָט זיך אַרויסגעבויגען. ווי אַ געבלענדעטער האָט קורט צוגעמאַכֿט די אויגען און איז ציטערנדיג אָבגעשפּרונגען צוריק, ווי אַ מענש, וועלכֿער האָט זיך פֿערבלאָנדזעט אין דער פֿינסטער, שפּרינגט אָב ציטערנדיג צוריק, ווען ער דערזעהט פּלוצ-לונג און אונערוואַרטעט אַ ליכֿט-ערשיינונג. נאָר באַלד האָט ער זיין קאָפּ ווידער צוגעבויגען צו די פֿענסטער-שויבען, אויפֿגעהויבען לאַנגזאַם די ווירעס, אַזוי ווי איינער, וואָס וויל זיך ביסלעכֿווייז

צוגעוואָהנען צו׳ם גלאַנץ, און איצט האָט ער מיט בּרייט־געעפענטע אויגען, מיט אַ אָפענעם מויל און איינגעהאַלטענעם אָטעם געקוקט שטאַר און אָהן בּעוועגונג. דער בּייזער צוג אַרום זיין מויל איז פערשוואונדען געוואָרען אין אַ שמייכעל פון עקסטאַז און ער האָט אויסגעזעהן אָהן אַ שיער גליקליך.

אַזוי איז ער געבּליבּען לאַנג, פערזונקען און פערגאַפט. דאָס יונגע מיידעל בּיי׳ם פענסטער האָט קיין אַהנונג נישט געהאַט, וואָס פאַר אַ פרייד, וויפיעל גליק איהר געשטאַלט פערשאַפט דעם אָרעמען קראַנקען יונגעל. זי האָט אויסגעזעהן ווי פערזונקען אין אַ זיסער טרוימעריי, אָדער זי האָט עמיצען ערוואַרטעט, דען אָפט האָט זי אָנגעבּויגען דעם קאָפּ, כּדי אַרויסצוקוקען איבּער דעם הויף צו׳ם טהויער צו. און בּאַלד איז טאַקי ערשיענען אַן׳עלעגאַנטער יונגער מאַן, וועלכער האָט זי בּע־גריסט מיט אַ פערטרוילי̇כער בּעוועגונג מיט דער האַנד, דורכגעגאַנגען דורכ׳ן הויף און איז פער־שוואונדען געוואָרען אין דער איינגאַנגס־טהיר.

קורט איז אויפגעציטערט געוואָרען. דער צערטליכער און גליקליכער אויסדריק פון זיין געזיכט, וועלכער האָט איהם אויף איין אויגענבּליק אַבּיסעל שענער געמאַכט, איז איצט געוואָרען מורא׳דיג און שרעקענד. זיינע אויגען זענען ווי אַרויסגעקראָכען פון די לעכער און האָבּען אויסגעזעהן ווי צוויי בּלו־טיגע קויהלען; קאָנוואולסיוו האָט ער זיך געבּיסען די ליפּען, דאָס גאַנצע געזיכט זיינס איז געווען אויסגעקרימט, און ווען ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, כּדי נאָכצוקוקען דעם פרעמדען, האָט זיך זיין מאָגערער, הויטיגער האַלז אויסגעצויגען אַזוי ווי דער האַלז פון אַ יונגען גייער. ווען ער האָט ווידער אויפגעהויבּען דעם בּליק צו׳ם פענסטער, איז דאָס פענסטער שוין געווען פערמאַכט און די ליעבּליכע ערשיינונג פערשוואונדען.

צוליעב דער פּלוצלינגער בּלוט־אויפשטרעמונג האָט איהם אָנגעחאַפּט אַ שרעקליכער הוסט. טראָץ דעם האָט ער נישט פערלאָרען דעם פלאַץ, פון וועלכען ער האָט געקאָנט בּעאָבּאַכטען, האָ־פענדיג, אַז זיין גאָט וועט בּאַלד ווידער ערשיינען. ער וואַרט. פון צייט צו צייט רעדט ער קוים הערבּאַר: „פיליי̇כט איז עס אַ קרוב״. דאַן איז זיין הוסט שוואַכער געוואָרען, זיין אויפרעגונג האָט זיך אויך געשטילט און ער האָט געזאָגט: „געוויס, עס איז אַ קרוב, איהר בּרודער, יאָ, יאָ, עס איז איהר בּרודער!״

נאָר פּלוצלונג איז איהם דורכגעפליגען אַ געדאַנק דורכ׳ן קאָפּ: „אַ בּרודער קומט נישט טעגליך, אַ בּרודער ערוואַרטעט מען נישט אַזוי!״ און בּאַלד האָט זיך דער הוסט אָנגעהויבּען פון דאָס ניי. עס איז געווען האַרץ־רייסענד צו הערען, ווי ער הוסט.

ווען קורט האָט ענדליך שוין פערלאָרען יעדע האָפנונג, אַז דאָס יונגע מיידעל זאָל ווידער ערשיינען, האָט ער זיך פּאַמעליך אויפגעהויבּען און איז אָבּגעגאַנגען, וועה־ענד זיין בּליק איז נאָך אַלץ געווען געווענדעט צו׳ם פענסטער, בּיז׳ן מיטען פון ווינטער־גאָרטען. דאָ האָט ער צווישען די גרינע געוויקסע און די פערשיעדענפאַרבּיגע בּלומען אָנגעהויבּען צו געהן הין און צוריק מיט אַן׳אַראָבּ־געלאָזטען קאָפּ און פערלעגטע הענד.

עס איז געווען אַן׳אמת׳ער רחמנות צו קוקען אויף איהם. ער איז געווען קליין ווי אַ צווערג

זיין רזקען, וועלכער איז געווען אונגעהויער פֿערקרימט, האָט איהם געצוואונגען נאָר קוים מיט מאַטערניש זיך צו שלעפּען. אויסער דעם איז ער נאָך געווען לאָהם, און דער קאָסטיום, וועלכען ער האָט שטענדיג געטראָגען, האָט איהם געמאַכט כמעט לעכערליך; ער האָט געטראָגען אַן׳ענג־צוגעפּאַסטען, גראַנאַט־רויטען, מיט פּעלץ בענעהטען סאַמעט־וואַמס איבער שווארצע ענג־צוגעפּאַסטע סאַמעט־הויזען. אַזוי געקליידט, שמעכטיג, בלייך, מיט אַ געזיכט פֿון אַן׳אַלטען, מיט דעם ווילדען און בייזען אויסדרוק דערויף, איז ער געווען גלייך צו איינעם פֿון יענע קליינע מענשעלעך־ליאַלקעס, מיט וועלכע מען שטעלט פֿאָר אַ טעאַטער אויף די ירידים פֿאַר דער מאַסע; דער קאָמעדיאַנט ליזשיע האָט אַזוי אויסגעזעהן, ווען ער האָט פֿאָרגעשטעלט לודוויג דעם עלפֿטען.

שוויגענד האָט זיך דאָס קראַנקע יונגעל אַרומגעשלעפּט הין און צוריק, טיילמאָל איז ער געבליבען שטעהן קלערענדיג, אָבגעריסען אַ בלום, ס׳רוב אַ ווייסע, און זי בעטראַכט ווייך און צערטליך, אַזוי ווי ער וואָלט אין א׳הר געזעהן די אָבבילדונג פֿון אַ ווייטען, געליעבטען וועזען, נאָר פּלוצלונג האָט זיך דער אויסדריק פֿון זיין געזיכט פֿערענדערט, מיט כעס האָט ער צעקוועטשט די בלום, זי געוואָרפֿען צו דער ערד, אַרויפֿגעטרעטען אויף איהר, און זיך דאַן ווייטער אַרומגעשלעפּט, מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, און די ליפּען קראַמפּפֿהאַפֿט צונויפֿגעדריקט.

אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען אַ דיענער און האָט געפֿרעגט, צו דער יונגער הערר גראַף וועט איינוויליגען צו עמפּפֿאַנגען דעם הערר דאָקטאָר צעלטאָן. קורט האָט אויסגעזעהן ווי ער וואָלט איהם נישט האָבען געהערט. נאָר דער דיענער איז שוין אָהן צווייפֿעל געווען געוואָהנט מיט דער אונגעוועהנליכער אויפֿפֿיהרונג פֿון זיין יונגען הערר, ער האָט זיין פֿראַגע נישט ווידערהאָלט, און איז געבליבען שטעהן אונבעוועגליך ביי דער טהיר. דאָס יונגעל האָט נישט איבערגעריסען זיין טרויעריגען שפּאַציער. ענדליך נאָך אַ לאַנגען שווייגען האָט ער געזאָגט: „נו גוט". דער דיענער האָט מיט רעספּעקט געמאַכט אַ וואַרע און קורט איז אַריינגעגאַנגען אין שלאָפֿצימער, וואו דער דאָקטאָר האָט געוואַרט.

דער דאָקטאָר צעלטאָן איז געווען איבעראַל בעקאַנט און ווער עס האָט איהם נישט געקענט פּערזענליך, האָט אַמווענגסטענס געזעהן זיין אויסגעצייכענטען פּאָרטרעט, וועלכען פֿלאַנדרען האָט געמאָלט און האָט אין „סאַלאָן פֿון יאָהר 1852" געמאַכט אַ גרויסען רושם. דאָס בילד האָט איהם פֿאָרגעשטעלט אַלס אַ דרייסיג־יעהריגען, אונגעוועהנליך שענעם מענשען. פֿון דעמאָלט אָהן האָט ער זיך נישט פֿערענדערט: אויף זיין שטערן האָבען געלויכטען הויכע געדאַנקען, אַרום זיין מויל האָט געשפּיעלט אַ מערקווירדיגער שמייכעל און וועגען די אוצרות פֿון זיין רייך, מענשען־פֿריינדליכע הארץ, האָבען זיינע מילדע אויגען דערצעהלט.

זיין שמייכעל האָט איהם פֿערשאַפֿט פֿיעל פֿיינד, זיינע דאָקטרינען האָבען געפֿונען פֿיעל געגנער, אָבער דאָך האָט ער דערגרייכט געוואַלדיגע רעזולטאַטען מיט זיין הייל־מעטאָדע.

ער האָט פֿערזיכערט, אַז די געזונדהייט פֿון דער נשמה האָט דעם גרעסטען איינפֿלוס אויף דער געזונדהייט פֿון קערפּער. ווען ער איז איינמאָל געוואָרען גערופֿען צו אַ זעהר רייכען מאַן, וועלכער איז אָבער בעקאַנט געווען פֿאַר ווענינ עהרליך, און ער האָט טעגליך געליטען פֿון זעהר

שטאַרקע פֿערדרייאונגס־שטערונגען, האָט ער צו איהם געזאָגט: „אַ גוט געוויסען פֿערשאַפֿט אַ גוטען מאָגען. געוויסענסביסע קאָן מען נישט היילען מיט אַ מיטעל צו׳ם ברעכען״. ביי זיינע פּאַציענטען האָט ער זיך שטענדיג בעמיהט אויסצופֿאָרשען דעם צושטאַנד פֿון זייער זעעלע און ער איז געווען אויך אַזאַ גוטער דאָקטאָר פֿון דער נשמה, ווי פֿון קערפּער.

קורט איז אַריינגעגאַנגען אין צימער, זיך נישט געגריסט, און זיך גלייך צוגעשלעפּט צו דער סאָפֿע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זעהר דונקעלען ווינקעל פֿון צימער, און האָט זיך אויף איהר געלעגט. אַ ווײַלע איז ער געלעגען אָהן בעוועגונג, מיט צוגעמאַכטע אויגען. ענדליך האָט ער די אויגען געעפֿענט, אומגערדרעהט דעם קאָפּ צו׳ם דאָקטאָר און איהם אָנגעקוקט מיט אַ פֿינסטערען און בייזען אויסדרוק.

דאָקטאָר צעלטאָן, וועלכער איז שוין פֿון לאַנג געווען געוואָהנט מיט דער שלעכטער לאַגע פֿון קראַנקען, האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט גאָר נישט בעמערקט די דאָזיגע שנאה, וועלכע איז קלאָר געווען געווענדעט אויף איהם.

— גוטען טאָג, ליעבער קורט, — האָט ער געזאָגט צוגעהענדיג צו איהם.

דאָס יונגעל האָט נישט געענטפֿערט.

— נו, איהר ווערט מיר היינט גאָר די האַנד נישט געבען? — האָט דער דאָקטאָר געפֿרעגט שמייכלענדיג.

קורט ענטפֿערט: איהר ווילט מיין האַנד נאָר כּדי דעם פּולס צו בעמערקען.

— איך פֿערזיכער אייך, — האָט דער דאָקטאָר גערעדט, זיך זעצענדיג נעבען דער סאָפֿע, — אַז איך וויל גאָר נישט ביי אייך דעם פּולס וויסען. דאָס איז גאָר נישט נויטיג, דען איך ווייס אַזוי אויך, אַז איהר האָט פֿיעבער. איך קאָן אייך אפילו זאָגען, ווי איהר זענט געשלאָפֿען. זעהר שפּעט, זעהר וועניג און זעהר שלעכט. אין אייערע אויערען האָט גערוישט, דער פּולס האָט שטאַרק געקלאַפּט, איהר האָט געפֿיהלט אַ ברענענדען דורשט, וואָס איז דורכ׳ן טרינקען נישט קלענער געוואָרען, נאָר פֿערקעהרט. ענדליך זענט איהר אַריינגעפֿאַלען אין אַן׳אונרוהיגען שלאָף; אייך האָט זיך געדאַכט, אַז איהר פֿיהלט, ווי אַ שטריק ווערגט אייך אַרום האַלז, און עס האָט זיך אייך געחלומט, אַז אַ שרעקליכע חיה ליעגט אייך שווער אויף דער ברוסט, און איהר קאָנט נישט שרייען, נישט אָטעמען.

— איהר ווייסט זעהר פֿיעל, הערר דאָקטאָר, — האָט קורט ביטער געזאָגט.

— אויף מיין וואָרט, גאַנץ גענוג, כּדי אייך צו היילען, מיין ליעבער קורט.

און וועהרענד דער דאָקטאָר האָט אַזוי גערעדט, האָט ער גענומען איינע פֿון די קליינע, הייסע, פֿייכטע הענד פֿון קאַליקע אין זיינע הענד, איהם אָנגעקוקט מיט אַ פֿאָטערליכען בליק פֿול ליעבע און האָט געזאָגט מילד: — ווילט איהר, איך זאָל אייך היילען, מיין אָרעם קינד?

אין דעם דאָקטאָר׳ס בליק און שטימע איז אַזוי פֿיעל מיטלייד געלעגען, אַז קורט׳ס בעשלוס, צו זיין קאַלט און בייז, איז שוואַכער געוואָרען. זיין געזיכט איז עטוואָס העלער געוואָרען און ער האָט געזאָגט: — אָ, היילען, דאָס הייסט, איהר קאָנט אָבהיטען מיין טויט. אמת, דאָס מיינט איהר?

נאָר נישט אַזוי פֿערשטעה איך עס. געהיילט צו ווערען! ווייסט איהר, וואָס דאָס בעדייט פֿאַר מיר? גרוים זיין, גלייך זיין, נישט האָבען קיין האָרב אויפֿ'ן רוקען, נישט האָבען קיין פֿערקרימטע, פֿערקריפּעלטע פֿיס; געהיילט זיין בעדייט פֿאַר מיר, צו זיין גלייך מיט אַלע אַנדערע געזונדטע מענשען, צו קאָנען זיין אַזוי גליקליך און אַזוי אונגליקליך ווי זיי. איך וואָלט וועלען, אַז די מענער זאָ'לען מיך בעטראַכטען אָהן עקעל און אָבשיי, איך וואָלט וועלען, אַז די פֿרויען זאָלען מיך ליעבען קאָנען. אַזוי פֿערשטעה איך דאָס געהיילט צו ווערען. נאָר מיינע פֿערלאַנגען שטייגען איבער אייער מאַכט, נישט אמת, הערר דאָקטאָר? וואָס קאָנט איהר אויפֿטהון? איהר קאָנט מיך בעפֿרייען פֿון דער היץ, וועלכע הילט איין מיין שטערן, מיינע באַקען, מיין גאַנצען קערפּער. צו וואָס? איהר קאָנט פֿערלענגערן מיין לעבען אויף פֿינף ביז זעקס יאָהר, עס וועט אייער וויסענשאַפֿט פּיעלייכט געלינגען צו צעשטערען דעם קערן פֿון דער קראַנקהייט, וואָס איך האָב געירשה'נט פֿון מיין מוטער און וואָס פֿערניכטעט מיך. איהר קאָנט מיין לעבען דערהאַלטען, נאָר נישט איבערמאַכען מיך, און אַזוי וויל איך ווייטער נישט לעבען.

אָ, געבענשט ביזט דו, מיין הייליגע, בארמהערציגע מוטער. — האָט ער שטילערהייד און ווייך צוגעגעבען, — זיי געבענשט; דען אַזוי ווי דו האָסט מיך נישט געקאָנט גליקליך מאַכען, האָסטו מיר וועניגסטענס איבערגעלאָזט דעם קערן פֿון טויט.

קורט איז פֿערשוויגען געוואָרען, זיינע באַקען זענען געווען רויט און זיין שטערן האָט בעדעקט אַ קאַלטער שוויים.

דער דאָקטאָר האָט איהם אַ ווײַלע שווייגענדיג בעטראַכט; דאַן האָט ער געזאָגט: „געוויס, מיין קינד, קיין מענשליכע מאַכט איז נישט אומשטאַנד אייך צו געבען גלייכע איברים, געהיילט ווערען קאָן הייסען פֿאַר אייך נאָר לעבען".

אויב אַזוי, טאָ לאָזט מיך שטאַרבען.

ניין קורט; איהר קאָנט אַזוי אויך גליקליך ווערען. אַ שען געשטאַלט איז נאָך נישט אַלץ. איהר קאָנט ווערען אַ קינסטלער, אַ געלעהרטער און אויפֿטהון גרויסע זאַכען; די שענהייט פֿון דעם ווערק מאַכט פֿערגעסען די מיאוסע געשטאַלט פֿון דעם שעפֿער. און אויסער דעם — איהר וועט זיין אָהן אַ שיעור רייך — און רייכטום איז אַ גרויסע מאַכט. איהר וועט קאָנען אַנדערע, טויזענדער גליקליך מאַכען, איהר וועט קאָנען ווירקען שטיל אין פֿערבאָרגענהייט און זיך פֿיהלען ווי אַ גאָט, איהר וועט קאָנען, אויב איהר וועט האָבען חשק דערצו, בעקומען כבוד און רוהם, טויזענדער ליפּען וועלען אייך לויבען, טויזענדער הערצער וועלען אייך בענטשען. לאָזט נאָר אייך היילען, ליעבער קורט, פֿאַר דאָס איבעריגע בין איך אייך ערב.

— איך וועל קיינמאָל נישט געליעבט ווערען, — האָט קורט שטיל געזאָגט.

— פֿון די פֿרויען? איהר זענט דאָך ערשט עלף יאָהר אַלט, קורט; איך רעכען נישט, אַז איהר זאָלט שוין זיין פֿערליעבט.

קורט האָט אַ ציטער געטהון. דער דאָקטאָר האָט עס ווייזט אוים נישט בעמערקט און דאָס קינד האָט געזאָגט: — איך האָב פֿיעבער.

— יאָ, — האָט דער דאָקטאָר געענטפֿערט, — ווי שטענדיג אין דער צייט.

און ער האָט ווייטער גערעדט: — די מורא, טאָמער וועט איהר נישט געליעבט ווערען, קאָן אַלזאָ נישט זיין קיין שטערונג פֿאַר אייער איצטיגען גליק. און וואָס אָנבעלאַנגט דער צוקונפֿט, אַזוי דאַרפֿט איהר זיך נישט זאָרגען. פֿאַרוואָס זאָלט איהר דען נישט קאָנען געליעבט ווערען?

ליעבער קורט, אויב איך רעד מיט אייך פֿון די דאָזיגע זאַכען, איז עס דערפֿאַר, ווייל די ליידען האָבען אייך גייסטיג רייף געמאַכט; די זעעלע פֿון יונגע קראַנקע איז וואונדערבאַר ענטווי־קעלט אין געפֿיהל; אייער אינטעליגענץ ענטוויקעלט זיך מיט איבעררא־שענדער שנעלקייט, און די דאָזיגע פֿריהע רייפֿקייט, ליעבער קורט, עקזיסטירט ביי אייך אין אַזאַ הויכע מדרגה, ווי איך האָב עס נאָך קיינמאָל נישט בעמערקט ביי קיין אַנדערע —

— קראַנקע קינדער, — איז איהם קורט אַריינגעפֿאַלען אין וואָרט.

— אַלזאָ, — האָט דער דאָקטאָר ווייטער גערעדט, — לאָמיר רעדען וועגען די פֿרויען. איך קען פֿיעל פֿון זיי און האָב געהאַט די געלעגענהייט זיי גוט צו דערקענען. די דאָקטוירים דער־וויסען זיך און לערנען זיך אויס זעהר פֿיעל, און זיי דאַרפֿען צו דעם צוועק אפֿילו נישט זיין קיין שאַרפֿע בעאָבאַכטער, דען מען בעהאַלט פֿאַר זיי קיין זאַך נישט. און דעריבער קאָן איך אייך פֿער־זיכערן, מיין ליעבער קורט, אַז עס גיעבט אויף דער וועלט אָהן אַ שיעור אַזעלכע גוטע פֿרויען, אַז ווען אַלע וואָלטען אַזוי געווען, וואָלט דער נאָמען אַליין געווען ווי אַ מלאך פֿון גאָט, און דאָס וואָלט נאָך פֿאַר די מלאכים געווען אַ יחוס, וואָס מען גלייכט זיי צו צו פֿרויען. האָפֿט אַלזאָ, מיין ליעבער קורט, די פֿרויען האָבען מיטלייד.

— מיטלייד, — האָט דאָס יונגעל געזאָגט מיט ביטערקייט.

— יאָ, — מיטלייד; לאָמיר אַלזאָ אָננעהמען, אַז אַלט ווערענדיג צוואַנציג יאָהר וועט איהר בעגעגענען איינע פֿון די דאָזיגע פֿרויען, וועלכע זענען אפֿילו זעלטען, נאָר גאָרנישט אַזוי זעלטען, ווי די וועלט רעכענט — דאָס ערשטע געפֿיהל, וואָס איהר וועט אין איהר דערוועקען, וועט זיין מיטלייד. נאָר איהר זענט אַ גראַף, איהר זענט רייך, און אויב איהר וועט גוט זיין און בעריהמט ווערען און אַלערערשטענס וועט איהר זי ליעבען, וועלכע קומט צו אייך מיט באַרמהערציגקייט, און די צערטליכקייט וואָס וועט זיך אין איהר דערוועקען צו אייך, חאָטש זי שטאַמט אַרויס פֿון מיטלייד, וועט זיין נישט ווייניגער ליעבע, ווי די יעניגע, וועגען וועלכער איהר טרוימט.

דער דאָקטאָר האָט נאָך לאַנג גערעדט מיט יענער איבערצייגענדער וואַרמקייט און בעגייסטע־רונג, מיט וועלכער ער האָט זיך אויסגעצייכענט אין רעדען, און עס איז איהם ווירקליך געלונגען צו מאַכען אַ לעבהאַפֿטען איינדרוק אויף דער זעעלע פֿון זיין פּאַציענט. נאָך איידער דער דאָקטאָר האָט געענדיגט, האָט זיך קורט אויפֿגעהויבען, אָנגעהויבען אַרומגעהן הין און צוריק איבער'ן צימער אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַליין, און גערעדט צו זיך זעלבסט: „איז דאָס מעגליך? איז דאָס מעגליך, אַז אַ פֿרוי זאָל מיך, מיך עלענדע קאַליקע נישט צוריקשטויסען, אַז זי זאָל מיך קאָנען ליעבען, אַזוי ווי מען ליעבט די אַנדערע, די שענע, די געזונטע!"

ער האָט עס גערעדט הויך, זיינע לאַנגע האָר האָבען זיך בעוועגט אַרום זיין קאָפּ און אין

זײַנע אויגען האָבען פלאַמען געלויכטען, — זיין געזיכט איז אין דעם אויגענבליק שען געװען. די פרייד איז די זעלבע צויבערין ווי די זון, וואָס צינדט אָן פון אַ שאָטען אַ מעכטיגען ים פון פייער, און וואָס פערוואַנדעלט אַ שטרויענעם דאַך אין גאָלד.

— איצט, מיין ליבער קורט, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, זעהענדיג, אַז דאָס יונגעל געפינט זיך אין יענעם אויפגערעגטען צושטאַנד, אין װעלכען ער האָט איהם געוואָלט ברענגען, — איצט זאָגט מיר, צי ווילט איהר, אַז איך זאָל אייך געזונד מאַכען?

— צי קאָנט איהר עס דען ווירקליך?

— איך רעכען אַזוי.

— נו גוט, איך וויל. וואָס מוז איך טהון, זאָגט, בעפעהלט--איך וועל פאָלגען.

דער דאָקטאָר האָט איין אויגענבליק געשוויגען, דאַן האָט ער געזאָגט, ווערענד ער האָט מיט דער האַנד געגלעט די בלייכע האָר פון קראַנקען; — אַזוי ווי איהר זענט איצט פערשטענדיג, מיין ליעבער קורט, טאָ הערט מיך אויס. ווען אייער פאָטער האָט אייך פאַר צוויי יאָהרען געבראַכט אַהער קיין פאַריז, האָב איך גלייך איינגעזעהן, אַז עס איז אונמעגליך אייך עפעס צו העלפען דורך די אָרטאָפּעדיע, נאָר פאַר אייער לעבען האָב איך נישט געזעהן קיין ערנסטע געפאַהר. די קראַנקהייט, וועלכע איהר האָט געירשה'נט פון אייער מוטער, האָט נישט אַרוים געוויזען קיינע אַזעלכע סימפּטאָמען, וואָס זאָלען ערוועקען שרעק, און עס איז מעגליך געווען זי אינגאַנצען צו פערניכטען. אין דער ערשטער צייט איז אַלץ געווען גוט; קיין שום שוועריגקייטען, קיין שום שלעכטע ערשיינונגען, איך האָב דאָס בעסטע געהאָפט. ערשט מיט אַ מאָל האָט זיך אייער צושטאַנד פערערגערט, אייערע באַקען זענען איינגעפאַלען, אייערע אויגען זענען דורך שטענדיגע שלאָפלאָזיגקייט אונטערגעלאָפען מיט בלוט, אייער עטעמען הערט אויף צו זיין רעגעלמעסיג און איז טיילמאָל געוואָרען שווער און פייפענד — ווי צום ביישפּיעל איצט אין דעם דאָזיגען אויגענבליק — און ענדליך האָט איהר אויך בעקומען אַ פיעבער. דער דאָזיגער פלוצלונגער אָנפאַל, וואָס לויט מיין מיינונג האָט ער געדאַרפט אָנקומען ערשט אין עטליכע יאָהר אַרום, האָט מיך זעהר שטאַרק איבעראַשט, איך האָב געזוכט די סבה — איך האָב זי נאָך נישט ענטדעקט, נאָר איך בין זיכער, אַז ס'איז דאָ אַ סבה.

קורט האָט פערקנייטשט דעם שטערן, זיין אונצוטרויען האָט צוריקגעקעהרט.

— די דאָזיגע סבה,—האָט דער דאָקטער ווייטער גערעדט,— מוז איך קענען, אויב איך זאָל אייך היילען. איהר האָט אַ קומער, מיין קינד; אייער קראַנקהייט איז געשלאָפען, אַ שטאַרקער שמערץ האָט זי ווידער דערוועקט. איך רעכען, יאָ, איך בין זיכער, אַז איהר האָט אַ געהיימניס און דאָס מוז איך וויסען; פערטרויט עס אַלזאָ מיר, קורט, און איך וועל אייך היילען!

— אהא! — האָט קורט אויפשפּרינגענדיג צאָרניג אויסגעשריען, — איהר האָט מיר אַ נעץ געשטעלט!

— כדי אייך צו רעטען; זאָגט, איך בעט אייך, איך בעשווער אייך, האָט צוטרויען צו מיר, צי דען בין איך נישט אייער פריינד?

קורט איז געשטאַנען פֿאַר דעם דאָקטאָר, דאָס געזיכט רויט ווי פּורפּור, די אויגען פֿלאַמענדיג,
— איהר זענט נישט מיין פֿריינד און נישט מיין היילער, הערר דאָקטאָר, — האָט ער געזאָגט מיט אַ הייזעריגער, צאָרניגער שטימע,— איך דאַרף אייך נישט האָבען, ווייל איך וועל נישט געזונד ווערען.

און נאָכדעם ווי ער האָט אויף איהם אַ קוק געטהון, מיט אַ בליק פול פֿעראַכטונג, האָט זיך קורט אומגעדרעהט, אויפגעהויבען דעם פֿאָרהאַנג, וועלכער איז געווען צווישען באַלקאָן און שלאָפֿ-צימער, אַריינגעגאַנגען אין ווינטער-גאָרטען, און אַזוי ווי דער פֿאָרהאַנג איז זעהר פּאַמעלעך אַראָבגעפֿאַלען, האָט דער דאָקטאָר געקאָנט זעהן, ווי דאָס אונגליקליכע קינד האָט אָבגעריסען אַ ווייסער ראָזע און זי געקושט מיט ליידענשאַפֿטליכער אויפרעגונג.

3.

קורט האָט זיך צוגעשוואָרען, אַז ער וועט זיין געהיימניס קיינמאָל נישט אויסזאָגען.
עס גיעבט זעעלען, וועלכע זענען אַזוי ריין, אַז זיי ווילען זיך נישט ווייזען אונפֿערהילט.
מען קאָן דעם עפּהע (בלושק) אַראָברייסען פֿון דעם שטאַם, ארום וועלכען ער איז ארומגעפֿלאָכטען, מען קאָן אַרויסרייסען די פּערל-מושעלן פֿון דעם פֿעלזען, צו וועלכען זיי זענען פֿעסט צוגעוואַקסען; נאָר עס איז אונמעגליך אַרויסצורייסען פֿון יענע שעמעוודיגע זעעלען דעם סוד פֿון זייערע פֿריידען און ליידען.
איבריגענס האָט קורט געוואוסט, אַז זיין סוד וואָלט נאָר געקאָנט אויסגעהערט ווערען מיט אַ מיטליידס שמייכעל: „איהר-זענט אַ קינד", אָדער: „דאָס דאַרף מען נישט האַלטען ערנסט". און אויסער דעם, אין וועלכע ווערטער זאָל ער אויסדריקען זיין געפֿיהל, וועלכען ער האָט זיך אַליין נישט געקאָנט גענוי ערקלערען? צי דען איז די דאָזיגע זעלטזאַמע פֿערגעטערונג פֿאַר אַ ווייטען וועזען, וואָס ער האָט נאָר דורכלויפֿענדיג, ווי אַן ערשיינונג, דאָ און דאָרט דערזעהן, צי דען אין דאָס געווען די ליעבע, וועגען וועלכער ער האָט אַזוי פֿיעל געלעזען?
אין אמת'ען, כאָטש קורט'ס אינטעלעקטועלע פֿעהיגקייטען זענען געווען זעהר ענטוויקעלט, דאָך איז ער אין גרונד געווען צופֿיעל קינד, כדי ער זאָל פֿאָלשטענדיג קאָנען פֿערשטעהן די דאָזיגע מעכ-טיגע ליידענשאַפֿט, וועלכע האָט זיך אַ טייל גענומען פֿון נערוועזן-רייצונגען און אַ טייל צוליעב דער אויפרעגונג פֿון זיין פֿאַנטאַזיע. זיין געפֿיהל צו דער אונבעקאַנטער האָט געקאָנט אַרויסשטאַמען פֿון יענער בעדערפֿניש צו צערטליכקייט, וועלכע עס האָבען אַלע יונגע געמיטער און וועלכע האָט ביי קורט'ן קיין בעפֿריעדיגונג נישט געפֿונען. פֿון זיין פֿריהעסטער קינדהייט האָט איהם דער פֿאָטער אויס-געמיידט, די דיענער האָבען איהם פֿערנאַכלעסיגט, נאָר ער האָט דערקענט די העכסטע ליעבע, די ליעבע פֿון אַ מוטער צו איהר קראַנקען קינד, אַ ליעבע, וועלכע איז געוואָרען אָהן אַ שיעור גרויס, ווייל די מוטער האָט געפֿיהלט, אַז זי וועט איהר אונגליקליך ליעב קינד גאָר אין גיכען מוזען פֿערלאָז-ען, ווייל זי האָט זיין איינזאַמקייט און עלענד פֿאָראויסגעזעהן. קורט האָט פֿערלוירען זיין מוטער,

קינדער האָט איהם שוין מעהר נישט געליעבט און זיין אָרימעס, קליינעס קינדער־האַרץ האָט געבענקט נאָך ליעבע.

נאָר פון דער אַנדערער זייט ווידער, אויב ער האָט אויף יענץ יונג מעדעל איבערגעטראָגען נאָר זיין געפיהל פאַר זיין טויטע מוטער, פאַרוואָס האָט ער געפיהלט אַזוי פיעל אונערקלערליכע פערלאַנגען, פאַרוואָס איז ער געווען אייפערזיכטיג, פון וואַנען האָבען זיך גענומען אַזוי פיעל טרעהרען?

נאָר ווי אַזוי עס איז שוין, דער אָרימער קורט האָט געליטען, און עס איז נישט געווען קיינער, וואָס זאָל איהם קאָנען טרייסטען, וועמען ער זאָל קאָנען ליעבען. דער דאָקטאָר צעלטאָן? ניין, ער האָט פערלאַנגט, ער זאָל איהם זיין געהיימניס ענטדעקען, און דאָס איז ער נישט אימשטאַנד. זיין פאָטער? אָ, קיינמאָל! ער האָט איהם קיינמאָל נישט געקאָנט פערציהען, וואָס ער האָט געלאָזט זיין אונגליקליכע מוטער איינזאַם לעבען, פערצווייפעלט שטאַרבען. ניין, קיינמאָל, קיינמאָל האָט ער עס איהם פערצייהט! ער האָט איהם געהאַסט, און דערצו נאָך האָט דער גראַף קיין זאַך נישט געטהון, אום צו ענדערן די בעציהונג פון זיין זון צו איהם; ער האָט געלעבט אין דער גרויסער וועלט און האָט כמעט קיינמאָל זיין קראַנק קינד נישט געזעהן. אַזוי האָט דער אָרימער קאַליקע געלעבט אין דאָפעלטער איינזאַמקייט, און ביסלעכווייז איז ער פערצעהרט געוואָרען און האָט שוין באַלד געהאַלטען ביי'ם אויסלעשען.

איינמאָל איז ער געבליבען ביז שפּעט אין אָווענד אין זיין ווינטער־גאָרטען. עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז אין דעם שכנ'ישען הויז קומט פאָר עפּעס אונגעוועהנליכעס.

אַלץ מעהר און מעהר זענען בעלויכטען געוואָרען די פענסטער און אַזוי ווי אַ שאָטען־שפּיעל האָבען זיך אויף די אַראָבגעלאָזענע פאָרהאַנגען בעוועגט די געשטאַלטען. באַלד האָבען אָנגעהויבען אין הויף קאַרעטעס אַריינפאָהרען, און קורט האָט געזעהן דאַמען אַרויסשטייגען פון זיי. זיי זענען געווען פרעכטיג געקליידעט, האָבען געטראָגען אויפ'ן קאָפּ שפּיצענטיכער און אויף די אַקסלען ווייסע אָדער בלויע מאַנטעלעך. די הערען, וועלכע זענען אויסגעשטיגען פריהער ווי די דאַמען, האָבען זיי דערלאַנגט דעם אָרעם און האָבען זיי געפיהרט איבער די טרעפּ, וועלכע זענען געווען בעלעגט מיט טעפּיכען און בעפּוצט מיט בלומען. אויף די ערשטע טרעפּ ביי'ם אַריינגאַנג זענען געשטאַנען צוויי הויכע קאַנדעלאַבערס, וועלכע האָבען פערשפּרייט אַ מעכטיגען ליכטשיין, אַזוי אַז דאָס לויערנד יונגעל האָט אַלץ געקאָנט זעהן. ער האָט פערשטאַנען, אַז דאָרט קומט פאָר אַ באַל.

אָ! דער ביטערער האַס, וועלכער האָט זיין האַרץ געפרעסט, ווען ער האָט געזעהן די אַלע מענער, די יונגע לייט, וועלכע זענען אַלע געווען נישט קיין קינדער, אַך! נישט קיין קאַליקעס, נישט קיין טויט־קראַנקע, און די אַלע וועלען זי זעהן, מיט א י ה ר רעדען, מיט א י ה ר טאַנצען! ער האָט געפיהלט דעם ביטערסטען, ברענענדיגסטען שמערץ, וועלכער דערגעהט ביז פערצווייפלונג, ווען ער האָט צווישען דער מענגע געסט דערזעהן ד ע ם יונגען מאַן, וועלכער פלעגט טעגליך אַהין קומען. ער איז געווען שענער, ער האָט אויסגעזעהן פאָרנעהמער און גליקליכער ווי די אַלע אַנדערע, און דעריבער האָט איהם קורט געהאַסט מעהר ווי די אַלע אַנדערע. יאָ, ער האָט איהם

געהאַסט ווילד און ליידענשאַפֿטליך, און ווען ער וואָלט די מאַכט געהאַט, וואָלט ער איהם מיט'ן גרעסטען פֿערגניגען געטויט, מיט זיינע אייגענע הענד און צייהן וואָלט ער איהם צעריסען.

אלץ שטילער און שטילער איז עס געוואָרען דאָרטען אין הויף. די לעדיגע קאַרעטעס זענען אַוועקגעפֿאָהרען, נאָר דאָ און דאָרט האָט מען געזעהן איינציגע דיענער צוזאַמען שטעהן און פּלוידערען. אין די זאַלען איז עס, ווי עס ווייזט אויס, צוגעגאַנגען זעהר לעבהאַפֿט: אַ לוסטיגע מוזיק האָט זיך געהערט, די פּאָר־לעך האָבען זיך געדרעהט אין טאַקט און זענען פֿערבייגעפֿלויגען פֿאַר די פֿענסטער.— קורט האָט געטראַכט וועגען זיינע פֿערקריפּעלטע פֿיס און האָט ביטער געשמייכעלט.

נאָר ביי איין פֿענסטער, וואָס איז אפילו אויך געווען בעלויכטען, האָבען זיך נישט געזעהן יענע פֿערביילויפֿענדע פּאָרלעך; דאָס איז געווען דאָס פֿענסטער, ביי וועלכען ער האָט טעגליך געזעהן זיין ליעבע ערשיינונג. קורט האָט עס בעטראַכט מיט צערטליכקייט; עס איז איהם זעהר געפֿעלען געוואָרען, וואָס יענער צימער, וועלכער האָט פֿערשלונגען זיינע אַלע געדאַנקען, איז נישט פֿערשוועכט געוואָרען פֿון די פֿרעמדע.

דאָך איז דער דאָזיגער צימער נישט לאַנג געבליבען לעדיג; אַ ווייסע, צאַרטע געשטאַלט האָט אַריינגעשוועבט און איז צוגעגאַנגען צו'ם פֿענסטער. דאָס יונגעל האָט אויסגעשריען פֿון פֿרייד.

די ליעבע ערשיינונג, וועלכע איז פֿאַר איהם געווען זיין גאַנצעס טראַכטען און דענקען, האָט געעפֿענט דאָס פֿענסטער און זיך דערויף אָנגעשפּאַרט. קיינמאָל איז ער נאָך אַזוי גליקליך נישט געווען. ער האָט אויסגעשטרעקט די אָרעם, ער האָט גערופֿען צו איהר, ער וואָלט זיך גערן אַרויסגעוואָרפֿען איהר אַקעגען, און האָט אויסגעבראָכען אין טרעהרען.

אַך! צי דען איז עס ווירקליך נישט געווען צו טרויעריג, צו טרויעריג, אַז יענץ מערעל, אַזוי שען און גליקליך, וועלכע האָט דאָרט אין דער הויך, אָבגעמאַטערט פֿון טאַנצען, זיך אָנגעשפּאַרט אָן אָפֿענעם פֿענסטער, כדי צו כאַפּען אַ ביסעל דערפֿרישענדע לופֿט פֿון אַ שענער הערבסט־נאַכט, — איז האָפֿנונגסלאָז און פֿערצווייפֿעלט געליעבט געוואָרען פֿון אַ אונגליקליכען, קראַנקען קינד, וועמענס גרויסע ליידען האָבען זיך צו פֿריה ענטוויקעלט און איהם פֿעהיג געמאַכט צו אַ גרויסער ליעבע; צי איז עס נישט געווען פֿורכטבאַר טרויעריג צו טראַכטען, אַז ער איז דאָ געווען, אַז ער האָט פֿערגאָסען טרעהרען פֿאַר פֿרייד, און אַז זי האָט איהם נישט געזעהן וויינען און האָט גאָרנישט געאַהנט!

דאָס יונגע מערעל איז געשטאַנען רוהיג אָנגעשפּאַרט אָן פֿענסטער, ווי אַ וואונדערבאַרע ערשיי־נונג. קורט איז געווען ווי פֿערשכור'ט, ער האָט געגליהט אין פֿיעבער.

נאָר פּלוצלונג האָט ער אַ צווייטען מאָל אויסגעשריען. דאָס איז געווען אַ געשריי פֿול אַנגסט. אַ יונגער מאַן — אָ, ער האָט גלייך דערקענט דעם טעגליכען בעזוכער — איז געקומען, האָט זיך אָנ־געשפּאַרט נעבען איהר, גערעדט צו איהר. וואָס האָט ער געקאָנט זאָגען? וואָס אַנדערש אַלס דאָס, וואָס קורט וואָלט איהר געזאָגט, ווען ער וואָלט געווען אַ מאַן און נישט קיין קינד, ווען ער וואָלט געווען אַ מענש ווי אַלע און נישט קיין קאַליקע. אָ, ער האָט גוט געוואוסט, וואָס ער וואָלט איהר געזאָגט, ווען ער וואָלט געשטאַנען נעבען איהר ביי'ם אָפֿענעם פֿענסטער, עטעמענדיג די קיהלע נאַכט־לופֿט, נאָך אַ וואַלס, וואָס זיי וואָלטען ביידע געטאַנצט!

אַך! ער איז געזעסען ווי אַ געהיימער שפּיאָן אין זיין בעהעלטעניש מיט אַ אויסגעשטרעקטען האַלז, מיט אַ אָפֿענעם מויל און שטאַרען בליק און האָט שרעקליך געליטען. און איצט, איצט האָט ער געזעהן עטוואָס פֿורכטבאַרעס. ער האָט געזעהן, ווי דער יונגער מאַן האָט זיך אַראָבגעבויגען און זיינע ליפּען האָבען אַרויפֿגעדריקט אַ לאַנגען קוש אויף דעם מעדעל'ס שולטער. קורט האָט געזעהן דעם קוש, ער האָט איהם, ראַכט זיך, זאָגאַר געהערט, אויף זיינע אויגען איז אַראָבגעפֿאַלען אַ רויטער שלייער, אין זיין ברוסט האָט עפּעס געפּלאַצט, זיינע קניע האָבען געציטערט און מיט אַ הויכען וועה-געשריי איז ער אָהנמעכטיג צו דער ערד געפֿאַלען.

דער דיענער, וועלכער איז געווען אין ביבליאָטעק, האָט געהערט דעם פֿאַל און איז שנעל אַריינ-געלאָפֿען. ער האָט דעם אָהנמעכטיגען אויפֿגעהויבען, איהם געלעגט אויפֿ'ן בעט און איהם אויסגע-טהון; אין דער גאַנצער צייט איז אין יונגעל נישט געווען צו דערקענען קיין איינציגען סמן פֿון לעבען. דער דיענער האָט אויפֿגערודערט דאָס גאַנצע הויז, נאָר אויך אַלע איבעריגע דיענער האָבען זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבען. דער גראַף איז ווי געוועהנליך נישט געווען אין דערהיים, ווייל ער פֿלעגט צוריקקומען אַהיים ערשט פֿאַרטאָג. ענדליך איז איינעם פֿון די דיענער איינגעפֿאַלען צו געהן רופֿען דעם דאָקטאָר צעלטאָן. דערווייל האָט איין דיענער געוואַכט ביי זיין יונגען הערר, וועלכען ער האָט געהאַלטען פֿאַר טויט.

מעהר ווי אַ שטונדע איז פֿערביינגעגאַנגען, איידער דער דאָקטאָר איז געקומען.

ער איז נישט געווען אין דער היים ביי זיך, ווען מען איז איהם געקומען רופֿען, נאָר צו'ם גליק איז זיין מוטער, ביי וועלכע ער האָט געוואָהנט, נאָך וואַך געווען און האָט געוואוסט, וואו ער איז געווען. ער האָט זיך געפֿונען אויף אַ באַל, וואָס איז פֿאַרגעקומען צו די תנאָים פֿון זיינעם אַ פֿריינד, הערר דע שאַרדען מיט פֿריילין יוליעטע דע פּאָיאַן. עס איז געווען אַ גליקליכער צופֿאַל, וואָס דאָס הויז פֿון דער פֿאַמיליע פּאָיאַן איז גראַדע געווען אין שכנות מיט דעם פּאַלאַץ פֿון גראַף באָרג; און דער דאָקטאָר, ווי ער האָט דערהערט וועגען אונגליקס-פֿאַל, האָט גלייך פֿערלאָזען דעם באַל און געאיילט צום קראַנקען.

ער איז צוגעגאַנגען צו'ם בעט און האָט אָנגענומען די האַנד פֿונ'ם פֿערחלש'טען.

— ער איז טויט? — האָט דער דיענער געפֿרעגט.

— נאָך נישט, — האָט דער דאָקטאָר געענטפֿערט. — וואָס איז דאָ געשעהן?

דער דיענער, וועלכער האָט געמוזט היטען דעם יונגען גראַף, מורא האָבענדיג פֿאַר אַ פֿאָרוואורף דערפֿאַר, וואָס ער האָט איהם צו לאַנג אַליין געלאָזט אין דער גלאָז-שטוב, האָט דערצעהלט, אַז דער יונגער הערר האָט זיך בעציטענס געלעגט און האָט געהאַט אַ שטאַרקען פֿיעבער, און נאָכדעם ווי ער האָט שטאַרק גערעדט פֿון היץ איז ער געוואָרען אָהנמעכטיג.

דער דאָקטאָר האָט פֿערוואונדערט געשאָקעלט דעם קאָפּ, עס האָט זיך איהם נישט געוואָלט גלויבען, אַז דער דאָזיגער שווערער צופֿאַל זאָל נישט האָבען אַרויסגעקומען פֿון אַ טיעפֿערער סבה.

— ער וועט באַלד צו זיך קומען, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ קורצער פּויזע, און אַזוי ווי ער האָט זיך משער געווען, אַז די ערשטע ווערטער, וועלכע דער קראַנקער וועט רעדען, וועלען נאָך זיין פֿון

היץ און ער האָט זיי געוואָלט הערען נאָר אַליין, דעריבער האָט ער געהייסען דעם דיענער אַרויסגעהן און קומען נאָר דאַן, ווען ער וועט איהם רופען.

קורט האָט געעפענט די אויגען. — דער דאָקטאָר האָט זיך געשטעלט אַזוי, אַז דער קראַנקער האָט איהם נישט געקאָנט זעהן. ער האָט אויפגעהויבען די הענד, זיי צוגעדריקט צו'ם שטערן און אָבּגעזופצט: „אָ! ווי היים עס גליהט מיר און רוישט אַט דאָ אינוועניג!" דאַן זענען די הענד אַראָבּגעפאַלען און ער איז אַ ווייל געלעגען אָהן בעוועגונג. פּלוצלונג האָט ער אויסגעשריען: „אָ! ער האָט זי געקושט... איך האָב עס געזעהן, איך האָב עס אַליין געהערט. נאָר ווען איז עס געווען? נעכטען? ניין, עס איז שוין מיט פיעל צייט צוריק, פיליייכט אַכט טאָג. איצט איז נאַכט, זאָל איך האָבען געשלאָפען אַכט טאָג לאַנג?"

דער דאָקטאָר איז ווי פערשטיינערט געוואָרען פון פערוואונדערונג.

קורט האָט דערווייל ווייטער גערעדט און אַלע מאָל שטאַרקער: „ניין, דאָס איז געווען היינט ביינאַכט, נאָר וואָס, יאָ, איצט ווייס איך עס גענוי. לאָזט מיך! לאָזט מיך! איך מוז איהם שטערען, נישט דערלאָזען איהם זי צו קושען נאָך אַמאָל, איך מוז אַהין לויפען, איך מוז אַריבערגעהן!" דער אונגליקליכער קאַליקע האָט זיך אַרויסגעקייקעלט פון בעט, און עס איז געווען שרעקליך צו קוקען אויף איהם, ווי ער האָט, וויינענדיג און שרייענדיג פון היץ, מאַכענדיג העויות, ווי אַ משוגע'נער זיך דערשלעפּט ביז צו'ם פאָרהאַנג. ער האָט אויפגעהויבען דעם פאָרהאַנג און איז ווי אונזיניג אַראָבּגעלאָפען אין דער גלאָז שטוב.

דער דאָקטאָר איז איהם נאָכגעגאַנגען, ער האָט געזעהן, ווי ער האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ צווישען די צווייגען און האָט געקוקט דורכ'ן פענסטער; אַזוי ווי ער איז געשטאַנען הינטער איהם, האָט ער נישט גאַנץ גוט געקאָנט זעהן, וואָס דאָרט קומט פאָר.

נאָר דאָס יונגעל האָט ווייטער גערעדט: „זי איז נאָך ביי'ם פענסטער, זי איז אַליין! צי דען איז אַלץ נאָר אַ בייזער חלום געווען? אַך! ניין, ער וועט געוויס באַלד ווידער קומען. אַט דאָ איז ער; ער געהט דורכ'ן הויף און זי איז ביי'ם פענסטער און קוקט איהם נאָך".

דער דאָקטאָר, וואָס האָט געפונען אַ בענקעל, אויף וועלכען עס זענען געלעגען איינינגע גאָרטען-אינסטרומענטען, האָט זיך דערויף געשטעלט, און איצט האָט ער געקאָנט זעהן, וואָס האָט דעם יונגעל אַזוי שטאַרק אויפגערעגט: ער האָט געזעהן ביי'ם פענסטער אַ דאַמע, וועלכע האָט זיך אַרויסגעבויגען און צוגעוואונקען צו אַ יונגען מאַן, וועלכער איז געגאַנגען דורכ'ן הויף, אָבשיעדס-גרוסען, און איצט האָט זי איהם פון ווייטען אַ קוש געשיקט.

— איך וויל נישט מעהר זעהן, — האָט דער יונגעל אויסגעשריען, זיך האַסטיג אומגעדרעהט און איז נעשטאַנען קעגען דעם דאָקטאָר, וועלכער איז אַראָבגעגאַנגען פון בענקעל.

— איהר, איהר דאָ; וואָס טהוט איהר דאָ? אַוועק געהט פון דאַנען! — האָט דער קראַנקער אויפגערעגט געשריען. און אַזוי ווי אַ פערוואונדערטע חיה איז ער אַנטלאָפען אין אַ ווינקעל און זיך דאָרט אַנידערגעוואָרפען.

דער דאָקטאָר איז צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט: — מיין ליעב קינד, בערוהיגט זיך.

— געהט נישט צו צו מיר! — האָט דער קראַנקער געדופֿען מיט אַ שטימע, וואָס איז שוין גאָר נישט עהנליך געווען צו קיין מענשליכֿע. — געזונד מאַכֿען ווילט איהר מיך, אויסהיילען. לעבען זאָל איך, כּדי איך זאָל טאָג־טעגליך האָבען פֿאַר די אויגען, וואָס איך האָב היינט געזעהן...

ווי קאָן איך דען לעבען, ווען זי ליעבט אָט דעם מענשען! עס גיעבט פֿרויען, וואָס זענען באמת ווי מלאכים, פֿרויען, וואָס האָבען מיטלייד. נישט אמת, אַז אַזוי האָט איהר געזאָגט? עס איז אַ ליגען, אַ ליגען; איהר האָט ליגען געזאָגט, ליגען, איהר זענט אַ ליגנער, געהט נישט צו צו מיר— איך פֿערזאַכֿט אייך!

דאָס קינד האָט זיך פֿערקייכֿט. דער דאָקטאָר האָט נישט געוואַגט צו צוגעהן נעהענטער, אויב מורא ער זאָל נישט ווערען אויסער זיך.

נאָך פֿלוצלונג איז דאָס יונגעל אויפֿגעציטערט געוואָרען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, ער איז אויפֿגע־שפּרונגען און האָט געשריען: — אַה, איצט פֿערשטעה איך שוין. איהר זענט געקומען כּדי זי צו זעהן דורכ'ן פֿענסטער, אַזוי ווי איך, דעריבער קומט איהר אַהער צו מיר אַלע טאָג, נישט ווייל איך בין קראַנק און איהר ווילט מיך היילען, נייז, כּדי זי צו זעהן, ווייל איהר ליעבט זי אויך. ליגנער: עלענדער! איך וועל דיך אומברענגען! — און אויפֿשרייענדיג ווי אַ שאַקאַל האָט זיך קורט ווילד אַ וואָרף געטהון אויפֿ'ן דאָקטאָר, אָנגעכֿאַפּט זיינע הענד און איהם געביסען.

אומזיסט האָט זיך דער דאָקטאָר בעמיהט צו פּאַקען דעם אומזיניגען, כּדי איהם צו טראָגען אין בעט אַריין, וואו ער וואָלט איהם גיכֿער געקאָנט בעהערשען. קורט האָט געברומט, געריסען, גע־דראַפּעט, אַזוי ווי אַ משוגע'נע ווילדע קאַץ. ער האָט געשריען: „איך האַלט דיך, איך וועל דיך טויטען... איך ווייס, דו ווילסט זי אַוועקרויבען פֿון מיר".

פּלוצלונג האָט ער אָבגעלאָזט דעם דאָקטאָר, בליץ־שנעל געכֿאַפּט אַ גאָרטען־מעסער און האָט עס אַ לאָז געטהון גענגען דעם דאָקטאָר'ס ברוסט.

— דאָ, דאָ און דאָ, — האָט ער געשריען בלינד שלאָגענדיג, — ביזטו טויט?

זייענדיג געצוואונגען צו בעשיצען זיין לעבען, האָט דאָקטאָר צעלטאָן אַ זעץ געטהון דעם אונזי־ניגען איבער דער האַנד, איהם אָנגעכֿאַפּט מיט'ן גאַנצען כּח פֿון הינטען אַרום און אַרויסגעריסען פֿון איהם דאָס מעסער. דאַן איז איהם ענדליך געלונגען איהם אָנצוכֿאַפּען אויך פֿאַר די פֿיס, און האַלטענ־דיג איהם אַזוי פֿעסט, האָט ער איהם צוגעטראָגען ביז צום בעט, ווערענד דער אונגליקליכֿער קאַליקע האָט געוויינט, געברומט, געהוסט און געכֿאָרכֿעלט.

איצט איז ער געלעגען טויט־מיעד אויסגעשטרעקט אין בעט, נישט ריהרענדיג זיך, מיט אויפֿגע־ריסענע אויגען, וועלכֿע האָבען גאָרנישט געזעהן, מיט אַ אָפֿענעם מויל, וואָס האָט שוין מעהר קיין קלאַנג נישט געקאָנט אַרויסברענגען.

דער דאָקטאָר האָט אָנגעקלונגען. דער דיענער, וועלכֿער האָט געהאַט איינגעשלאָפֿען אין דער־בייאיגען צימער, איז פּאַמעלעך אַריינגעקומען.

— בלייבט ביי דעם יונגען הערר גראַף, ער טאָר נישט אין די גלאָזשטוב אַריינגעהן און טאָר בכלל

נישט אויפשטעהן. איהר זאָלט עס איהם אין קיין פאַל נישט דערלאָזען; אויב איהר וועט נישט האָבען קיין אַנדער ברירה, זאָלט איהר איהם בינדען. איך וועל גלייך צוריקקומען.

— האַלט עס זעהר שלעכט מיט דעם הערר גראַף? — האָט זיך דער דיענער געוואַגט צו פרעגען, דען ער האָט געפיהלט אין האַרצען חרטה דערפאַר, וואָס ער האָט איהם נישט בעסער געהיט און האָט דעם דאָקטאָר נישט אויסגעזאָגט דעם גאַנצען אמת.

— עס געהט צו ענדע, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען, נאָכדעם ווי ער האָט געוואָרפען אַ לאַנגען בליק פול אומענדליך רחמנות אויף דאָס אָרעמע קינד, וואָס איז שוין געווען עהנליך צו אַ טויטען קערפער, ווען מען האָט נאָך די אויגען נישט צוגעמאַכט.

4.

די היץ האָט נאָך געהאַט אויסערליך אויפגעהערט, אינווענינג אין קורט'ס זעעלע האָט דער שטורם ווייטער געראַשט. טויזענד געדאַנקען און בילדער האָבען זיך געדרענגט אין זיין גייסט. ער האָט זיך ווידער געזעהן ווי אַ קליין קינד אויף דעם שויס פון דער ווייגענדער מוטער, ער האָט געזעהן דעם מעלאַנכאָלישען, פינסטערען שלאָס פון דאָרמזע, ער האָט געזעהן דעם טרויעריגען וואַלד, ער איז אַרומגעקראָכען און געקניעט פאַר זיין מוטער'ס קבר. דאַן האָט ער פלוצלונג דערזעהן דאָס פענסטער, פון וועלכען זי האָט זיך שמייכלענד אַרויסגעבויגען און איהר פריינד מיט דער האַנד אַ קוש געשיקט. דערביי האָט ער געפיהלט טויזענדפאַכע שמערצען. דער אָטעם איז איהם איבערגעריסען געוואָרען, דער דורשט האָט איהם געפייניגט, עס האָט זיך איהם געוואָלט קיהלענדען שנעע, אייז. ער האָט זיך געפיהלט, ווי עמיץ וואָלט איהם אַרויפגעזעצט די קניע אויף דער ברוסט און איהם געוואָרגען ביי'ם האַלז. ער האָט געהערט זיין אייגען האַרחלען און עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, ווי דער דאָזיגער גערויש קומט פאַר ווייט, ווייט; דער ים איז עס געווען, וואָס האָט אַזוי געראַשט. ער האָט זיך געוואָלט אָנבויגען, כדי אָנצושעפען, טרינקען, נאָר עס איז פאַר איהם פערבייגעלאָפען און פערשוואונדען. ער האָט עס נאָכגעיאָגט אָטעמלאָז, זיך קייכענדיג, און האָט עס דאָך נישט געקאָנט דערגרייכען. אַ קאַלטער שוויס האָט איהם בעדעקט און פלוצלונג האָט ער שוין מעהר קיין זאַך נישט געזעהן און דאַן האָט ער צו זיך געזאָגט: „נו, איצט איז שוין דער סוף, איצט שטאַרב איך"...

נאָר אַלץ מעהר און מעהר האָט זיך איהם אויסגעוויזען, ווי אַרום איהם וואָלט עפעס פאָרגעקומען, עפּעס זעלטזאַמעס, עפעס אָהן אַ שיעור זיסעס. עס איז געווען אַזוי ווי אַ העלער שימער, גלייך צו דער רויטקייט פון הימעל ביי'ם זונען-אויפגאַנג, וואָלט אַריינגעדרונגען אין זיין פינסטערען צימער. עס האָט זיך איהם געדוכט, ווי ער הערט אַ לייכטען גערויש, אומענדליך צאַרט און לייכט. אין צאַרטען גערויש האָט זיך אַ ליכט-שיין פערשפרייט. איצט האָט זיך איהם אויסגעוויזען, ווי עמיץ וואָלט אַ

פֿענסטער געעפֿענט און אַ זונענשטראַהל האָט שפּילענדיג אַריינגעשפּאַציערט. ער האָט געאָטעמט לייכטער, אַ זיסע לופֿט האָט איהם דערפֿרישט, בעלעבט און ער איז פֿאַלשטענדיג געקומען צו׳ם קלאָרען בעוואוסטזיין. ער האָט זיך געפֿונען ליגענדיג אויף זיין בעט און פֿאַר איהם איז געשטאַנען אַ העלע ערשיינונג: אַ יונג, שען מעדעל אין אַ ווייס קלייד, מיט פֿיילכען אין די בלאָנדע האָהר; דאָס ווייכע ליכט פֿון אַ לאָמפּ האָט איהר אינגאַנצען בעלויכטען. „זי, זי!" האָט ער שטיל געזאָגט, ער האָט געמיינט, אַז ער טרוימט. ניין, דאָס איז נישט קיין חלום געווען, ער איז טויט און געפֿינט זיך אין גן עדן, וועגען וועלכען זיין מוטער האָט איהם דערצעהלט. יאָ, געוויס, ער איז אין גן-עדן, און זי, זי, די ליכט-געשטאַלט איז אַ ליעבער מלאך. ער האָט נאָר געקאָנט שטיל ליגען און זי אָנקוקען, קוקען און שטוינען, טרינקען אין זיך איהר אָנבליק. „אַ, דאָס איז אַ מלאך", האָט ער שטילערהייד געזאָגט.

און יוליעטע איז ווירקליך געווען גלייך צו אַ מלאך, וועלכער איז פֿון הימעל אַראָבגעקומען, כדי צו טראָגען די נשמה פֿונ׳ם שטאַרבענדען קאָפּ אין די עביגע הימלען, זי איז געוועלין גלייך געווען צו אַ מלאך אָדער צו אַ הייליגער, אַזוי פֿיעל ריינהייט האָט גערוהט אויף איהר ווייסען שטערן, אַזוי פֿיעל רחמנות איז געלעגען אין איהרע בלויע אויגען, געציטערט אַרום איהר ליעבען מויל.

„זי איז עס! — האָט ער פלוצלונג אַרויסגערופֿען און מיט אַנ׳אינסטינקטיווען געפֿיהל האָט ער בעהאַלטען זיין געזיכט אונטער דער דעקע.

דאָך יוליעטע איז צוגעגאַנגען נעהנטער און האָט געפֿרעגט: „צו איז אייך בעסער, הערר גראַף?"

ווי אונבעדייטענד די פֿראַגע איז געווען, דאָך הערענדיג זי מיט אַ ווייכער, בעוועגטער שטימע, האָט זי איהם געקלונגען אַזוי ווי הימלישע מוזיק.

ביי׳ם קלאַנג פֿון דער דאָזיגער שטימע האָט קורט אויפגעציטערט ביז אין דאָס טיעפֿסטע פֿון זיין זעעלע, און מיט יענער פֿעהיגקייט, וועלכע עס בעזיצען נאָר די יעניגע, וועלכע האָבען שוין נישט לאַנג צו לעבען, האָט ער טיעף און פֿול געפֿיהלט אַנ׳אונבעשרייבליכעס גליק, הימלישע פֿריידען.

— „זי איז עס" — האָט ער אַלץ נאָך און נאָך ווידערהאָלט.

— זענט איהר דאָס ווירקליך, ווי איז דאָס מעגליך, וואָס איהר זענט דאָ?

— דער דאָקטאָר צעלטאַן האָט מיר געזאָגט, אַז איהר ווילט מיך זעהן, ביז איך געקומען.

— אַלזאָ האָט ער דאָך רעכט, גיעבט דאָך עס ווירקליך פֿרויען, וואָס זענען בעסער ווי מלאכים! — און קורט האָט מיט די הענד דאָס געזיכט פֿערדעקט און געוויינט, געוויינט.

— וואָס איז אייך, מיין קינד? — האָט יוליעטע געפֿרעגט מיט מיטלייד.

ער האָט זיך שטאַרק אַ הויב געטון.

— רופֿט מיך נישט קינד, איך בין קיין קינד.

אין זיין שטימע איז געלעגען אַזוי פֿיעל צאָרן, אַז יוליעטע האָט מיט שרעק אָבגעטרעטען.

— פֿערצייהונג, פֿערצייהונג! — האָט דער קראַנקער גערופֿען. — זייט נישט בייז אויף מיר, איך

בין דאָך אַזוי ווי אונזיניג; צי דען האָט עס אייך דער דאָקטאָר נישט געזאָגט? גערט נישט אַוועק איך בעט אייך, בלייבט, אָ, בלייבט! זייט איך לעב בין איך אונגליקליך, אָ, אַזוי אונגליקליך. איצט, איצט ווען איך מיט די ערשטע פריידע־טרערען. גערט נישט אַוועק פון מיר! איך האָב נאָך קיינמאָל קיין אַנדערען נישט געליעבט אויסער מיין מוטער און אייך, און די גאַנצע צערטליכקייט, וועלכע איך האָב געפיהלט צו מיין מוטער, האָב איך אויף אייך איבערגעטראָגען.

„ווען איך בין קליין געווען האָב איך געלעבט אין אַ גרויסען, טרויעריגען שלאָס. די דיענער האָבען מיך געשלאָגען, און ווען איך האָב זיי געפרעגט, פאַרוואָס זיי בעהאַנדלען מיך שלעכט, האָבען זיי געזאָגט: כדי איך זאָל זיך אויסלערנען צו געהן גלייך.

„צי דען איז עס מיין שולד געווען, וואָס איך האָב געהינקט? און אַ צווייטען מאָל האָבען זיי מיך געשלאָגען, ווייל איך האָב געהאַט אַ האָרב. אך! פריילין, איך בין שרעקליך פערקריפעלט. איהר קאָנט עס נישט זעהן, ווייל איך ליעג. דרעהט זיך אָב, וועל איך אויפשטעהן, מיך אָנטהון, כדי איהר זאָלט דאָס זעהן; נאָר ניין, דאָס איז צו מאוס, צו אָבשטויסענד. בלייבט, קוקט מיך אָן; די מוטער האָט געזאָגט, אַז איך האָב שענע האָר.

„איך האָב איהר קיינמאָל נישט דערצעהלט, ווען די מענשען האָבען מיך שלעכט בעהאַנדעלט, עס וואָלט איהר געשמערצט. איך האָב איהר נישט קיין צער אָנגעטהון, זי איז שוין דעמאָלט זעהר קראַנק געווען, מיין אונגליקליכע מוטער, זי איז געשטאָרבען פון אַ ברוסט־קראַנקהייט. איך האָב די קראַנקהייט פון איהר גע'ירשה'נט און וועל אויך דערפון שטאַרבען.

„איך זאָג אייך דאָס אַלץ, כדי איהר זאָלט מיך בעדויערען. מיין פאָטער איז אַ שלעכטער מענש, ער האָט מיין מוטער און מיך זעהר אונגליקליך געמאַכט. און ער ליעבט מיך נישט און קיינער קימערט זיך נישט וועגען מיר, זינט מיין ליעבע מאַמע איז טויט. דער דאָקטאָר צעלטאָן, יאָ, ער איז אַ גוטער, נאָר ער איז אַ מאַן און די מענער זענען נישט אַזוי ווי מיין מוטער איז געווען. איהר אָבער זענט יאָ אַזוי, איהר זענט גלייך צו איהר, נאָר איהר זענט שענער. ניין, ניין, דאָס זאָג איך נאָר אין שפּאַס; מיך קימערט עס כלל נישט, וואָס איהר זענט שען, ווייל איך בין דאָך נאָר אַ קינד, אַנ'אונגליקליך, קראַנק קינד.

„נישט אמת, איהר בלייבט? איהר זענט אַזאַ גוטע. שטעלט זיך פאָר, אַז איהר זענט אַ שוועסטער, וועלכע וואַכט ביי איהר אָרעמען, קליינעם, שטאַרבענדען ברודער.

„יאָ, אָט זענט איהר שוין איצט מיין שוועסטער. איהר קאָנט בלייבען גאָר אָהן מורא, איך וועל קיין בייזעס נישט רעדען, איך בין דאָך אויך גאָרנישט אונזיניג. נישט אמת, דער דאָקטאָר האָט אייך געזאָגט, אַז איך בין משוגע? האָט קיין מורא נישט, איך בין נישט בייז, נישט שלעכט.

„ווען מיין פאָטער וועט קומען, לאָזט איהם נישט אַריין אַהער, קיינער זאָל אַהער נישט אַריינגעהן, איך וויל דאָ קיינעם נישט האָבען, נאָר אייך. נישט אמת, איהר בלייבט. ווייל איך בין אַזאַ אונגליקליך קינד; אַ אונגליקליך בראַוועס קינד, נישט אמת?”

אזוי האָט ער גערעדט מיט אַ אָבשטאַרבענדער שטימע, פול צערטליכקייט, און האָט ענטציקט געקוקט אויף די ליעבע ערשיינונג פאַר איהם.

— איך וועל אייך נישט פֿערלאָזען! — האָט דאָס יונגע מערעל געזאָגט טיעף געריהרט און זיך געזעצט אויפ'ן בעט.

דאָס יונגעל האָט געשטראַהלט. דאָס גליק האָט איהם יונגער געמאַכט, ער איז איצט ווירקליך געוועזען אַ קינד: ער האָט געשמייכעלט, גערערט פֿון טויזענד זאַכען, ווי ער וואָלט אזוי גערן געוואָלט רייטען, ווערען אַ סאָלדאַט, ווען ער וואָלט נאָר ליידער נישט געוועזען אַזאַ קאַליקע.

זי האָט איהם געפֿרעגט, ווי ער הייסט.

— איך הייס קורט, — האָט ער געזאָגט, — און איהר?

— יוליעטע, — האָט זי געענטפֿערט.

ער האָט געפֿרעגט, ווי אַלט זי איז, און ווען זי האָט געענטפֿערט „17 יאָהר", האָט ער פֿרעהליך בעמערקט: „שוין אזוי אַלט?"

פֿריילין פֿאָן פֿאַיאָן האָט קוים געקאָנט גלויבען, וואָס דער דאָקטאָר האָט איהר דערצעהלט. זי האָט געדערכענט, אַז דער דאָקטאָר האָט געמוזט איבערטרייבען, זי האָט נאָר פֿערשטאַנען, אַז מיט איהר געגענוואַרט מאַכט זי דעם קינד אַ גרויס פֿערגעניגען און האָט זיך געפֿיהלט גליקליך דערמיט, וואָס זי קאָן זיין גוט.

טיילמאָל האָט זיך קורט לוסטיג צעלאַכט, נאָר דאָס איז פֿאַר איהם געוועזען שוין צופֿיעל. עס האָט איהם אָנגעהאַפּט אַ פֿורכטבאַרער קראַמפּפהאַפֿטער הוסט און ער האָט געהאָרכעלט. דאָס איז געוועזען שרעקליך אָנצוקוקען. עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער שטאַרבט. אין אַ זעלכע אויגענבליקען איז יוליעטע געוועזען זעהר דערשראָקען, זי האָט געוואָלט רופֿען צו הילף, דען זי האָט מורא געהאַט, עס זאָל נישט געשעהן אַ קאַטאַסטראָפֿע. נאָר באַלד האָט זיך דער קראַנקער בערוהיגט דורך אַ ווילען, וואָס איז שטאַרקער געוועזען ווי זיינע ליידען, ער האָט שוין נישט געהוסט, נאָר געשמייכעלט צו איהר און גערעדט: „רופֿט נישט קיינעם, מיר ווערט שוין בעסער, מיר איז שוין גאַנץ גוט, איך בין שוין געזונד. בלייבט דאָ."

און דאָס יונגע מערעל, פֿערנאַרט דורך דעם שיינבאַרען צוריקקעהר צו'ם לעבען, האָט זיך ווידער געזעצט און געזאָגט צו זיך: „ער וועט נישט שטאַרבען."

פּלוצלונג נאָך אַ פּויזע, אין וועלכער קורט האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט וועגען עפּעס געטראַכט, האָט ער געפֿרעגט: — ציי זענט איהר אליין געקומען?

— ניין, — האָט זי געענטפֿערט. — מיין מוטער איז אויך דאָ אין סאַלאָן מיט ד״ר צעלטאָן, וועלכער איז אונזער פֿריינד. זאָל איך אַריינרופֿען די מוטער? זי וועט גערן אַריינקומען, און מיר ביידע וועלען אייך פּאַלעגען, ליעבער קורט.

— און אייער ברודער? — האָט דאָס יונגעל געפֿרעגט, שאַרף אָנקוקענדיג יוליעטע'ן, — ציי האָט איך אייער ברודער נישט בעגלייט.

— איך האָב נישט קיין ברודער, — האָט יוליעטע פֿערוואונדערט געענטפֿערט.

— איהר האָט נישט קיין ברודער? דער יונגער מאַן, וואָס קומט אַלע טאָג, איז נישט אייער ברודער? ווער דען איז ער? אייער מאַן, אייער חתן, אייער געליעבטער? ניין! איך בין ניט

מעהר קיין קינד. איך ליעב אייך, איך בין אייפערזיכטיג. איך האָב אייך אַ ליעגען געזאָגט, איך בין נישט קיין קינד. יאָ, איך בין ערשט עלף יאָהר אַלט, נאר יעדעס פון מיינע יאָהרען בעדייט פאַר מיר אַ יאָהרהונדערט פון ליידען, פון געדאַנקען. איך בין פלוצלונג אַלט געוואָרען, נישט ווייסענדיג דאָס, אַזוי ווי יענע יעגער אין דער לעגענדע פון מיין נאָרדישער היימאַט, וועלכע פערבלאָנדזען אין וואַלד און דערזעהען די ווילדע יאַגד. איך בין אַ מאַן און ליעב אייך, איך בין אַ מאַן און בין אייפערזיכטיג. איך האָב געוואָלט דעם דאָקטאָר אומברענגען, און אויך דעם, וועמען איהר ליעבט, וויל איך אויך טויטען. איך האַס איהם און האַס אייך! וואָס זוכט איהר דאָ, וואָס דאַרפט איהר דאָ? זענט איהר געקומען צו זעהן, ווי איך שטאַרב, כדי איהר זאָלט זיכער זיין, אַז איך וועל אייער געליעבטען נישט אומברענגען? געהט פון דאַנען! אייער געשטאַלט פערשאַפט מיר וועהטאָג, איך וויל אייך נישט מעהר זעהן, געהט אַוועק!

יוליעטע איז אויפגעשפרונגען אויסער זיך פאַר שרעק. ביי דעם געוואַלד פון קורט'ס שטאַרקע ווערטער האָט זיך געעפענט די טהיר און דער דאָקטאָר האָט אַריינגעקוקט.

איצט אָבער האָט דאָס יונגעל פערשטאַנען, אַז ער וועט זי שוין מעהר קיינמאָל נישט זעהן און אַז צו אַלעם וועט נעהמען אַ סוף, און דעם דאָזיגען געדאַנקען האָט ער נישט געקאָנט פערגעסען.

— פערצייהט מיר, פריילין, — האָט ער אויסגערופען בעטענדיג. — איך בעט אייך, איך בעשווער אייך, זייט נישט בייז אויף מיר; איך ווייס, אַז איך בין אַ שלעכטער, נאָר ווען מען ליידט, ווערט מען זעהר לייכט שלעכט און בייז. בלייבט נאָר, איך וועל שוין מעהר נישט שרייען, איך וועל שוין מעהר נישט ווערען אין כעס. איך בין גאַנץ רוהיג; דאָס איז נאָר געווען דער פיעבער.

קורט האָט געזעהן, אַז די טהיר האָט זיך ווידער פערמאַכט און יוליעטע איז צוגעגאַנגען צו איהם און האָט ווייך געזאָגט: „אונגליקליכער פריינד".

דאָס גוטע מעדעל האָט אומישנע נישט מעהר געזאָגט „קינד", כדי איהם נישט צו קרענקען.

— יאָ, איך בין שלעכט ווייל איך ליעב אייך און איהר קאָנט מיך נישט ליעבען, — האָט קורט פון דאָס ניי אָנגעהויבען מיט אַ ביטערען טאָן. — ווי גליקליך מוז ער זיין, ער, וועמען איהר ליעבט. נאָר לאָמיר נישט רעדען מעהר פון איהם, דען איך וואָלט גלייך געמוזט שטאַרבען. ער ליעבט אייך טאַקי. נאָר איך ליעב אייך פיעל מעהר, פיעל מעהר. זייט איך האָב אייך געזעהן, זענט איהר מיין איינציגער געדאַנק. דאָרט איז אַ גלאָזשטוב, און פון דאָרטען קאָן מען זעהן אייער פענסטער, און נאָר אין דער דאָזיגער גלאָזשטוב האָב איך געלעבט. איך האָב אייך געזעהן טאָג טעגליך. איהר האָט מיך נישט געזעהן, ווייל איך בין געווען גוט בעהאַלטען. ווען איהר האָט אומגעדרעהט דעם קאָפּ, האָב איך זיך גלייך בעהאַלטען. איך בין געווען אונגליקליך און גליקליך צוגלייך. איך האָב געטרוימט מיט אָפענע אויגען. איך בין אַלט געווען צוואַנציג יאָהר, איך בין שען געווען. אויף אַ באַל האָט מען מיך פאָרגעשטעלט פאַר אייך און מיר האָבען געטאַנצט.

„אין דער גלאָזשטוב זענען פערהאַן פיעל בלומען, איך ליעב די ווייסע, ווייל זיי זענען עהנליך צו אייך. ווען איך האָב אייך צום ערשטען מאָל געזעהן, מיט צוויי יאָהר צוריק — דאָס איז געווען דיענסטאָג, אָ! איך האָב אַ גוטען זכרון — האָט איהר געטראָגען אַ ווייס קלייד און

פּיילבֿען אין די האָהר, אַזוי ווי היינט. איך האָב פּיעל געטראַכֿט, צו דאָס זענען פרישע אָדער קינסטליכע בלומען. און נעבֿטען האָט איהר געטראָגען אַ גרויסע זיידענע קלייד. עס איז געווים געווען וייד, דען די זון האָט זיך דערין אָבגעשפּיגעלט.

„איך לעב אליין און בין אונגליקליך. ביינאַכֿט חלום איך, און דאָך זענען דאָס נישט קיינע חלומות, דען איך שלאָף נישט. דער דאָקטאָר קאָן אייך זאָגען, אַז איך שלאָף קיינמאָל נישט. איך טראַכֿט נאָר, און איך טראַכֿט וועגען אייך. איהר זענט מיין איינציגער גערדאַנק. איהר זענט ביי מיר. נאָר נישט ווי איצט ביים בעט, אין וועלכֿען איך וועל שטאַרבען. מיר זענען אין אַ וואַלד, אין אַ גרויסען, שענעם וואַלד, און דאָרט איז אַן'אַלטער שלאָס. אין שלאָס געפינט זיך מיין מוטער, אין דעם וואַלד זענען מיר, וואו מיין מוטער איז בעגראָבען. עס איז פריהלינג, עס איז אין דער פריה. אין נאָרוועגען זענען אין די וועלדער פערהאַן בלומען, קליינע שמעקענדיגע בלומען. אַזעלכֿע האָט איהר נאָך דאָ קיינמאָל נישט געזעהן. מיר געהען זייט ביי זייט. איך בין אַ שענער יונגער מאַן און טראָג אַ שווערד, אַזוי ווי אין די ראָמאַנען, און עס קומט אַ טיגער און איך טויט איהם ווייל איך בין זעהר מוטיג, חאָטש איך בין נאָך קליין. אין מיין טרוים בין איך נישט קליין; איך בין גרוים און שען. מיר געהען זייט ביי זייט, מיר רייסען בלומען, טיילמאָל בלייבען מיר שטעהן, כּדי צו קאָנען בעסער פערנעהמען דאָס געזאַנג פון די פויגעל און איך בין גליקליך. מיר געהען צו'ם קבר פון מיין מוטער, מיר זיצען דאָרט, און דאַן זאָגט איהר: „עס איז צייט צו געהן אַהיים", און איך ענטפער: „ניין, מיר מוזען וואַרטען אויף מיין מוטער". און מיין מוטער קומט אַרוים פון איהר קבר, זי איז ווייס געקליידט און נישט טוידט. זי קושט אייך אויפ'ן שטערן און זאָגט: „מיין ליעבע טאָכֿטער". דאַן געהען מיר אַלע דריי אין שלאָס, די מוטער ערנסט און גליקליך און איהר יוליעטע, שמייכֿלענדיג און פרעהליך. איהר שפּאַרט אָהן אייער קעפּעלע אויף מיין שולטער, און מיר הערען אין וואַלד, פון וויטען, דאָס געזאַנג פון די האָלצהעקער".

ביי די לעצטע ווערטער איז קורט'ס שטימע געווען אַזוי ווי זי וואָלט געקומען פון דער וויטען, ווי פון אַן'אַנדער וועלט.

„אַזוי האָב איך אייך געליעבט און איצט ליעב איך אייך נאָך מעהר, דען איהר זענט אַזוי גוט ווי שען. עס איז אַזוי גוט פון אייער זייט, וואָס איהר זענט געקומען און איך שטאַרב פון אייערטוועגען. דער דאָקטאָר האָט עס געזאָגט. איך דאַנק אייך. איהר זענט אַ מלאך. ווען איך וואָלט ווייטער געלעבט, וואָלט איך אייך נישט געזעהן. איך דאַנק אייך, וואָס איך קאָן איצט שטאַרבען".

פריילין פאָן פּאָיאַן האָט שוין געוואוסט פון דאָקטאָר, אַז קורט'ס קראַנקהייט האָט זיך פערער-גערט דורך דעם פּיין פון אַן'אונמעגליכֿער ליעבע. שוין טיעף גערירהרט דורך די געשפּרעכֿען פונ'ם קראַנ-קען, האָט זי נישט געקאָנט פערטראָגען דעם גערדאַנק, אַז זי זאָל זיין די סבּה פון דעם דאָזיגען שרעקליכֿען טויט און צוויי טרערען זענען פּאַמעליך געראָנען איבער איהרע באַקען.

— וויינט נישט, פריילין, וויינט נישט, ווי גאָט איז אייך ליעב, וויינט נישט צוליעב מיר. איך דאַנק אייך פאַר די דאָזיגע טרערען, איך בין גליקליך, איך ליעב אייך.

קורט האָט אָנגענומען יוליעטע'ס האַנד און זי ליידענשאַפֿטליך געקושט. דערשראָקען האָט דאָס יונגע מעדעל אַ געשריי געטהון, די טהיר האָט זיך געעפֿענט, דער דאָקטאָר צעלטאָן און פֿרוי פֿאָיאַן זענען אריינגעלאָפֿען אין צימער ביז צו'ם בעט, וואו קורט, צי דער פֿאַר, ווייל די אויפֿרעגונג פֿון קוש איז געווען צו שטאַרק, צי דערפֿאַר, ווייל יוליעטע'ס שרעק-געשריי האָט איהם געבראַכט אין פֿערצווייפֿלונג, איז געלעגען אין קאָנוואולסיען.

— וואָס איז געשעהן! — האָט פֿרוי פֿאָן פֿאָיאַן געשריען, נעהמענדיג די טאָכטער אין איהרע אָרעם.

— אך! מוטער! מיר דוכט, ער שטאַרבט.

— יאָ, — האָט דאָקטאָר צעלטאָן געזאָגט. — עס קומט דער סוף.

— אָ! דאָקטאָר! וואָס האָט איהר געטהון? — האָט פֿרוי פֿאָן פֿאָיאַן אויסגעשריען, אָנווייזענדיג אויף איהר האַלב-אָהנמעכטיגער טאָכטער, זי האָט זי אַרומגענומען און געזאָגט: — קום מיין קינד, קום!

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט זיך דער שטאַרבענדער אויפֿגעזעצט, אויסגעשטרעקט די הענד קעגען דעם יונגען מעדעל און געזאָגט פֿייערליך: — יוליעטע, בלייבט.

אין די דאָזיגע ווערטער איז געלעגען אזוי פֿיעל בעשווערענדע מאַכט, אַז פֿריילין פֿאָן פֿאָיאַן האָט אַזוי ווי דורך אַ מאַגנעטישע ווירקונג צוריק-געקעהרט פֿון דער טהיר, צוגעגאַנגען צו'ם בעט און געזאָגט מיט אַנ'אונטערטעניגען טאָן: — איך בלייב, מיין פֿריינד.

אַ עקסטאַטישער שמייכעל האָט קלערער געמאַכט קורט'ס געזיכט ביי דעם דאָזיגען ענטפֿער. אַזוי האָבען געווים געשמייכעלט די געפּייניגטע מערטירער, ווען עס האָט זיך פֿאַר זיי געעפֿענט דער גן-עדן ביי זייערע לעצטע אָטעם-צוגען און זיי האָבען דערזעהן דעם בלענדענדען גלאַנץ. ווייך האָט ער זיך אַראָבגעלאָזט צוריק אויף דעם קישען און האָט אויסגעשטרעקט צו יוליעטע'ן די הענד, און דאָס יונגע מעדעל, געריהרט פֿון דעם פֿייערליכקייט פֿון אויגענבליק, האָט זיך שוין מעהר נישט גע-שראָקען אַריינצולעגען איהרע הענד אין זיינע.

— הערט מיך אוים, — האָט דער קראַנקער גערעדט, נאָר אַזוי שטיל, אַז דער דאָקטאָר און פֿרוי פֿאָן פֿאָיאַן, וועלכע זענען געשטאַנען איינינע טריט ווייטער, האָבען איהם נישט געקאָנט הערען, — הערט מיך אוים, יוליעטע. איהר זעהט, אַז איך שטאַרב און איך שטאַרב דורך אייך.

„דאָרט, וואוהין איך געה איצט, גיעבט עס נישט מעהר קיין מאוסע געשטאַלט, דען אין אַ שטונדע אַרום וועל איך זיין דאָרט, וואו עס גיעבט נישט מעהר קיין אַלטער און קיין פֿאָרם. וואָס מיר איז נאָך איצט איבערגעבליבען אין לעבען, מיין זעעלע, איז שוין כמעט בעפֿרייט געוואָרען פֿון איהר מאוסע הילע, און די דאָזיגע זעעלע, יוליעטע, האָט דאָס רעכט אייך צו זאָגען: צוליעב אייך געה איך אָב פֿאַר דער צייט. ווילט איהר, אַז איך זאָל שטאַרבען פֿערצווייפֿעלט און לעסטע-רענדיג גאָט, פֿערפֿלוכט אויף עביג און עביג?"

קורט איז גערעכט געווען. די טוידט־שרעקען זענען שוין געווען פאר איהם. אין דער דאזיגער פייערליכער שטונדע איז ער שוין קיין קינד נישט געווען, ער איז געווען א מאן, און פריילין פאן פאיאן האט אהן פערוואונדערונג געענטפערט: — וואס פערלאנגט איהר פון מיר, מיין פריינד?

— איך פערגעטער אייך און איך בין אייפערזיכטיג. שווערט מיר, אז איהר וועט קיינמאל נישט געהערען צו קיין אנדער מאן.

דאס יונגע מעדעל איז דערשראקען אבגעשפרונגען צוריק. זי האט געמיינט, אז קורט רעדט פון היץ און האט געוואלט בעפרייען איהרע הענד פון זיינע, נאר ער האט זיי ווייך איינגעהאל־טען און גערעדט צו איהר כמעט מיט א פערלאשענער שטימע: — ענטזאגט מיר נישט די דאזיגע שבועה, טייערע יוליעטע! זאל איך שטארבענדיג נישט האבען קיין איינציגע פרייד, איך, וועלכער האט ביים לעבען קיין פרייד נישט געקענט! זאגט דאס מיר צו. ווי גרויס דער דאזיגער אפפער זאל נישט זיין, דאך ברענגט איהם מיר און גאט וועט אייך דערפאר פערגעלטען.

קורט׳ס שטימע איז געווארען אלץ שוואכער און שוואכער און באלד האט מען שוין מעהר נישט געקאנט פערשטעהן, וואס ער האט גערעדט. ער האט געהארחעלט, נאר וועהרענד דער טוידט־קאמפף האט זיך אנגעהויבען און איהם שוין מעהר נישט אבגעלאזט, האט זיך אלץ, וואס ער האט נאך געהאט אין לעבענס־קראפט, אין ווילענס־קראפט, אריינגערדרונגען אין זיינע אויגען, אין זיינע הענד. און זיינע אויגען, זיינע הענד האבען קלאר גערעדט צו יוליעטע׳ן. די הענד האבען געזאגט: „ווילינ איין, מיר ווארטען נאר אויף דאס איינציגעווארט, כדי מיר זאלען זיך קאנען אויסשטרעקען און טויט אראבזינקען”. די אויגען האבען גערעדט: „שווער און מיר וועלען זיך גליקליך אויף עביג צושליסען”.

אנ׳אונגעזעהענער באנד האט זיך געוועבט צווישען דעם שטארבענדען און צווישען דאס יונגע מערעל, א באנד, וואס האט זיי פעראייניגט, און זיי האבען זיך פערשטאנען אהן ווערטער.

און טראץ דעם דאזיגען באנד, וואס האט זיי פערבונדען, איז פארגעקומען צווישען זיי א שטומער, ווארטלאזער קאמפף, נאר אין דעם דאזיגען קאמפף האט די לעבעדיגע געפיהלט, ווי איהר קראפט געהט ביסלעבווייז אויס. אומזיסט האט זי זיך געשטארקט געגען דעם ווילען פון שטארבענ־דען, אומזיסט האט זי זיך פארגעשטעלט איהר חתן, געטראכט וועגען איהר ליעבע, איהרע טרוי־מען און האפנונגען, זי האט געפיהלט, אז זי וועט מוזען נאכגעבען דעם ווילען פון שטארבענדען; זי האט נישט געקאנט רופען צו הילף דעם דאקטאר אדער איהר מוטער, קורט׳ס הענד און אויגען האבען זי אבגעהאלטען, זיין ווילען האט איהר געהאלטען פעסט געבונדען.

פליצלונג האט זיך אויסגעוויזען, אז די ליידען פון שטארבענדען ווערען פערדאפעלט, זיין

חאָרחלען איז געוואָרען טיעפער, די האָר אויפ'ן קאָפּ האָבען זיך אויפגעשטעלט, דער מויל אָט זיך געעפענט, כדי אַרויסצולאָזען דעם לעצטען זיפץ.

דערווייל איז דער דרוק פון די הענד געוואָרען שטאַרקער, דרינגענדער, דער בליק האָט גע-האָט אַ איבערמענשליכע קראַפט — יוליעטע האָט געזעהן, ווי דער שטאַרבענדער האָט זיך אויפגע-הויבען אין קישען, כדי צו'ם לעצטען מאָל צוריקצופאַלען, דאַן האָט זי זיך אונטערגעגעבען דעם ווילען פון די הענד און בעזיעגט פון בליק האָט זי אויסגעשריען :—„קורט! קורט! איך שווער!"

דער אויסדרוק פון העכסטען גליק האָט בעלויכטען קורט'ס געזיכט, שמייכלענדיג איז ער צוריק-געפאַלען און איז געווען טויט..

איבערזעצט לעאָן.





# „איבערגעשראָקען".

ווען בנימין איז נאָך אַ קליין יונגעלע פֿון אַ יאָהר 9—10 געווען, האָט זיך איהם צייטיג אָנגעהויבען דרעהען אַ געדאַנק, אַז ער איז אַן'אומגליקליך יונגעלע, געבוירען געוואָרען אין אַ שלעכטער שעה מיט אַ פֿינסטער מזל און ער איז כסדר געווען פֿערזאָרגט. זעלטען ווען עס האָט זיך אַ שמייכעל געוויזען אויף זיינע ליפּען, דאָס פּנים האָט ביי איהם אויסגעזעהן ערנסט און עלטער מיט אַ יאָהר צוויי, ווי ער איז אַלט געווען.

אויפ'ן צוועלפֿטען יאָהר האָט איהם דער פֿאָטער אַריינגעגעבען צו אַ שניידער, איז ער געווען דאָרטען אַ פּאָר טעג און מ'האָט איהם משלח געווען אָהן אַ שום סבה, נאָר פּשוט ער איז ניט געפֿעלען געוואָרען דעם בעל-הבית מיט דער בעל-הבית'טע — אַ שרעקליך מאוס'ער איז ער געווען. האָט איהם דער פֿאָטער אָבגעגעבען צו אַ סטאָליאַר, און פֿון דאָרטען האָט מען איהם אויך אָבגעשיקט אַהיים, געפֿינענדיג אַז ער איז צו שוואַך פֿאַר דער אַרבייט. פֿונ'ם סטאָליאַר איז ער איבערגעגאַנגען צו אַ שוסטער און האָט דאָרטען אויך לאַנג ניט עקסיסטירט. געוועהנליך איז ער פֿון איין בעל-מלאכה צום אַנדערען ניט באַלד אַריבער, נאָר איז אָבגעזעסען אַ פּאָר וואָכען אין דער היים און דער טאַטע און די שטיף-מאַמע האָבען איהם געשלאָגען, פֿאַר וואָס ער האַלט זיך אין ערגעץ ניט איין. בנימין האָט די קלעפּ מקבל באהבה געווען: ער האָט געוואוסט, אַז איהם קומט צו שלאָגען, אַז מ'דאַרף איהם שלאָגען. ער איז אין אַ פֿינסטער מזל געבוירען געוואָרען. ער האָט זיך אַליין אויך פֿיינד געהאַט, שרעקליך זיך אַליין ניט געקענט אָנקוקען. און ניט איינמאָל ווען ער האָט געכאַפּט אַ קוק אין דער „מזהמע'ס" קליין שפּיגעלע האָט ער זיך געגעבען אַ ריס ביי אַ באַק און זיך געגעבען אַ קללה...

ענדליך האָט איהם צוגענומען אַ רעזירער, טאַקע דעם פֿאָטער'ס אַנ'אייגענער. די אַרבייט איז בנימין'ען שטאַרק געפֿעלען געוואָרען און ער האָט זי זעהר גיך אויסגעלערנט.

נאָר געבליבען איז ער דער זעלבער יונגעל אַנ'אומעטיגער, אַ שווייגעדיגער און אַנ'אָבגעלאָזענער.

דער בעל־הבית האָט איהם מיט גוואַלד אַוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל אַנטקעגען שפּיגעל און איהם אָבגעשוירען. בנימין האָט די גאַנצע צייט געהאַלטען פאַרמאַכט די אויגען, ניט געוואָלט קוקען אויף זיך אין שפּיגעל; פון די אָנגעפאַלענע האָר אויפ׳ן פּנים האָט ער נאָך מיאוס׳ער, עקעלהאַפטער אויסגעזעהן ווי ער איז געווען. בנימין האָט כמעט ווי מורא געהאַט קוקען אויף זיך אין שפּיגעל; איהם האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס מיאוס׳ע פּנים איז עפּעס דאָסזעלבע, וואָס זיין מיאוס פינסטער מזל... די וואָס ווערען געבוירען אין שלעכטע מזלות, האָבען אַזעלכע מיאוס׳ע פּנים׳ער.

ווען ער איז אַריין אין די 16—17 יאָהר, האָט זיך איהם דער געדאַנק, אַז ער איז געבוירען אין אַ פינסטער מזל, בולט׳ער אַרויסגערוקט און כאָטש עס איז נאָך דעמאָלט אויך ניט געווען אינגאַנ־צען דייטליך, נאָר איינגעוויקעלט, ווי אין אַ געדיכטען נעבעל, האָט ער דאָך דערפיהלט, אַז ער דאַרף זיין פאָרזיכטיג, אַז ער דאַרף זיך פאַר עפּעס היטען ניט אַריינצופאַלען דעם פינסטערן מזל אין די הענד אַריין. און וואָס ער האָט געמוזט טהאָן און וואוהין ער האָט זיך ניט געלאָזט געהן, האָט זיך ביי איהם מורא׳דיג אַ טראַכט געטהאָן: צי פיהרט עס איהם ניט ערגעץ אַהין, צו דעם פינסטערן מזל?...

און ביי בנימין׳ען איז געוואַקסען וואָס וויטער אַ מורא פאַר עפּעס אונבוואוסטעס, געהיימעס נאָר שרעקליכעס. עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ שטיקעל צייט, איז ער געוואָרען נאָך אָנגעשטרענגטער, די אויערן האָבען זיך אָנגעהויבען צוהערען. און די אויגען צו קוקען...

ווען ער האָט זיך אַמאָל געפּרובט פאַרטיפען, זיך קלאָר מאַכען אין וואָס בעשטעהט זיין „פינסטער מזל" און וואָס קען דערפון זיין, האָבען אַלע געדאַנקען ביי איהם שטעהן געבליבען. דער געדאַנק פון דעם פינסטערן מזל איז אָבגעטראָטען, און בנימין האָט אָנגעהויבען צו צווייפלען, צי האָט זיך גאָר געפונען ביי איהם אַמאָל אַזאַ געדאַנק...

בנימין איז געוואָרען פאָרזיכטיג, ווי איינער וואָס ווייס, אַז מ׳לאָקערט נאָך איהם, מ׳זוכט איהם אומצוברענגען. בנימין׳ען איז נאָך ערגער געווען; ער האָט ניט געוואוסט פאַר וואָס, פאַר וועמען זיך היטען. דאָס איז געווען איין שוואַרצע, געדיכטע שטיק מורא, אַ מורא אָהן בילדער. דאָס איז ניט געווען קיין שרעק פון קיין טויט, נאָר עפּעס נאָך גרעסער, גרויזאַמער פונ׳ם טויט.

יעדען אויפגערגאַכט, ווען אין צירולניע איז אויסגעלאָשען געוואָרען די גאַז־בעלייכטונג, האָט זיך בנימין אַריינגענומען פון קיך דאָס קליינע לעמפּעלע, האָט עס אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן ווייסען, מראַמאָרנעם קאַבעלע אונטערן שפּיגעל און האָט זיך גענומען צוגלעטען די גאָלמעסערס. אין רעזורע איז שטיל געווען. ווי בעשטאַרבענע זענען געלעגען די שערליך אויף דער עטאַזשערקע און מ׳האָט פון זיי קיין פּיפּס ניט געהערט. אויף אַ וואַנד איז געהאַנגען אַ גרויסער הילצערנער זייגער, און דער שטילער אומרוה האָט זיך קוים קוים געריהרט, אַרויסלאָזענדיג פון זיך אַלע רגע אַ שטילען און אַ ווייכען קלין־קלאַן, קלין־קלאַן.

בנימין האָט געגלעט די גאָלמעסער אויף אַ לאַנג, שמאָל שטיינדרעלע. אַנטקעגען, אין שפּיגעל, איז געשטאַנען נאָך אַ בנימין און האָט אויך געגלעט; נאָר איין חלוק: פון דעם אמת׳ן בנימין׳ען האָט זיך געהערט דאָס גלעטען און דער שפּיגעל־בנימין האָט עס שטיל געטהון. און פון דער זעהענדיגער,

נאָר נים הערענדינער בעוועגונג, פון טונקעל׳ן שפיגעל-גלאַנץ און פון דעם גאַנצען זאַל, וואָס האָט זיך דאָרטען אָבגעשפּיגעלט, האָט געזעצט אַ שטילע טרויעריגע אומעטיגקייט...

בנימין האָט שטאַרק ליעב געהאַט די אַרבייט. ער האָט געפיהלט עפּעס אַ מין תאוה צו אַ שאַרף מעסער. ווען איהם האָט זיך איינגעגעבען גוט אויסציוועצעווען אַ גאָלמעסער איז ער העכסט גליקליך געווען, ניט דערפאַר וואָס עס וועט גוט גאָלען, נאָר פשוט דערפאַר ווייל ער האָט ליעב געהאַט אַז עס זאָל זיין שאַרף. ניט אַנגענעהם איז איהם נאָר געווען וואָס אין שפּיגעל שטעהט פונקט נאָך אַזעלכער, אַזוי ווי ער און טהוט איהם נאָך יעדעם ברעקעלע. אַ וואונדער איז עס, ביי טאָג בעמערקט ער זיך כמעט ניט אין שפּיגעל און ביי נאַכט איז ער דאָ. דאָס איז ער בנימין. נאָר טאַקי פון דעם בנימין׳ען אַליין ווערט איהם אַזוי טרויעריג אויפ׳ן האַרצען און קען זיך ניט אָבהאַלטען, ער זאָל ניט קיין קוק געבען אין שפּיגעל. גיט יענער אויף איהם אויך אַ קוק און אַמאָל פאַלט איהם אַריין אַ צווייפעל: ווער איז דער אמת בנימין. ער, צי דער וואָס שטעהט אין שפּיגעל. ווער האָט פריהער אַקוק געגעבען אויף ווענען, צי יענער אויף איהם, צי ער אויף יענעם?...

בנימין האָט זיך אַלע מאָל דערמאָהנט וואָס ער האָט אַמאָל געהערט, אַז איינע אַ פּערזאָנע מויד פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג, האָט געוואָלט וויסען צי-האָט זי ערגעץ אַ זווג צי ניין, האָט מען איהר געהייסען זיך אַוועקזעצען נאָך צוועלף אַ זייגער ביינאַכט אַנטקעגען אַ שפּיגעל, מיט צוויי ליכט ביי די זייטען און אין מיט׳ן אַ גלאָז וואַסער. ווען זי איז אָבגעזעסען אַ שעה צייט האָבען אָנגעהויבען פליהען און דורכטאַנצען פערשיעדענע רוחות, שדים מיט שוואַרציאָהרען, און ענדליך איז געבליבען שטעהן איינער אין ווייסען... אַ מת... איהר זווג איז געשטאָרבען... בנימין האָט זיך עס אַלע מאָל דערמאָהנט, נאָר בייטאָג האָט ער פערגעסען אָן דעם...

בנימין האָט געשם׳ט פאַר אַ ספּעציאַליסט צו גלעטען גאָלמעסערס. זעהר אָפט פלעגט מען ברענגען צו איהם פון אַנדערע צירולניעס גאָלמעסערס אויף אויסצוגלעטען. און אַחוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט אַ גרינגע האַנד צום רעזירען, אַז דער קליענט האָט אפילו ניט געפיהלט אַז מ׳גאָלט איהם און מ׳האָט זיך געשלאָגען פאַר איהם. אלע האָבען זיך געוואָלט גאָלען ניט ביים בעל-הבית, ניט ביים אַרבייטער, נאָר ביי איהם. און מערקווירדיג, ווי בנימין האָט עס-אַלס אָנגענומען פאַר אַ שלעכטען סמן. אין אַלעם, סיי אין גוטעם סיי אין שלעכטעם, האָט ער געשפּירט ווי טיעף, פאַר איהם אַליין ניט בעמערקענדיג, לאָקערט נאָך איהם דער פינסטערער מזל... ער האָט געוואוסט, ניט געצווייפעלט, אַז ער איז אַ אומגליקליכער מענש, און ניט איינמאָל האָט עס איהם אַזוי דערגאַנגען צום האַרצען, אַז איהם האָט זיך געגלוסט וויינען, אויסרעדען זיך פאַר עמיצען דאָס האַרץ. האָטש וואָס האָט ער געקענט רעדען! ווי אַזוי וואָלט ער יענעם אַרויסגעגעבען, וואָס איהם פרעסט דאָרטען און דריקט אַזוי פיעל יאָהרען... ער האָט געפיהלט ארום דער צונג אַ פוסטקייט און אַ ראָב צו, צום האַרצען, איז דאָ אַזוי פיעל, אַזא מיז געדיכטע, שווערע, שוואַרצע שטיק...

ביינאַכט האָט זיך איהם מאָדנע חלומות גע׳חלום׳ט און ווי ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון

שלאָף האָט ער זיי פֿערגעסען. ער האָט זיי ניט געקענט געדענקען, ווייל דאָס איז ניט געווען קיין געוועהליכע חלומות, נאָר עפּעס אַזעלכע שרעקליכע מיאוסע, שווארצע, געפּלאָנטעטע... נאָר איין חלום געדענקט ער פֿאַר די גאַנצע צייט, עס געהט איהם אויף קיין מינוט פֿון קאָפּ ניט אַרויס: ערגעץ אין אַ שרעקליך פֿינסטער אָרט האָט ער אַ וואונדערליך גרויסען שפּין געזעהען, אַ שווערען, גרויסען שפּין, מיט לאַנגע, לאַנגע לאַפּעס און אַרום דעם שפּין איז געווען אויסגעוועבט ווי אַ לייוונד אַ געדיכטע שפּינוועבס... ווייטער געדענקט ער גאָר ניט, נאָר דאָס איז בּיי איהם ווי פֿערהתמנ׳ט געוואָרען אין קאָפּ...

און געפֿינענדיג זיך תּמיד אין אַ שלעכטען הומאָר, האָט איהם אָנגעהויבען צו פֿערדריסען אויף די קליענטען פֿאַר וואָס זיי ווילען זיך נאָר בּיי איהם גאָלען. און ווען דער קליענט איז גע־זעסען צופשרייט אויפ׳ן ווייכען פֿאָטעל, מיט אַ פֿערוואָרפֿענעם קאָפּ, מיט האַלבּדרעמעלדינע אויגען און מיט אַ׳נאַויסגעצויגענעם האַלז, האָט עס איהם פֿערדראָסען; איהם האָט פֿערדראָסען די רוהיגקייט... ער האָט בּיי זיך אַזוי געטראַכט: ס׳קען דאָך מעגליך זיין, אַז אַ מענשען... נו אַפֿילו איהם זאָל איינפֿאַלען, אַז ווי ער גאָלט דעם האַלז... צו געבּען איין פֿיהר... ס׳קען דאָך אַמאָל אָנכאַפּען עמיצען אַזאַ חשק, אַזאַ תּאוה... האָט זיך בּיי איהם אַ געדאַנק צוהיצט און איהם האָט נאָך שטאַרקער פֿערדראָסען, וואָס דער פּאַרשוין ליגט זיך אַזוי רוהיג מיט אַנ׳אויסגעצויגענעם האַלז...

איינמאָל האָט ער זיך אַזוי פֿערטיעפֿט אין דעם געדאַנק, אַז איהם האָט אַזש אָנגעהויבען קלאַפּען דאָס האַרץ, די האַנד ציטער׳ן און ער האָט דעם פּאַציענט צוגראַבּעלט...

יענער האָט זיך אָנגעבּויגען צום שפּיגעל און דערזעהן בּלוט.

— האָסט מיך צושניטען, האָט ער גאַנץ רוהיג געזאָגט.

בּנימין׳ען האָט שרעקליך פֿערדראָסען די רוהיגקייט, פֿיהלענדיג אין זיך, אַז ער האָט איהם געקאָנט קוילען. האָט ער געוואָלט, אַז דער „פּריץ״ זאָל עס אויך וויסען. אין דער זעלבּער צייט האָט בּנימין, ווי געגען זיין איינענעם ווילען, געכאַפּט פֿון דער עטאַזשערקע אַ פֿלעשעלע מיט אַ געלע פֿליסיגקייט, האָט אָנגענעצט אַ שטיקעלע וואַטע און צוגעלעגט.

דער בּעל־הבּית, וועלכער איז געשטאַנען אַנטקעגען בּיי אַ צווייטען שפּיגעל און עמיצען געשוירען, האָט שמייכלענדיג געפֿרעגט:

— וואָס בּיזטו אַזוי בּלאַס געוואָרען?

דאָס האָט זיך בּינימין׳ען דאָס ערשטע מאָל געטראָפֿען זייט ער איז ראַזירער.

---

פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך דער געדאַנק, אַז ער איז אַנ׳אונגליקליכער, אין אַ פֿינסטער מזל געבּוירען געוואָרען, נאָך שטאַרקער איינגעגעסען איהם אין מח. דער געדאַנק האָט אָנגעהויבען דרייסטער צו אַרבּייטען, אָנגעהויבען אויסצוטרעטען פֿערשיעדענע וועגען אום צו בּעפֿעסטיגען זיך, צו בּעשטעטיגען, אַז אַזוי איז עס. דאָס ערשטע בּעוויז איז געווען דאָס צושניידען יענעם...

שפעטער?... וואָס: האָט ער נאָך ניט געוואוסט, נאָר ניט געצווייפּעלט, אַז עפּעס דאָ אַרומערט וועט קומען צו איהם דאָס גרויזאַמע, שרעקליכע, וואָס לאָקערט נאָך איהם און אָט דערפאַר האָט ער ניט געקאָנט זיין ביי קיין בעל מלאכה און איז געבליבען ביי אַ צירולניק, וואו עס געפינען זיך שאַרפע מעסערס... וואו ער האָט כסדר צו טהון מיט מעסערס, בייטאָג און ביינאַכט.

און בנימין האָט מורא געקריגען פאַר די מעסערס. ער האָט אויף זיי געקוקט ניט ווי אויף אַ גאָלמעסער, נאָר ווי אויף אַזעלכעס. וואָס קען איבערשניידען דאָס האַלז... איין פיהר... בנימין האָט מורא געקריגען, אפילו פאַר'ן גלאַנץ, אפילו פאַר'ן מענשעלע, וואָס דאָרטען האָט זיך אָבגעשפּיגעלט...

ווען עס איז אַריינגעקומען עמיצער זיך גאָלען איז בנימין טויט בלאָס געוואָרען, אָהן אַ סימן לעבען, און די אויגען זיינע האָבען געקוקט אָהן שום זין, ווי אַ קאַטשקע עטליכע רגע'ס נאָכ'ן שעכטען, וואָס ווייסט ניט וואָס מ'האָט איהר דאָרטען אויפ'ן האַלז געטהון, נאָר פיהלט דאָך, ווי דאָס חיות געהט איהר אויס.

בנימין האָט אויך ניט געוואוסט, וואָס מיט איהם טהוט זיך, ניט געוואוסט, פאַרוואָס ער שרעקט זיך, נאָר ווען ער האָט גענומען דעם גאָלמעסער אין די הענד האָט איהם אָנגעהויבען קלאַפּען אין האַרצען, די קניע האָבען זיך אונטערגעזעצט און אויבען אויפ'ן קאָפּ איז איהם עפּעס אַזוי קאַלט געוואָרען, פון וואָס עס איז איהם איבערגעגאַנגען אַ שוידער איבער'ן גאַנצען קערפער. די האַנד איז ביי איהם פון טאָג צו טאָג אַלץ שווערער און שווערער געוואָרען און דאָס גאָלען האָט אַלץ לענגער און לענגער געדויערט. דער קליענט האָט זיך אַ פערנודעטער, אַ פערמאַטערטער אַרויסגעריסען פון זיינע הענד, האָט איהם שוין מוחל געווען דאָס בעשפּריצען, דאָס אָנפּודערן און פערדרעהען די וואַנצעס.

דער בעל-הבית האָט ענדליך פערדראָסיג געזאָגט:

— וואָס איז עס מיט דיר, וואָס איז עס מיט דיר געוואָרען?

בנימין האָט ניט געענטפערט; דאָס פּנים איז געווען געלב, בלאָס, און די קליינע אויגלאָך האָבען קיין אָרט ניט געפונען.

— ביזט אפשר ניט געזונד?—האָט שוין דער בעל-הבית געזאָגט קוקענדיג אויף זיין פּנים.

„אפשר בין איך טאַקע ניט געזונד", האָט ער ביי זיך אַ קלער געגעבען.

— זעה נאָר וואָס פאַר אַ פּנים דו האָסט!"

„אפשר גאָר שטאַרבען?"—האָט בנימין געטראַכט.

-- ווייסט דיר... וואָס דיר איז געוואָרען--האָט דער בעל-הבית ווייטער געזאָגט, קנייטשענדיג מיט די אַקסעל.

[illegible]ימין האָט זיך שטיל איינגעהאַלטען, אָבגעזיפצט. ער האָט דערשפּירט, אַז אָט, אָט הויבט זיך עס אָן... ס'הויבט זיך שוין אָן אַרויסצווייזען, מ'דערקענט שוין... מ'מיינט שוין, אַז ער איז ניט

געזונד... מיט איהם איז שוין עפעס „געוואָרען"... נאָר געוואוסט האָט ער נאָך אַלץ ניט וואָס, און האָט אויף יעדער זאַך געקוקט מיט חשד... אין יעדע קליינינקייט האָט ער עטוואָס בּעהאַלטענעס, שרעקליכעס געזעהן...

---

ענדליך האָט איהם דער בעל-הבית אָבּגעזאָגט פוּן דער אַרבּייט און בּנימין איז דוקא צופריעדען געווען, ווייל ער האָט שוין אַליין געקלערט זיך אָבּצוזאָגען.

טרויעריג און מיט אַ שווער געמיט האָט זיך בּנימין אַרויסגערוקט מיט זיין טשעמאָדאַנטשיקעל, האָט זיך שטיל און טרויעריג אָבּגעזעגענט מיט'ן בעל-הבית און מיט דער בעל-הבית'טע און איז דרויסען אַרויס.

געווען איז אַ שענער זומער טאָג, נאָר איהם איז אַזוי טרויעריג געווען אויפ'ן הארצען. ער האָט געפיהלט, אַז איצט מאַכט ער דעם ערשטען שריט צו דעם פינסטערן מזל, איצט הויבּט זיך עס אָן...

ער האָט זיך אַריינגעקליבּען צו דער שטיף-מוטער. דער פאָטער איז שוין געווען פוּן אַ פּאָר יאָהר געשטאָרבּען, מיט איהר קיין קינדער ניט געהאַט. די אַלטיטשקע האָט זיך מיט איהם דערפרעהט, ווי מיט אַן'איינען קינד. זי איז שטאַרק מיט איהם צופריעדען געווען, אַזוי איז זי עלענד איינע אַליין אין אַ צימער.

געהאַט האָט ער עטליכע רובּל, וועלכע ער האָט אָבּגעלעגט אין אַ פּאָר חדשים; פוּן געהן אַרבּייטען האָט ער אפילו ניט געקאָנט קלערען. בּיי איהם איז שוין געווען אינגאַנצען איינגערעדט, אַז ער איז שוין ניט בּיי זיך אין די הענד, נאָר בּיי עמיצען אַנדערש און וואָס „יענער" וועט וועלען וועט ער מיט איהם טהון. דערפאַר האָט ער מורא געהאַט צו געהן צו דער אַרבּייט, ווייל „יענער" וואָלט געווויס אַ פּיהר געבּען מיט זיין האַנד, מיט'ן גאַלמעסער איבּער אַן'אויסגעצויגענעם האַלז...

די אַלטיטשקע איז געווען צו איהם זעהר גוט. דאָס איז געווען אַזוי אונגערוואַרטעט פאַר בּנימין'ען און נאָך מעהר האָט ער זיך געוואונדערט, ווען איהם האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס גאַנצע געלד און די אַלטע האָט איהם נאָך פריינדליכער און ליעבּער צוגעטראָגען דאָס עסען, ווי דעמאָלט ווען ער האָט איהר געצאָהלט. זי האָט איהם איינגערעדט, ער זאָל ניט זאָרגען. גאָט וועט העלפען, ער וועט געפינען אַרבּייט וועט ער אָבּגעבּען. נאָר בּנימין האָט געוואוסט, אַז ער וועט ניט קריגען קיין אַרבּייט, אַז ער קען שוין ניט אַרבּייטען, נאָר אַ ברירה האָט ער געהאַט! ער האָט געגעסען. ס'האָט איהם אפילו זעהר געקרענקט, ער האָט אָבּער אַנדערש ניט געקאָנט מאַכען, און וואָס די אַלטע איז צו איהם צוגעלאָזענער, וויכער געוואָרען האָט עס איהם אַלץ מעהרער און מעהרער פערדרוס פערשאַפט. דאָס געוויסען האָט איהם שרעקליך געמאַטערט. און פאָרשטעלענדיג זיך, אַז ער וועט איהר קיינמאָל פאַר'ן עסען און פאַר איהר איבּערגעגעבּענהייט ניט קענען אָבּצאָהלען, איז ער אַזש בּייז געוואָרען אויף איהר, פאַר וואָס זי איז אַזוי גוט צו איהם... אַ מאַמע איז דאָך ניט אַזוי גוט. אַ מאַמע טרייבּט אויך איהר קינד צו פערדינען, ווען ס'האָט נאָר געזונדטע הענד און פיס...

... אַ נאַרישע אַלטע!

איינמאָל ביינאַכט, אויפ׳ן געלעגער טראַכטענדיג פון דער אלטערס גוטסקייט, איז איהם אַ גע־דאַנק איינגעפאַלען, ניט איינגעפאַלען, נאָר איז דאַכט זיך פון ערגעץ, פון אַ שפּאַציר אָנגעקומען, האָט זיך דאָ ביי בנימין׳ען צוגעשטעלט. זיינע גערדאַנקען האָבען אויף זיך אַ פרעמדען דערפיהלט, אַ פרעמדען, אַ ווייטען, פונקט דער היפך פון זיי... דער געדאַנק, איז, מעגליך, געווען אונטערגעשיקט פון „יענעם" געהיימען, וואָס לאָקערט אַלע יאָהרען נאָך איהם...

„אַ שטייגער, פאַר דעם גוט׳ס וואָס די אַלטע טהוט דאַרף ער צאָהלען מיט שלעכט׳ס... מיט גאָר שלעכט׳ס, אויף אַזוי פיעל, וויפיעל זי איז גוט..." אַ טשיקאווער געדאַנק. בנימין האָט זיך מיט איהם פעראינטערעסירט און פאַמעליך, צו ביסלאַך, שווער, זעהר שווער האָט ער זיך ביי איהם אָנגעהויבען פונאַנדערוויקלען.

„... אשטייגער... די אַלטע... ער... זי... זי איז אַזוי גוט צו איהם... ווי צו אַן׳אייגען קינד. זי און ער... בנימין... בנימין... געהט אַרויס... ביינאַכט... נעהמט... נעהמט??? ... אַ האַק... אַ מעסער... געהט צו... צו דער אַלטער און??... שטעלט זיך אוועק נעבען איהר... נעבען איהר בעט, שטעהט אַזוי לאַנג ביז זי זאָל דערפיהלען, אַז מ׳שטעהט איבער איהר און עפענט די אויגען, און דערזעהט, ווי ער, בנימין, שטעהט איבער איהר האַלז מיט אַ מעסער... וואָס וואָלט זי געזאָגט?...

בנימין איז אַזש פערציטערט געוואָרען און דאָך איז איהם גאַנץ אָנגענעהם געווען דערפון צו טראַכטען...

אין דער פריה, ווען די אַלטע האָט איהם צוגעטראָגען אַ גלאָז טהעע און געזאָגט מיט אַ מוטערליך קול „טרינק בנימ׳טשיק", האָט ער דערפיהלט געוויסענסביסען, כאָטש וואָס ניט מעהר ווי אַ נאַרישער געדאַנק, און ווי איהם האָט זיך געדאַכט איז זי צו איהם דעם פריהמאָרגען בעסער געווען, ווי אַלע מאָל, ער האָט גנב׳ריג געכאַפּט אַ קוק אויף איהר פּנים, אין די אויגען... אפשר האָט זי עפּעס דערשפּירט?... און אָהן זיין ווילען האָט עס זיך, גלאַט אַזוי פאַר זיך, איבערגעחזר׳ט דאָס זעלבע וואָס ער האָט געטראַכט ביינאַכט, נאָר פלינק...

— פאַרוואָס בייסטו ניט צו צו דעם טהעע, — האָט ער פּלוצים דערהערט — וואָס זיצסטו אַזאַ פערטראָגענער? נעהם טרינק גיכער אָב, איך בעדאַרף אַוועקגעהן אין מאַרק אַריין, שוין שפּעט.

ס׳האָט איהם פערדראָסען... ער וואָלט געוואָלט, אַז זי זאָל וויסען וואָס ער טראַכט און האָט איהר אויף להכעיס איבערגעלאָזט אַ האַלבע גלאָז טהעע.

— פאַרוואָס טרינקסטו ניט?—האָט זי געפרעגט ווייטער—אפשר ביסטו עפּעס ניט געזונד?

„אפשר ביסטו עפּעס ניט געזונד"?... דער בעל־הבית האָט איהם אויך געפרעגט דאָס זעלבע...

זי האָט איהם געזאָגט אַ „גוטען טאָג" נעהמענדיג דעם קאָשיק אין האַנד, נאָר בנימין האָט איהר ניט געענטפערט; ער איז געווען ערנסט אין כעס אויף איהר... איהם האָט שרעקליך געררייצט איהר גוטסקייט צו איהם... עפּעס אַ מין וועהטאָג׳דיגען פערדרוס, אַ כעס, האָט ער געשפּירט אויף איהר, ווי זי וואָלט אַנטקעגען איהם די גרעסטע עולה אָבגעטהון. דאָס איז נאָך עפּעס ערגערס געווען: די אַלטע האָט איהם פערמאַטערט מיט איהר גוטסקייט. וואָלט ער פון איהר כאָטש איינמאָל אַ שלעכט׳ס געהערט, וואָלט זי איהם כאָטש איינמאָל געזאָגט: אָט, וואָס וועט זיין דער תכלית. פאַרוואָס

געהסטו ניט ערגעץ וואָכן ארבייט... זי, גאָרניט... ס'אַ בהמה דאָס איז! ס'אַ פערד, ניט קיין מענש, אַני'עזעל־קאָפּ איז זי, די אַלטע, די מוהמע דיינע, אַ מיאוס'ע עקעלהאַפטע אַלטע! האָט אַריינגענומען אַ בחור צו זיך אין שטוב אַריין, גיט איהם עסען, טרינקען און גאָרניט... ער האָט אַזש מיט די צייהן פערקריצט און האָט אָנגעהויבען אַרומצוגעהן הין און צוריק איבער'ן שמוציגען, ענגען צימער'ל און האָט אין אַ מינוט אַרום כמעט הויך אויסגעשריען:

— ס'אַ מיאוס'ע מכשפה דאָס איז, הענד און פיס זאָל זי ברעכען! — און האָט שווער פונ'ם גאַנצען הארצען אָבגעזיפצט.

בנימין האָט מיט אַמאָל דערשפירט, אַז ער איז געפלענט, געפלענט פון יענעם וואָס לאָקערט נאָך איהם אַלע יאָהרען. ער האָט דערפיהלט, אַז דאָס שוואַרצע פינסטער מזל האָט איהם שוין אַריינגעכאַפּט אין די שוואַרצע לאַפּעס אַריין און גיך, גיך וועט געשעהען מיט איהם עפּעס שרעקליכעס, וואָס האָט ער נאָך אַלץ ניט געוואוסט, נאָר האָט ניט געצווייפעלט, אַז „יענער" ווייסט שוין... עס וועט באַלד געשעהן...

איהם האָט אָנגעהויבען צו הונגערן. ער איז צוגעגאַנגען צום שאַפּקעלע, דאָס געעפענט און דערזעהענדיג דאָס מעסער מיט'ן ברויט איז ער אַ צומישטער שטעהן געבליבען, כמעט ווי פערגעסען צי איז ער געגאַנגען נאָכ'ן מעסער, צי נאָכ'ן ברויט...

נאָך וואָס דאָס מעסער?...

דאָס מעסער איז איהם עפּעס ווי אומגעריכט אין די אויגען געקומען, ווי עס וואָלט געזאָגט: יאָ, אָט בין איך! דאָס מעסער!... פריהער איז עס ביי איהם אין געדאַנק געלעגען — איצט אין שאַפע...

ער האָט גענומען דאָס מעסער אין די הענד אַריין... ניט ער האָט גענומען, נאָר ס'האָט זיך גענומען אין די הענד אַריין... די האַנד האָט זיך אויסגעצויגען און האָט גענומען דאָס מעסער אָבצושניידען אַ שטיקעל ברויט? ניין... ער האָט עס גאָר בעטראַכט, נאָכוואָס? ס'איז געווען פערפּאַקט מיט ברויט... מ'קען עס אָפּרייבען. נאָך וואָס אָפּרייבען?... און כאַפּט זיך אַ דערשראָקענער: וואָס וויל ער טהון? ... עמיצער ענטפערט:

— איבערשרעקען די אַלטע!...

ער האָט אָנגעהויבען רייבען דאָס מעסער אָן טיש, אָן די בענקלאַך, אָן אייזערנעם בעטעל, וואו ער האָט נאָר געטראָפען. צום סוף האָט ער ביי זיך פון טשעמאָנדאַטשיק אַרויסגענומען אַ לאַנג, שמאָל שטיינדעלע און האָט אויסגעגלעט דאָס מעסער...

ס'איז געוואָרען שאַרף נאָר צום גאָלען.

און איהם איז טאַקע איינגעפאַלען זיך אָבצוגאָלען, אַזוי ווי ער טראָגט שוין אַ באָרד פון אַ פּאָר חדשים, און האָט ניט לאַנג געטראַכט און זיך אָנגעהויבען צוגרייטען צום גאָלען. און ווען אַלעס איז געווען צוגעגרייט האָט ער פערלוירען דעם גאַנצען חשק און האָט זיך שוין ניט געגאָלט; ער איז שטעהן געבליבען, ווי אַ צומישטער, ניט געוואוסט וואָס צו טהון. ענדליך איז ער ווידער צוגעגאַנ־

געגן צום שאַפֿקעלע, האָט מיט'ן אויסגעשאַרפֿטען מעסער אָבגעשניטען אַ שטיקעל ברויט און האָט זיך גענומען צום עסען...

---

פֿאַרנאַכט איז די אַלטע געקומען אַ פֿערמאַטערטע, אַ פֿערשוויצטע, איהם געזאָגט אַ ווייליען און אַ שטילען „גוטנ'אָווענד", האָט אַרויסגענומען פֿון קוישעל, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך, אַ צוויי-דריי פּעקלאַך עסענוואַרג, האָט עס אַוועקגעלעגט אויפ'ן טיש און איהם האָט זי געזאָגט:

— נעהם זוהן, צינד אָן דאָס לעמפּעל.

ער האָט אָנגעצונדען דאָס לעמפּעל און זי האָט גענומען גרייטען צום טיש.

— ווער האָט עס אַזוי אויסגעשאַרפֿט דאָס מעסער? — האָט זי אַ צופֿריעדענע געפֿרעגט, בעטראַכטענדיג עס — ס'גלאַנצט אַזוי ווי אַ חלף.

פֿון דעם וואָרט „חלף" איז בנימין'ען איבערגעגאַנגען אַ שווערער איבער'ן לייב...

— דו זאָלסט זיך באַטש היטען — האָט די אַלטע געזאָגט אין אַ ווײַלע אַרום — זאָלסט אַכטונג געבען ווי דו שניידסט.

בנימין'ען האָט עפּעס ווי פֿערדעכטליך אויסגעזעהן איהר רעדען... „זאָלסט אַכטונג געבען ווי דו שניידסט" וואָס?...

— היט איהר זיך נאָר מוהמע פֿאַר'ן מעסער — האָט ער ווי ווילענדיג און ניט ווילענדיג געזאָגט און באַלד נאָכ'ן זאָגען דערשפּירט אַ צוויידייטיגען געדאַנק...

נאָכ'ן עסען האָבען זיך ביידע געלעגט, ווי אַ פֿאַרפֿאַלק איינער געגען דאָס אַנדערע אין די בעטלאַך. זיי זענען באַלד אַנשלאָפֿען געוואָרען.

נאָר בנימין האָט זיך אין אַ האַלבע שעה אַרום אויפֿגעכאַפּט, ניט אויפֿגעכאַפּט, נאָר ווי עמיצער וואָלט איהם אויפֿגעוועקט און געפֿיהלט האָט ער זיך אַזוי אויסגעניכטערט פֿון שלאָף, ווי ער וואָלט שוין צעהן שעה אָבגעשלאָפֿען ניט אַ האַלבע.

ס'איז געווען שטיל. דאָס קליינע לעמפּעלע איז געשטאַנען אויפ'ן טיש האַלב אַריינגעדרעהט און האָט טרויעריג, שטיל בעלויכטען דאָס צימער... די אַלטע איז געלעגען מיט אַ האַלב אָפֿען מויל, פֿון וועלכען עס האָט אַרויסגעקוקט אַ שטיקעל פֿערגליווערטע צונג און אַ פּאָר שוואַרצע, פֿאַרשטע ציינער. זי איז געשמאַק געשלאָפֿען איינגעהילט אין אַ גראָבער, אַלטער, שמוציגער קאָלדרע. בנימין איז געלעגען, איינגאַנצען געוועזן ניט צוגעדעקט.

דערזעהענדיג זי איז ער עפּעס פערוואונדערט געוואָרען, פּונקט ווי זי וואָלט דאָ אומגעריכט געלעגען איהם אַנטקעגען. איהם איז עפּעס שווער געוואָרען אין קאָפּ און ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז עפּעס האָט ער געטראַכט בייטאָג... און איידער נאָך ער האָט זיך דערמאָהנט וואָס, איז ער שוין אַרוים פֿון זיין גלייכגילטיגען צושטאַנד, אין וועלכען ער האָט זיך געפֿונען, איבערגעגאַנגען צו אַנ'אויפֿגערעגטען.

אין אַ מינוט אַרום איז אָנגעקומען דער טשיקאַווער געדאַנק, נאָר איצט האָט ער אָבער פֿון איהם קיין פֿערגניגען ניט געהאַט. דער געדאַנק האָט איהם איצט גערייצט און אין דער זעלבער צייט זיך

אריינגעלאָזט אין איהם אַלץ טיעפער און טיעפער, פאַרשטעלענדיג זיך אַלס דייטליבער, העלער, וואָס וועט זאָגען די אַלטע, ווען זי וועט איהם דערזעהן מיט'ן מעסער איבער'ן האַלז?...

דאָס מעסער איז געלעגען אויפ'ן טיש, ווי געשלאָפען. און צוקאָפען, ביים שפיץ, איז איהם אַ שטיקעל ברויט געלעגען. בנימין האָט דערזעהן דאָס מעסער...

אין אַ פּאָר מינוט אַרום, נאָכ'ן דערזעהן דאָס מעסער, האָט בנימין די פיס פון בעטעל אַראָבגעלאָזט, איז מיט איין שפּרונג צו צום טיש און מיט'ן צווייטען—צו דער אַלטער.

דאָס האַרץ האָט איהם וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אָנגעהויבען קלאַפּען, און אין איהם האָט זיך דערוועקט אַ ווילדער אינסטינקט, עפּעס דורשטיגקייט נאָך בלוט...

געשטאַנען איז ער אַנטקעגען דער אַלטע אַ פיערטעל שעה. די האַנד, אין וועלכער ער האָט געהאַלטען דאָס מעסער איבער איהר האַלז, האָט אָנגעהויבען צו פערגליווערן און ערטערווייז אָנגעהויבען צו שטערבען, ווי מיט שפּילקעלאַך... ווייטער אַזוי האַלטען איז געווען אונמעגליך. און זי האָט זיך ווי געצבעטען אַראָבצולאָזען, נאָר ער האָט נאָר געוואָלט זי זאָל איהם זעהן, ניט אַנדערש, ניט אַנדערש און איהם האָט שרעקליך פערדראָסען פאַר וואָס זי שלאָפט.

ער האָט אַראָבגעלאָזט דאָס מעסער נעהענטער צום האַלז... אפשר וועט זי אַזוי גיכער דערשפּירען... זי האָט ווירקליך געעפענט די אויגען און האָט זיי אָנגעשטעלט אויף איהם. אויף די ליפען האָט זיך בעוויזען אַ שמייכעלע און זי האָט איהם געוואָלט עפּעס זאָגען. בנימין האָט פערשטאַנען, אַז זי זעהט ניט דאָס מעסער, ווייל עס איז צו נאָהענט נעבען איהר האַלז, ער האָט געגעבען אַ הויב אין דער לופטען..

ביי דער אַלטער האָבען זיך די אויגען איבערגעדרעהט, דער שמייכעל פון די ליפען איז פערשוואונדען געוואָרען.

בנימין האָט זיך צולאַכט...

דער אַלטער'ס אויגען האָבען אַ טויט-גלאַנץ בעקומען. זי איז געלעגען אַ פערשטיינערטע, אָהן לשון און האָט פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק, דאָס אויף איהם, דאָ אויפ'ן מעסער. און דאָס האַרץ האָט זיך, וואָס עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ רגע, אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געהויבען און געקלאַפּט...

— כאַ-כאַ-כאַ!!!...

די אַלטע האָט זיך געטהון אַ זעץ אויף, ווי צו אַנטלויפען, נאָר איז געבליבען זיצען אַ פערגליווערטע. די גאָמבע האָט זיך ביי איהר מיט אַ וואונדערליכע געשווינדקייט אָנגעהויבען צו וואַרפען און עס האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּען פון די צייהן.

כאַ-כאַ-כאַ!!!... מוהמעניו! איהר האָט טאַקע מורא איך וועל אייך קוילען, עט נאַרישקייטען... לעגט זיך... איך הייס אייך זיך לעגען!—האָט ער אָנגעשריען.

די אַלטע, ניט אַראָבנעהמענדיג פון איהם די אויגען, האָט זיך געלעגט.

— איהר מיינט טאַקע איז אמת'ן, אז איך וועל אייך שעכטען, עט נאַרישקייטען... אפשר וועט איהר אָבזאָגען ודוי?...

ער האָט איהר אָנגענומען פֿאַר דער גאָמבע, זי געטהון אַ ריס אַרויף און ניט בעמערקענדיג פֿאַר איהר געטהון אַ דרעה איבער דאָס מעסער אויף דער שטומפּיגער זייט און געגעבען אַ פֿיהר איבער׳ן האַלז ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די אַלטע האָט זיך איין קאָרטש געגעבען און איז געבליבען ליגען אַ פֿערגליווערטע ...

יוֹנה ראזענפעלד.





# דער פרעהליכער.



זיי זענען געוועזען אכט „חברים", וועלכע מען האָט אַרעסטירט אויף איין קוואַרטיר, און זענען געזעסען אין אַ פֿינסטערען קאַזעמאַט צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פֿערדעכטיגע פּאַרשוינען, האַלב פּאָליטישע האַלב אוגאָלאָוונע, מיט וועלכע זיי האָבען אָבער וועניג מגע ומשא געהאַט. מיט אַ וואָכען פֿינף צוריק איז עס געוועזען. זענען זיי אַ שבת געזעסען ביי א בעקאַנט מערעל און האָבען געלייעט אַ ביכעל, האָט מען זיי אָנגענומען פֿאַר אַ קאָנספּיראַטיווע פֿערזאַמלונג און מען האָט זיי פֿערנומען. די ערשטע טעג האָבען זיי אַ ג׳ ץ געהאָפֿט, אַז היינט־מאָרגען וועט מען זיי בעפֿרייען. אָבער אַז זיי זענען אָבגעזעסען אַ געוויסע צייט, און האָבען געזעהען, אַז עס פֿערציהט זיך, האָבען זיי זיך איינגעאָרדענט אין קאַזעמאַט ווי שטענדיגע, און האָבען אָנגעהויבען שרייבען „פּראָשעניעס". אויף דער נאַרע זענען זיי געשלאָפֿען איינע נעבען די אַנדערע און האָבען פֿערנומען אַ גאַנצען ווינקעל. איינמאָל אין דער וואָך פֿלעגט מען ברענגען פֿון דער שטאָדט עסענוואַרג — „וואַלוואוקעס". האָבען זיי אויסגעקליבען מענדלען פֿאַר אַן עקאָנאָם, וועלכער פֿלעגט צונויפֿנעהמען אַלץ אינאינעם, פֿלעגט עס יעדען מאָל אויססאָרטירען ברויט צו ברויט, צוקער צו צוקער, און דער־נאָך פֿלעגט ער דורך דער וואָך טיילען אַלעמען גלייכע פּאָרציעס. שווער איז געווען נאָר מיט טאַבאַק, ווייל רויכענען איז געוועזען פֿערבאָטען. דאָך פֿלעגט מען זיך אַ עצה געבען — אויף דעם איז דאָך עס אַ טורמע, און טאַבאַק האָט אויך ניט געפֿעהלט. וואַלוואוקעס — דאָס איז געווען אַזאַ מין זאַך, נאָך וועלכע מען פֿלעגט אין קאַזעמאַט פֿיהרען דעם חשבון פֿון דער צייט, ווי למשל די אָלימפּיאַדעס אין אַלטען גריכענלאַנד, ווי די שרפֿות אין די קליינע שטעדטלעך — ביי די ערשטע וואַלוואוקעס, די צווייטע, די דריטע.

„זיצען" איז אויסגעקומען ביי שלעכטע אומשטענדען. דער רעזשים איז געווען זעהר אַ שטרענגער, די צייט איז דאַמאָלס אין אַלגעמיין געווען זעהר אַנ׳אומרוהיגע. אין די גאַסען פֿלעגט מען אָבשטעלען מענשען אין מיטען העלען טאָג, פֿערנעהמען און אריינזעצען. אויף דער אייגענער קוואַרטיר זענט איהר ניט זיכער געווען מיט׳ן שלאָפֿען — עס איז געווען קריגס־צושטאַנד, האָט איהר קיין „דיעלאָ" אויף זיך ניט געדאַרפֿט האָבען — איהר זענט געזעסען אַדמיניסטראַטיוו.

פלעגט טאַקע זאָגען מענדעל, אַ מענש בטבע אַ רוהיגער, אַ וויכטיגער, „מהוער", וואָס איז שוין ניט איינמאָל געזעסען:

— וואָס אַרט אייך, חברים. איצט זענט איהר זיכער, אַז מען וועט אייך ביי נאַכט פון שלאָף ניט אויפרייסען; אַרעסטירען וועט מען אייך אויך ניט. דאָ זענט איהר, ווי ביי גאָט אונטער'ן פעלץ.

דאָס איז שוין איינמאָל געוועזען אַ בחור! אויסער זיין רוהיגקייט און זיכערהייט, איז ער שטענדיג גרייט געווען אויף אַלץ—אין דעם איז אייגענטליך בעשטאַנען זיין גאַנצער כוח. אַז חיים דער בלאַסער פלעגט זיך אָנהויבען קלאָגען אויף דעם „אומגליק", פלעגט איהם מענדעל טרייסטען:

— גוואַלד געשריען, וואָס איז אַזוי די היילעניש, מען וועט אַרויסלאָזען, ניט היינט, איז מאָרגען; ניט היי-יאָהר איז איבער אַ יאָהר, וואָרום בסך הכל איז דאָך די גאַנצע וועלט געגליכען צו אַ טורמע... און דערביי פלעגט ער איראָניש שמייכלען, אָבער אַזוי וואָרים...

און חאָטש אַלע האָבען געוואוסט, אַז זיינע רעד איז נאָך אַ קנאַפער טרייסט, דאָך פלעגט גרינגער ווערען אויפ'ן האַרצען אי חיים דעם בלאַסען, וואָס האָט איבערגעלאָזען אויף דער פרייהייט אַ ווייב מיט צוויי קינדער, וואָס שטאַרבען איצט זיכער פון הונגער, אי איסאַק דעם לעהרער, אי אַלע איבעריגע. יעדען פלעגט זיך וועלען זיין נעהענטער צו מענדלען, רעדען מיט איהם, הערען זיין רוהיגען קול, און אויב ניט רעדען, איז אַפילו שווייגען—אַזאַ כוח איז שוין אין איהם געלעגען. אַפילו „דער פרעהליכער" האָט געהאַלטען פון מענדלען אַנ'עולם ומלואו. דער „פרעהליכער" איז טאַקע געוועזען מענדעלס אַ נאָמען, די פערזאָן אַליין איז אַגב אויך געווען אַ אינטערע-סאַנטע: מיטעל וואוקס, מיט אַ שוואַרץ בערדעל, מיט אויסגעכאַליעטע רבנישע הענד און באַקען, מיט אַ קליין בייכעל דערצו, וואָס האָט זיך שעמעוודיג געהויבען פון אונטער'ן זשילעט (ער האָט טאַקע געשטאַמט פון „דוכאָוונע זוואַניע"), דערצו האָט זיין פנים געהאַט אַ אויסזעהן פון אַזאַ איינעם. וואָס מען האָט נאָר וואָס אויסגעפּאַטשט די באַקען, אָדער וואָס קלאָגט אויף חרבן בית המקדש, אָדער וואָס האָט איבערגעקעהרט דעם וועלט-שמערץ אויפ'ן לינקען זייט און האָט איהם אַרויפגע-שלייערט אויפ'ן פּנים. אין אַלגעמיין לאָזט זיך אַזאַ אויסדרוק זעהר שווער צו בעשטימען; אַלענפאַלס איז עס געוועזען אַ קאָמישע פיגור. ווען מען זאָל צו דעם צוגעבען, אַז ער איז געווען ניט איבעריג פערשפּיצט, אָדער ווי מען רופט עס אין דער ליטע — נישט דערבאַקען, וועט די כאַראַקטעריסטיק זיין מעהר אָדער וועניגער אויסגעשעפּט. אין שטאָדט, צווישען די בעקאַנטע און אויף דער בירזשע, האָט מען איהם גערופען „סקוטשני", זיין אמת'ן נאָמען, חאַצקעל יודעלעוויטש, האָבען די חברים צום ערשטען מאָל דערהערט נאָר אויף דער אויספאָרשונג. האָט זיך איינמאָל געטראָפען, אַז „סקוטשני" האָט זיך אין קאַזעמאַט שטאַרק צולאַכט, און דוקא ביי אַ ניט קיין פּאַסענדען צופאַל, אָבער אַזוי, אַז עס האָט אויסגעזעהען, ער וויינט מיט די ביטערסטע טרעהרען, האָט זיך גלייך אַ כאַפּ געטהון מענדעל, וואָס האָט אין אַלגעמיין געהאַט אַ שאַרפען אויג:

— זעהט נור, חברים, אומזיסט רופט מען איהם „סקוטשני", דאַכט זיך אַ גאַנץ פרעהליכער בחור.

מעהר האָט מען נישט געדראַפּט: אָשר דער איינבינדער, וואָס איז אין די קינדערשע יאָהרען געווען אַ משורר ביי אַ חזן, האָט באַלד געמאַכט אַ מי שברך דעם „רך הנמול" — ויקרא שמו בישראל פּרעהליבער, צייט איז דאָ, אומעטיג איז ביז אין טויט אריין, האָט חברה אַביסעל חוזק געמאַכט.

---

אַלע פאַרנאַכט פלעגט קומען אין טורמע אַ אונטער-אָפיציער מיט אַ פּאָרטפעל אין דער האַנד, פלעגט זיך אַוועק שטעלען אין מיטען קאָרידאָר, און פלעגט אָנהויבען לייענען אויפ'ן קול, כדי אלע קאַזעמאַטען זאָלען הערען, אַ צעטעל פון נעמען. דאָס האָט ער אָנגערופען די, וואָס פלעגען זיך דאַ-פען קלייבען אין וועג אריין. איינע, וואָס האָבען געהאַט אויף זיך דיעלאָ'ס, פלעגט מען פיהרען אין געריכט, אין אַ צווייטע טורמע, די אַנדערע פלעגט מען פיהרען אויף אַ פערהער, די דריטע פלעגט מען אַרויסלאָזען הינטער'ן טויער אויף דער פרייהייט—די זענען געוועזען די גליקליכסטע. פלעגט דער גאַנצער עולם וואַרטען מיט אומגעדולד אויף דעם פאַרנאַכט. באַטש נעמען פלעגט, יעדען מאָל זיין נור געצעהלטע, און אַרעסטירטע איז געווען עטליכע הונדערט, דאָך פלעגט יעדען דאָס האַרץ קלאַפּען ביים לייענען—טאָמער!—אַזאַ כוח האָט עס שוין געהאַט...

דערווייל איז נאָך אָבער אַ גאַנצער טאָג אויפ'ן קאָפּ, זוכט מען זיך עצות, ווי אַזוי די צייט דורכצושטופּען. האָט זיך די חברים איינגעגעבען צו קריגען אַ טאַש קאָרטען — ביי אַ גנב'ל פון שכנ'ישען קאַזעמאַט אָבגעהאַנדעלט, שפּיעלט מען פאַרטיעסוויז אין זעקס-און-זעכציג. אָבער די קאָרטען זענען שוואַרץ, ווי די ערד, קלעפּען זיך צו די הענד און איינע צו די אַנדערע, דאָך שטרענגט מען זיך אָן, און מען שפּיעלט ווייטער, מען גענעצט און מען שפּיעלט, עס איבעלט און מען שפּיעלט, ביז איינער געהט שוין אַרויס פון די כלים, גיט אַ וואָרף די האַנד קאָרטען און שרייט אויס:

— ניט געדראַכט זאָל עס ווערען!

בעהאַלט מען די קאָרטען ווידער אין אַ ווינקעל.

מענדעל געהט אום איבער'ן קאַזעמאַט און זינגט עפּעס אונטער'ן נאָז אַ חסיד'ישען ניגונ'דעל. מנשה דער שטילער זיצט אין ווינקעל, קנייטשט עפּעס אַ פּאַפּירעל אין דער האַנד און שווייגט, ווי געוועהנליך. צדיק דער הויכער, אַ הויכער, בּרייטביינערדיגער יונג, אַ בעוואוסטער ב. א., אַ מענש מיט אַ געזונדען קולאַק, וואָס איז געווען בעריהמט אַלס איינער, וואָס קען מאַכען אַ גוטען שנאַפּס און געבען אַ גוטען קלאַפּ, ווייסט ניט, וואו אַהין צו טהון זיין ריעזיגען מויערפעסטען קערפּער.

— ווייסט, פּרעהליבער — רופט ער זיך פּלוצלונג אָב: — מען זאָגט, אַז דיין כלה האָט זיך דאָרטען דערווייל פערליעבט אין אַנ'אַנדערען.

דער פּרעהליבער צולאַכט זיך: ער האָט נאָך קיינמאָל קיין כלה ניט געהאַט;

— אַוודאי — כאַפּט אונטער איסאַק דער לעהרער: — איך האָב אַליין געהערט, ווי אַ סאָלדאַט האָט היינט דערצעהלט.

— האָבט נעדאַרפט בעטען, מען זאָל איהר דערוויַיל אויך אַרעסטירען — שטעלט אַריין זיין וואָרט דוד דער סטאָלער.

— און ברענגען אַהער — מישט זיך אַריין איינער פון די זייטיגע אַרעסטאַנטען.

אַ פרעמדער? ניין, דאָס וועלען זיי ניט דערלאָזען. מענדעל, וואָס הערט פון דער זייט דעם נאַנצען שמועס, גיט אַ וואָרף אויף יענעם אַ שטרענגען בליק, ווי איינער זאָגט: „ניט דיין זאַך!“

יענער ווערט אַנשווינען — פאַר די „חברים“ האָט מען דרך ארץ — קעהרט ער זיך אָב, און ברומט אַ אונצופריעדענער:

— זעה נאָר זעה, מען טאָר שוין קיין וואָרט ניט אויסרעדען.

---

פרעהליכער פלעגט ווערען, אַז מען פלעגט ברענגען נייע פאַרשוינען. דאָס רוב פלעגען זיי אַריינקומען, אַזוי ווי איבערגעשראָקענע, מיט ניט זיכערע טריט—ווער ווייסט, וואָס עס ערוואַרטעט זיי דאָ הינטער די קראַטעס, הינטער די ווענט. אַ געניטען מענשען, וואָס איז שוין אַמאָל געזעסען, פלעגט מען גלייך דערקענען: אַזאַ פלעגט אַריינקומען ווי אַן־אַלטער אורח אין אָ בעקאַנטען האָטעל, די אַלטע פלעגען זיך אַרויפוואַרפען אויף איהם און אויספרעגען פון אַלץ, וואָס עס הערט זיך „דאָרט“. אויספרעגען און אויסהערען פלעגט אָבער לאַנג ניט דויערען, אין קאַזעמאַט פלעגט ווערען נאָך ענגער, נאָך שטיקענדער, און די אורחים פלעגען ווערען אזרחים, און אויף מאָרגען פלעגט מען זיי שוין מכבד זיין מיט אַ כבוד: אַרויסטראָגען די פאַראַשע, אויסקעהרען דעם קאַזעמאַט, און עס פלעגט אַלץ ווידער אַריין אין די ברעגען.

אויף די „פראָשעניעס“ האָט נאָך קיינער פון די חברים קיין ענטפער ניט בעקומען—מעג מען הייסט עס רוהיג „זיצען“, פון דער פרייהייט פלעגען קומען נאַכריכטען דורכאויס טרויעריגע: די „רעאַקציע“ האַלט אין איין וואַקסען.

דער איבעריגער עולם אין קאַזעמאַט האָט זיך זיינע אינטערעסען און צייט־פערטרייבונגען: „שניידען“ זיך גאַנצענע טעג אין קאָרטען, האָבען עפעס ווילדע פער׳חיה׳טע שפּיעלען און מיט אַמאָל הויבען זיי זיך גאָר אָן פרובען איינע די אַנדערע אין כוחות, וואַרפען זיך איינע די אַנדערע אן דער ערד, אַז עס קלינגט, אָבער עס שאַדט ניט, זיי הויבען זיך אויף ווי גאָר נישט געוועזען, און נעהמען זיך ווידער צו דעם זעלבען. די חברים קוקען אַפילו אין יענעם זייט ניט. נעכטען איז געוועזען אַ טאָג פון „וואַלוואוקעס“, האָט זיך איינגעגעבען איינעם אַריינצוקריגען אַ שטיקעל צייטונג, אַרומגעוויקעלט אַרום אַ הערינג, דער צווייטער האָט בעקומען אַ צימרין־בריפעלע, דער דריטער שאָקאָלאַד, פאַרעט מען זיך מיט די אַלע זאַכען, מען לייענט, מען איז איינע די אַנדערע מכבד...
אָבער אַזעלכע טעג איז פאַרהאַן נאָר איינער־צוויי אין דער וואָך, זיצסטו אַזוי אַמאָל און פערטראַכסט זיך נישט ווילענדיג וועגען דאָרט; וועגען דער היים. ווער ווייסט, וואָס דאָרט טהוט זיך. קיין „סווידאַניעס“ גיט מען ניט, קיין בריף בעקומט מען ניט. מען האָט זיך היינט געריכט אויף

„פראָגולקע", האָט מען קיין „פראָגולקע" אויך ניט געגעבן, איז נורנע ביז אין טויט אַריין — געהמט מען זיך ווידער צום „פרעהליכער":

— פרעהליכער, וואָס ביזטו היינט אַזוי אומעטיג?

— פרעהליכער, ווילסט אַהיים?

— פרעהליכער, קום אין די „לאַזשיענקעס".

— וואָס וואָלט דאָס געווען, ווען דער „פרעהליכער" איז ניטאָ מיט אונז?. זאָגט חיים דער בלאָסער.

— וואָלט טאַקע געוועזען אומעטיג — ענטפערט איסאַק דער לעהרער.

— איז דער תירוץ — וואַרפט אַריין זיין וואָרט אָשר דער איינבינדער — אַז גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה.

— פרעהליכער, קום אַהער — רופט איהם צדיק דער הויכער. און אַז דער פרעהליכער קומט צו שוין גאָר נאָהענט, ציהט ער איהם אויס אין דער פינסטער אַ לאַנגען פוס אַנטקעגען, און דער פרעהליכער פאַלט.

— פרעהליכער, וואָס האָסטו געפונען?

חברה איז זיך ממש מחיה, און דער קאַזעמאַט ווערט פול מיט אַ הילכיגען געלעכטער.

דער פרעהליכער הויבט זיך אויף פון דער ערד, גיט זיך אַ רייב אָב דעם שמוץ פונ'ם בגד און געהט־צו צו צדיק'ן, ווי גאָרנישט געוועזען:

— גיט אַ פאַפּיראָס.

צדיק דערלאַנגט איהם מיט אַ שמייכעל די פושקע מיט'ן טאַבאַק.

— וואָס דער פרעהליכער צורויכערט דאָס — מישט זיך אַריין אָשר דער איינבינדער: האָסט שוין געזעהען אַמאָל? ווי טאַבאַק וואָלט גאָר קיין געלד ניט קאָסטען.

דער פרעהליכער האָט געוואוסט, אַז דאָס מיינט מען ניט ערענסט, וואָרום יעדען מאָל, ווען ער פלעגט צונויפדרעהען אַ פאַפּיראָס, פלעגט זיך עמיץ דערמאָהנען אַ זאָג צו טהון מעשה חכמה.

— זעהט נור, סער'אַ גראָבע פאַפּיראָסען דער פרעהליכער רויכערט!

דער פרעהליכער שטעלט אַוועק די פושקע אויף דער נאַרע, דרעהט צונויף אַ פאַפּיראָסעל, ווי אַ שטרויעלע די גרעב, און לאָזט זיך געהן רויכערענדיג איבער'ן קאַזעמאַט. חברה ווינקט איינע צו די אַנדערע און לאַכט:

— זעהט נאָר, סער'אַ גראָבע פאַפּיראָסען דער פרעהליכער רויכערט... ווי די בערווינעס!

---

די צייט האָט זיך אין טורמע אַזוי ווי אָבגעזשטעלט, עס האָבען זיך געצויגען די טעג אומגעלומפערטע, תמ'עוואטע ווי אַ חנרה צושראָקענע שכורים — דאַכט זיך אָט געהען זיי, דאַכט זיך אָט פאַלען זיי — קוים־קוים וואָס זיי ריהרען זיך פון אָרט. אויף די ענטפערען פון דער נאַטשאַלסטוואָ האָט מען שוין אויפגעהערט וואַרטען. די „וואַלואוקעס" האָבען אויפגעהערט צו אינטערעסירען.

דער אַפּעטיט איז ערגעץ פֿערפֿאַלען געוואָרען, טיילען פּאָרציעס האָט מען שוין לאַנג פֿערגעסען, יעדערער האָט געמענט עסען, וויפֿיעל זיין האַרץ האָט געגלוסט, און דאָס עסענוואַרג האָט זיך געוואַלגערט אויף און אונטער די נאַרעס ביז עפּעס אַ גנבֿ'ל פֿלעגט זיי אונטערקלייבען. אפֿילו די פֿאַרנאַשטיגע צעטלען האָבען שוין אויפֿגעהערט צו „נעהמען": — וועט מען רופֿען, וועט מען געהן, ניט — איז אויך רעכט. די נערוועז, וואָס זענען די ערשטע וואָכען געווען אַזוי אויפֿגערעגט, אַז זיי פֿלעגען זיך ביי דער מינדסטער געלעגענהייט צושפּילען אויף די העכסטע טענער, זענען ביסלעכווייז געוואָרען פֿערטעמפּט — אַנ'אַפּאַטיע, אַ גלייכגילטיגקייט האָט אַלעמען בעפֿאַלען. די קאָרטען האָט מען ביי אַנ'אונטערזוכונג געפֿונען און קאָנפֿיסקירט, וואָלטען זיי אפֿילו געווען, וואָלט מען גיכער אייך ניט געשפּילט — עס האָט זיך געוואָלט נאָר ליעגען און שווייגען. דאָס לעבען, דאָס פֿרייע לעבען, וואָס איז געוועזען סאַמע דערביי, וואָס נאָר איין איינציגע וואַנד האָט זייפֿון איהם אָבגעטיילט, האָט זיך אויסגעוויזען אַזוי ווייט, און אַזוי ניט רעאַל, ווי דאָס וואָלט נאָר געוועזען עפּעס אַ מעשה, וואָס מען האָט זיי אַ מאָל אין דער טיעפֿער יוגענד דערצעהלט, און עס איז שוין כמעט אין גאַנצען פֿערגעסען געוואָרען. אַפֿילו דער „פֿרעהליכער" האָט אויפֿגעהערט צו אינטערעסירען — אַלטע, פֿלאַכע, אויסגעדראָשענע, חכמות. די „חברים" אליין האָט שוין לאַנג פֿון זיי געעקעלט...

עס איז שוין געוועזען שפּעט-נאַכט. דער עולם איז שוין העכער העלפֿט געלעגען אויסגעטהון אויף די נאַרעס, וועניגע האָבען זיך נאָך געפּאָרעט מיט'ן רויכערן און מיט'ן אויסבעטען. דער פֿרעהליכער איז שוין געווען אין גאַנצען פֿאַרטיג צו'ם שלאָפֿען, ער איז נאָך אַוועק צו צדיק'ן מאַכען אַ פּאַפּיראָס, און חיים דער שטילער האָט זיך נאָך אויסגעדרעהט איבער'ן קאַזעמאַט. אויסגערויכערט פּאַוואָלינקע דעם פּאַפּיראָס, אויסגעטהון זיך, האָט זיך דער פֿרעהליכער אַוועקגעלעגט אויף זיין אָרט, אָבער ווי ער האָט זיך נאָר אַוועקגעלעגט, איז ער גלייך צוריק אויפֿגעשפּרונגען, ווי עמיץ וואָלט איהם אַ ביס געטהון.

— וואָס איז? האָט זיך אַ כאַפּ געטהון מענדעל „עקאָנאָם".

— ווער האָט עס מיר דאָ אָנגעגאָסען וואַסער, אַ? האָט דער פֿרעהליכער געשריגען ניט מיט זיין קול, און עס איז קענטיג געוועזען, אַז ער איז שטאַרק אין כעס.

דער פֿרעהליכער איז געשטאַנען אויף דער ערד אין אַזאַ אונבעהאָלפֿענער פּאָזע און אַזוי פֿיעל טרויער איז אויסגעגאָסען געווען אויף זיין פּנים, דאָס דעם גלייכגילטיגסטען מענשען האָט געקענט אָנכאַפּען אַ געלעכטער-ספּאַזמע.

— צו האָט זיך אַקאָרסט דאָרטען מיט דעם פֿרעהליכען קיין סבה ניט געטראָפֿען — האָט בעמערקט צדיק, שטיקענדיג זיך פֿאַר געלעכטער.

— אַודאי, אַודאי — האָט אונטערגעכאַפּט יצחק דער לעהרער.

— וואַרט אַקאָרשט, פֿרעהליכער, דערצעהלען דער כלה — האָט עמיצער געסטראַשעט. חברה האָט זיך נעקאַטשעט פֿאַר געלעכטער.

— קום נאָר אַהער, פֿרעהליכער. מיר'ן זיך לעגען צוזאַמען—האָט איהם מענדעל גענומען צו זיך.

דערנאָך האָבן די חברים לאַנג ניט געקענט איינשלאָפֿן.

— ווער האָט עס געטהון?—האָט מען געוואָלט דערגעהן.

— אָשר, דו?

— ניין, אָסור חזיר.

— ווער זשע, חיים?

— גאָט בעוואַהר!

— ישראל?

— אויך ניט.

— אָפּשר דער שטילער?

— אודאי דער שטילער.

— ניין, ניט איך — זאָגט דער שטילער און לאַכט.

— דערצעהל דער בּאָבּן, אַודאי דער שטילער!

— פֿון די שטילינקע זאָל מען ווייבּן — מישט זיך אַריין דער פֿרעהליכער מיט אַ טרויעריגער בּעליידיגטער שטים.

שיסען די חברים ווידער אוים אין אַ געלעכטער.

אָבּער דער איבּעריגער עולם— די זייטיגע, האַלטען זיך איין, און לאַכען ניט פֿון פֿערדראָס, וואָס מען לאָזט זיך זיי קיינמאָל ניט אַריינמישען, און אין אַ צווייטען ווינקעל וואַרפֿען זיך איבּער צוויי בּאַנדיטען מיט ווערטלעך:

— ווען עמיצער פֿון אונז זאָל עס טהון.. עס וואָלט זיך דאָך געטהון חשך!

— אַ מאָנאָפּאָל אויף איהם, אַ בּייזער יאָהר... לאָזען מיט קיין אויג ניט צומאַכען...

---

די חברים צעהלען שוין די דרייצעהנטע וואָך פֿונ׳ם זיצען, זיי האָבּען שוין געוואוסט אַלע גאַנגען פֿון טורמע, אַלע מנהגים, האָבּען געקענט אַלע סאָלדאַטען, וואָס פֿלעגען קומען איינמאָל אין אַכט־צעהן טעג אויף קאַראולען. און אַז עס פֿלעגט קומען אַמאָל אַ ניי אָפֿיצירעל, וואָס פֿלעגט ניט וויסען, ווי צו בּעגעהן זיך, פֿלעגען זיי איהם ערקלערען, ווי אַזוי מען איז זיך נוהג, וואָס מען טהוט מיט די אַרעסטירטע פֿריהער, וואָס דערנאָך. די אָפֿיצירען פֿלעגען זיין דאָס רוב שלעכטע, „רעאַקציאָנערען", פֿלעגען זעלטען געבּען „פּראָגולקע". גרינגער פֿלעגט זיין דורכצוקומען מיט די סאָלדאַטען. זיי פֿלעגען אָפֿטמאָל זיך אונטערנעהמען אַוועקצוטראָגען אַ בּריעף און בּרענגען אַנ׳ענטפֿער, פֿלעגען איינקויפֿען אַ גרויסען זאַפּאַס טאַבּאַק מיט פּאַפּיראָס־פּאַפּיער. נור איין אָפֿיציער איז געווען, וואָס פֿלעגט זעהר זעלטען קומען, איין מאָל אין 2־3 מאָנאַטען, אָבּער אַז ער פֿלעגט קומען, פֿלעגען די קאַזעמאַטען פּלוצלונג גאָר אַנ׳אַנדער אויסזעהן בּעקומען.

---

און אזא טאָג האָט זיך געטראָפֿן. די, וואָס זענען לענגער געזעסן האָבן איהם שוין געקענט אין פנים, אין די פֿרעהליכֿע בשורה האָט זיך באַלד פֿערשפּרייט איבער דער גאַנצער טורמע. און טאַקע, ווי ער האָט נאָר איבערגענומען דעם קאַראָול, האָט ער גלייך פֿאַנאַנדערגעעפֿנט די קאַזעמאַטען און האָט אַלע אַרעסטאַנטען אַרויסגעלאָזען אויפֿ'ן הויף. כדי ניט דורכצופֿאַלען ביי דער העכֿערער מאַכֿט, זענען געשטאַנען צוויי סאָלדאַטען ביי'ם טויער, און עס איז געווען אָבגעשטימט, אַז ביי'ם ערשטען סיגנאַל פֿון די סאָלדאַטען, זאָלען באַלד אַלע זיין צוריק אויף די ערטער, הינטער די קראַטען.

— זאָגט, ברידער, וואָס איהר ווילט, נאָר געלד, וועט מען אייך אַלץ קויפֿען—האָט געזאָגט דער אָפֿיציער.

חברה האָט צונויפֿגעלענט געלד, סאָלדאַטען זענען עטליכֿע מאָל געגאַנגען אין שטאָדט און צוריק. די חברים האָבן אויסגענוצט דעם פֿרעהליכֿען טאָג אויף אומגעהן איבער'ן הויף, כאַפּען אַביסעל פֿרישע לופֿט, דורכלעזען אַ פּאָר ביכֿלעך, וועלכֿע דער אָפֿיציער האָט זיי געבראַכט, אָבער פֿאַרנאַכֿט זענען זיי אויך אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער אַלגעמיינער שטימונג—און מען האָט געשיקט נאָך שנאַפּס.

ביי מענדלען איז טרינקען געווען פֿון די קליינע זאַכֿען; ביי איסאַק'ען אויך, חיים דער בלאָסער האָט גלאַט וועניג געטרונקען. נאָר דער „פֿרעהליכֿער״ האָט אַביסעל אַריבערגעכאַפּט די מאָס. ער האָט זיך צעוויינט און האָט אָנגעהויבען זינגען מיט אַ וויינענדיגען קול עפּעס אַ חסידישען ניגון — אַ פֿרעהליכֿס.

— זעהט נור, חברים, דער פֿרעהליכֿער זינגט.

— דער פֿרעהליכֿער קען זינגען!

— אוראַ!

— דער פֿרעהליכֿער איז שכור!

און מען האָט ווייטער אָנגעהויבען טרייבען שפּאַס מיט'ן פֿרעהליכֿען. אַ הין אַ צופּ, אַהער אַ צופּ. חברה האָט זיך עפּעס אין אַ ווינקעל צונויפֿגעשושקעט מיט אַ פּאָר סאָלדאַטען אין פּלוצלונג איז געוואָרען אַ געשריי:

— שאַ, אַ פּאַפּיער!

און דער סאָלדאַט האָט מיט אַנ'ערענסטע מינע גענומען לייענען דאָס פּאַפּיר, אין וועלכֿע עס איז געשטאַנען ניט מעהר און ניט וועניגער, אַז מענדעל יודעלעוויטש איז פֿער'משפּט צום הענגען.

— פֿרעהליכֿער, דאָס מיינט מען דיך!

— פֿרעהליכֿער, זאָג וידוי!

— וועה איז מיר, אזא יונגער בוים...

יעדערער האָט געפֿונען פֿאַר נויטיג עפּעס צו זאָגען.

דער פֿרעהליכֿער האָט התחלת ניט פֿערשטאַנען, אין וואָס דאָ געהט. וואָס עפּעס פּלוצלונג?

עפּעס איז איהם דער מוח ניט קלאָר! דאָך האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקען. איידער ער האָט אָבער נאָך צייט געהאַט צו זיך צו קומען, האָבען איהם צוויי סאָלדאַטען אַנעהם געטהון צו דער קראַטע, וואו עס איז שוין געהאַנגען אָנגעטשעפּעט אַ שטריק. דער גאַנצער עולם האָט בעהאלטען דעם אָטהעם. עפּעס האָט דעם עולם אליין אָנגענומען אַ פּחד פאַר דער גרויזאַמער חכמה. אָבער אַלע שווייגען, קיינער געפינט זיך ניט, וואָס צו זאָגען.

דער פרעהליכער האָט דערווייל געקוקט אין אַלע זייטען מיט איבערגעשראָקענע אויגען, אַ בלאַסער ווי קרייד, האָט ער געציטערט ווי אַ בלאַט, ער האָט געוואָלט, קענטיג, עפּעס זאָגען, האָט אָבער ניט געקענט אַרויסרעדען. „חברים, ראַט...״ — האָט זיך ביי איהם קוים אַרויסגעריסען, אָבער דער געשריי איז גלייך פערשטיקט געוואָרען אין האַלז, און דער פרעהליכער איז אַנידער־געפאַלען אַ געחלש'טער אויף דער ערד.

— געננוג!—האָט אויסגעשריען מענדעל, און האָט זיך אַ וואָרף געטהון צום פרעהליכען.

דער עפעקט האָט זיך בעקומען אַ פערקעהרטער. שטאָט דעם גרויס'ארטיגען געלעכטער, אויף וועלכען מען האָט זיך גערעכט, איז געוואָרען אַ טויטע שטילקייט אין קאַזעמאַט, אַפּילו דער בראַנפען איז אַזוי ווי אויסגעפּאַרעט געוואָרען פון די קעפּ — — — —

און אַז דער פרעהליכער איז געקומען צו זיך, האָט ער זיך צעוויינט מיט ביטערע טרעהרען, פונקט ווי אַ קליין קינד:

— גוואַלד, וואָס האָט איהר צו מיר! איך האָב אַזוי פיעל יאָהרען זיך מקריב געווען פאַר דער „בעוועגונג״, אַזוי פיעל יאָהרען זיך אָבגעוואַלגערט אויף די בירזשעס...

דער אָוענד איז געוועזען אַ פערשטערטער.

---

אויף מאָרגען זענען די חברים געשלאָפען לענגער, ווי אַלע מאָל. יעדערער האָט זיך געשעמט אויפצוהייבען דער ערשטער דעם קאָפּ.

אָבער די חברה גנבים האָט עס, ווייזט אויס, וועניג געריהרט, און אַז דער פרעהליכער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז זייער ערשטע פראַגע געוועזען:

— אַ, פרעהליכער, וואָס הערט זיך עפּעס אויף יענער וועלט?

דאָס האָט נאָך געפעהלט!

מענדעל האָט זיך געגעבען אַ קעהר צום גנב, און האָט אויף איהם אַזאַ קוק געטהון, אַז יענער האָט גלייך פערביסען די צונג, האָט זיך אָבגעקעהרט ווי אַנ'אָבגעשמיסענער צו די זייניגע, און האָט נאָר אַרויסגעברומט:

— אינטעליגענטען, אַ בייזער יאָהר... אַליין מעגען זיי אַלץ!

אָבער די חברים האָבען. דערנאָך אַ צייט נאָכאַנאַנד איינע די אַנדערע גלייך אין די אויגען ניט געקענט קוקען, און וועלענדיג פון זיך כאָטש אַ טייל פונ'ם שולד אַראָבוואַרפען, האָט יעדערער פאַר זיך איינע און די זעלבע מחשבה געטראַכט:

— דאָס מאַכט די טורמע פון אַ מענשען!

משה טייטש.



י. מאַסטבוים.

# מיט'ן זון־אונטערגאַנג.

(פֿון אַ בריעף).

געשריבען פֿון אַ יוד צו אַ קריסטין.

---

כ'וויס, אָ ליידענדע טאָכטער יעזוס, אַז נאָהענט איז די צייט, וואָס אונזערע פֿערשיעדענשטאַמיגע הערצער וועלען אין די שוואַכסטע מינוטען פֿון ליעבע־צאַנקען אוים מיטלייד איינס צו דאָס צווייטע אויסגעהן, ווי ביי יענעם שווינדזיכטיגען, וואָס דערשפּירענדיג פּייכטע אָסיען־קעלטען אין די פּלייצעס, גראָבט זיך מיט שטילער אנגסט אין זיך אַליין איינצוהערען זיך אין דעם לאַנגזאַמען האַרצקלאַפּען, נאָר ווען זיין פּנים ווערט בערִיהרט פֿון אַלייכטען שפּינוועב, וואָס פֿליהט פֿאַר די האַלבטאָגיגע הערבסט־זון דורך, אַ סמן אַז דער זומער האָט זיך נאָך מיט איהם נישט צושיידט, ערוואַכט אין איהם אַפֿערלאַנג צו ציהען די הענד פֿאַר די שטראַהלען פֿון יענער פֿערגעהענדער זון. — — — — —

און אין דעמערונג, פֿאַר נאַכט, זעהענדיג דיך אין ווינקעל־שטוב זיצען בעלויכטען מיט'ן שיין פֿון זון־אונטערגאַנג און בלישטשען פֿון לאָמפּ צוזאַמען, וואָס מאַכט דיך עהנליך צו אַ סטאַטוע, איבער וועלכעס קאָפּ ס'צאַנקען פֿייערלאַך אַלערליי, אַמאָל מיט די הענד פֿערבראָכען, אין טיידעל־ערינערונגען פֿערטיעפֿט, די באַקען נעפֿלאַמט, דאָס האַרץ העלפֿט אָבגעקנעפּעלט, מיט אַ קרומען שמייכעל אויף די ליפּען—פֿערשעהמט, אָ, — דעמאָלט שפּרינג איך אָב פֿון דיר! ווי נאַכט אויפֿגעשטאַנענע מענשען צושראָקען פֿאַר זייער געשפּענסטער, און פֿון דיין לייכט פֿליסענדען אָטהעם וואָס מען דערשפּירט אַ ריח ווי פֿון אויסגעטריקענטע טרעהרען, אויף מאָגערע באַקען און צושויבערטע האָר פֿון ליידענשאַפֿט־מאַטערניש, אויף געלב־געבויגענע פּלייצעס, ערוואַכט אַ פֿערלאַנג ביי מיר, צו שענקען דיר מיין לעצטען זעגען־קוש, ביי דעם ליכט פֿון בלאָה־רויטליכען פֿריהמאָרגען טאָג!.. ערלויב זשע, אָך ליידענדע טאָכטער יעזוס, אויפֿציברענגען דיך דיין פֿערגאַנגענהייט אין טרוים־בילדער פֿאַר מיינע אויגען, און איינמאָל פֿאַר'ן נשמה־אויסגאַנג זאָל מיט'ן שטאַרקסטען טעמפּאָ אָבהילכען דיין פֿעלד־מיידעל־שטים אין מיינע אָנגעקלאָגטע אויערען! — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך האַלבען טאָג איז עס, דרויסען בלאָזט קיין ווינטעל נישט, אַ הייסע זון באַקט דעם פּויערישען אַקען שניידענדיג. מיט'ן קאָפּ בעהאַלטען אין קאָרן אַרבייט דער שניטער. אונטער אַ שאָטען,

מיט'ן פנים אַראָב, איז מיעד געפֿאַלען דער זאַמלער. און איבער'ן ברייטען פֿעלד זעהט זיך צו כאַל קיין רויטע פֿאַטשיילע פֿון קיין פֿויערטע אין קאָרן נישט. דעמאָלט זעהט מען דיך, צווישען די קופּעס־תבואה שטעהען אַ בויג זיך אַראָב, אַ הויב אויף צו'ם קאָפּ אַ גאָפּט אַ קאָרן, אַ פּלעכט אהין, אַ וויקעל אהער, אַ זינג זיך אונטערן נאָז: אַ זינג זיך, אַ זינג זיך אַ ליעדעלע, אַ וויקעל זיך, אַ וויקעל זיך אַ בינטעלע:

צו'ם טריקענען וואַרט שוין דאָס שייער'ל,
צו'ם באַקען ברענט שוין דאָס פֿייער'ל...

און נישט פֿערענדענדיג דאָס ליעדעלע, אַ דרעה אויס דעם קאָפּ חוזק צו מאַכען, אַ שטשירע די צייהן אָבצולאַכען, אַ געשריי: עה, אַ ביסעל וואסער פֿון זדראַי זיך אָנצוטרינקען! און ממזר'יש אַ בויג טהו־ענדיג זיך אין דער העלפֿט מיט אַ פֿינגער צו'ם רייצען, ווילסט אפשר אַ טשעפּע טהון שוואַרצער יאַש?

און פֿאַרנאַכט צווישען די געבוינענע פֿויערטעס מיט שיך און זאָק אויף די פּלייצעס זעהט מען דיך, אין איין האַנד געהויבען דאָס קליידעל, ביז די האַלבע פֿיס, אַ פֿאָפּראַווע די האָר, אַ ציה אַראָב דאָס בליוזקעלע, אַ לאַך צו אַקים'ען, אַ שמייכעל צו דער לבנה, אַ דרעה אויס דעם קאָפּ צום פֿעלד: נישט איבערגעלאָזט עפּעס?

און דאָרט איבער יענער זייט וואַלד האָט זיך שוין די זון לאַנג צו דער ערד אַראָבגעלאָזט, אַ פּאָר רויטע וואָלקענדלאַך נאָר אויף אַ סמן איבערגעלאָזט, מיט אַ רויטליכען פֿייער אין די שטוב־שייבלאַך זיך אָבגעשפּיגעלט, און זיין שטאָהלענעם גלאַנץ פֿאַר'ן טייכעל נישט געזשאַלעוועט. און אָט צינדט זיך אַ שטיבעלע, איז שוין נישט ווייט. דאָס קיהעלע קוקט גלייך אין די אויגען אַריין, ס'וויל עפּעס אַ שפּרינג טהון, אַ זינג טהון. עמיץ, ראַכט זיך, פֿערגנב'עט זיך צווישען קאָרן, ציץ! עפּעס אַ פּליסק געטהון, חאָטש דעם וועג נישט פֿערצוימען!

און אין די פֿריהלינגס־ימים־טובים פֿאַרנאַכט, איידער די טענץ הויבען זיך אָן, שטעהען פֿויערים מיט די הענד אין די קעשענעס און קנייטשען די אויגען, צו יענע פֿאַסען ליכט, וואָס די גאָלדענע יום־טוב זון האָט אויסגעגאָסען אויף דעם יונגען קאָרן, וואָס ווערט געטריבען פֿון אַ לייכט ווינטעלע און זעהט אויס, ווי אַ גרינער ים אין אַ רוהיגע צייט, זעהט מען דיך, דיין שלאַנק־געוואָקסען קערפּער, שטעהן אין קאָלירט־שטרייפֿיגען קלייד אָנגעטהון, און מיט דעם שמייכעל, וואָס אַ פֿריהמאָרגענדיגער מלאך טהוט אויף זיינע פֿינגער, איידער ער דאַרף דאָס נייע געבוירענע קינד אָנשנעל'ען, וויקעלט זיך צווישען דיינע פֿליגעל־געבוינענע פֿינגער, בלומעלע אַרויף, בלומעלע אַראָב, ווי אַ שייגעצל מיט אַ שיקסעלע, וואָס יאָגען זיך נאָך, בלומעלע צוגעלייגט, ווי אַ טאַטע זייערעם אין רויטע הויזען, בלומעלע צוגעוואָרפֿען, ווי אַ יידע אין אַ גרויס ווינטער היטעל, וואָס פֿערצעהלט מעשה'לאַך פֿון פּיעקעליק. בלומעלאַך צוזאַמענגענומען, ווי אַ קליינע משפחה, ווי אַ גרויסע, אַ פֿרייד אויף דיין קאָפּ, פֿויערישע טאָכטער, וויקעל נאָר דאָס אַרום מיט אַ גאַרטעלע פֿון קאָרן, האָסטו דאָך שוין וואָס „קאַלענדאַ" צו ברענגען אין קלויסטער!

און דאָס בינטעלע האָט זיך אונטערן אָרעם פֿעררוקט, צייט צו שפּאַצירען איז דאָ, בלומעלאַך פֿאַרהאַן, צו רייסען ווילט זיך נאָך, צו קלויבען גלוסט זיך נאָך... דאָס הערצעלע פֿרעהליך, דאָס

ליעדלע לוסטיג, נאָר פלוצלונג... די זון האָט זיך אונטער דריי פויערישע הייזער בעהאלטען... דאַכט זיך, אַז אַ זייט הימעל הויבט אָן טונקעל צו ווערען... אַ פאַרנאַכטיג ווינטעל קיהל אַ בלאָז געטהון... פרעש שטעהען אויף פון זומפען... פליגעלאך זשומען פון קאָרן... אויב קיין זומער-פויגעלע הויבט זיך שוין נישט פאַר די לבנה? און ווייטער צו געהן איז צו שפּעט... אַ היים—צו ווייט, מען דאַרף זיך זעצען אָברוהען... אומעטיג אויפ'ן האַרצען. ס'זאָל חאָטש ווער דורכגעהן!

און פון וואַלד האָט זיך אַ פאַנסקע בריטשקעלע אפּערגערוקט: נאָך ווייט אין שטאָדט, פויערטע?

— אָך ווייט!

— ביזט אַליין?

— אַליין,

— טאָ שפּאַן אַרויף אַהער!

און פון זיינע ווערטער איז ס'האַרץ באַלד געשלאָגען געוואָרען, די הענד ווי אַ האַלב געשאָסענער פויגעל אַ רויש אין קאָרן אָנגעמאַכט, און זיינס אַ געלעכטער, מיט אַ טרויעריגען זיפּץ צוזאַמען, האָט אָבגעווהילכט, ווי אַ נאַכטינאַל-געזאַנג אין אַ לבנה פאַרנאַכט אויף צייטיגע פעלדער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ערלויב, אָך, ליידענדע יעזוס-טאָכטער צו בעזינגען אונזער צוקונפט'ס וועג!

ב'ווייס, אַז אזוי שנעל ווי דאָס אויסלעשען זיך פון דעם טאָג-בליק, וואָס שוועבט אויף די שוין געשטערנטע נאַכט, איז די צייט, וואָס אונזערע הערצער ווערען אין שטילע שוואַכלאָזע קושען אויס-געהן, אָדער גאָר געבוירען אַזעלכעס, וואָס ליגענדיג מיט די אוינעלאַך איבערגעדרעהט צו'ם פענסטער, און מיט די הענדטעלאַך גרייט בעז 1) צו כאַפּען, ווען עס חזר'ן: וואו טיאַטיע? טיאַטיע! איך וועל דעמאָלט אין שטוב נישט זיין, פאַרהאַן אַ ברייטע וועלט מיט פלאַמענדע בערער און בעזים-שטייסענדע משומדים. אָך, ניין! ערגעץ-וואו אונטערן שטאָדט, וואו די בלאָטעס טריקענען זיך קיינמאָל נישט אויס, פרעש און עכברושים מעהרען זיך און שטאַרבען קיינמאָל נישט, שטעהט דאָרט אַ געצעלט, וואָס אויסערל'יך איז עס פראָסטע ברעטער, מאָך און שוואַלבען-לעכער קוקען פון דאָרט אַראָב, אַבי דאָרט אינווענינג רוהט גאָט'ס שכינה אויף יענע ווענט, וואו סך הכל אַ פּאָר קראַצענדיגע בטלנים זיצען און שפּאַרען זיך איבער אַ ביצה שנולדה ביום טוב, און איבער וועלכען אַקס אין ראָד ס'איז הרוב געוואָרען די שטאָדט ביתר, דאָרט וועל איך זיצען, דאָס מויל אָפּען, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויפ'ן רויטען פרכת און אָטהעמען מיט די תפילות, וואָס טראָגען זיך פון די כנסת ישראל צו'ם איינ-ציגען „יעאָוואַ" און ביסלעכווייז — וועט אַ פאַרנאַכטיגער שטומער זונשטראַהל מיינע ליפּען אַ ריהר טהון און די האַלב פערמאַכטע אייגען אַ בלישטש טהון און שלינגען וועל איך דעמאָלט פון האַרץ-חלשות די שטראַהלען מיט'ן שטויב צוזאַמען. און דו, צוגעשמידט צו'ם אָרט מיט דיין שאָטען, וועסט איהר זיצען און קוקען אויף יענעם מעטאַלענעם געטל, וואָס הויבט, דאַכט זיך, אָן שוואַרץ צו ווערען און פלוצלונג... דאָס פיצעלע האָט אַ פישטש געטהון... ס'וויל עפּעס אַ פרעג טהון... מען דאַרף שוין

1) דראָבנע בלומעלאך.

בעצייטען פֿערפֿלוירערען עס... מיט קינדער מעשה'לאך... דאַכט זיך, אַז דער זייגער האָט די צייט אויסגעשלאָגען... ער קען נאָך אָנקומען... ס'שטיקט אין האַלז... נאָר נישט אויפֿ'ן קול זיך צעוויינען, — אין די קוימען־פֿאַרע דעם קאָפּ פֿערבעהאַלטען...' די טהיר האָט זיך געעפֿענט אַליו ליו, ציגעלע, מיגעלע, גאָרנישט! גאָרנישט! כאַ כאַ טאַטקעלע, דאָס האָט נאָר דיין קינד שפּאַס געמאַכט! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און שפּעטער זעה איך שוין, אַז אויפֿשטעהן וועלען מיר ביידע אין האַלבע נאַכט, צוליעב וואָס ווייס איך נישט, דו ביזט זיך מיט די אויגען געלעגען איבערגעדרעהט און געקוקט צוקאָפּענס אויפֿ'ן עבענבילד פֿון די הייליגע מוטער, וואָס איהר לייכטענד פּנים שיינט מיט טויזענדער שטראַהלען און פלוצלונג, גליאָן, גליאָן! צו פֿריהמאָרגען תּפילה, אַך ניין! דאָס רופֿט עפּעס: שטעהט אויף זינדיגע אין סאַמע מיטען פֿון האַלבע נאַכט, ווען שלעכטע גייסטער רינגלען אַרום פֿויערישע פֿערמעגענס, צו פֿערדאַרבען, שטעה אויף, און לויף ערגעץ, וואו קיין מענשליכע שטימע האָט אין דער טויבער פֿינסטערניש קיין אָבקלאַנג נישט דיין האַרץ אויסצוגיסען. און מיט אַ שטילע שרעק כאַפּענדיג דעם שוואַרצען דורזיכטיגען מאַנטעל אויפֿ'ן געלב־גאָלען לייב, וואָס זיין פֿאַך אין דער פֿינסטערער שטוב וועט עפּעס ברענגען אַ ווינד־אימה אויף דיר, פּונקט ווי די ווענט וואָלטען מיט סקעליעטען ביינער אויסגעקלעפּט זיין, ווערסטו כאַפּען אין איין האַנד דאָס שוואַרצע ביכעל, אין די אַנדערע—דאָס אָבגעברענטע שטיקעל ליכט, און לויפֿען צו די פֿערמאַכטע טהירען פֿון קלויסטער, און קניהענדיג זיך רוקען טרעפּ אַרויף, טרעפּ אַראָב, און פֿון דאָרט פֿערשווינדען, ווי אַ שאָטען אין דער נאַכט, און פֿון דאָרט צו'ם פּאָמניק פֿון טאַטע־מאַמע סטאַרענגאָ, וואָס האָבען געהייסען שטעלען איין שטיין אויף צוויי קערפּער אַ סמן פֿון ליעבע צווישען זיך און ליעבע פויערישע צרות אויף די וועלט, און גיסען דאָרט אין יענעם רויטען קוגעל טאָפּ, אפשר פּאַר דריי גראָשען בוימאייל, און אפשר דריי מאָל נאָכאַנאַנד דיין ברוסט קרייצען; און אפשר דריי קלונגען פֿון אַ גלאָק נאָך זייער נשמה נאָכקלינגען. און אַז אַ בלאַסע צושראָקענע זון וועט דיך דערזעהן דורך אַ שיטערן בוים, וואו ס'וועלען הענגען טראָפּענס רעגען — אַ סמן, אין דער נאַכט האָט פלוצלונג גערעגענט, וועט זי דיך נאָך בעגעגענען אין נשמה הלשות ליגען — — —

---

און איך, אָ ליעבע, וועל אין די נאַכטיגע פֿינסטעניש זעהען געשפּענסטער, די הייליגע געזיכטער פֿון אברהם יצחק ויעקוב, און פֿון דאָרט, וואו דאָס לעמפּעלע געהט אויס, וועט זיך ביסלעכווייז לייכטע וואָלקען נעבלען אין זיי וועלען זיך וויקלען דאַרע אויסגעצויגענע פֿיגורען, מיט לאַנגע מאַנטלען און נאַקעטע פֿיס, און טאַפּענדיג אין דער פֿינסטער וועלען זיי זוכען: וואו ביזטו, זינדיגער זוהן, אין דער פֿינסטערניש? צי הערסטו נישט די רחמנות שטימע פֿון דער מוטער רחל, וואָס וויינט אין האַלבע נאַכט אויף איהרע פֿערלוירענע קינדער, וואָס ווילען זיך נישט אומקעהרען? און אום דיך נישט אויפֿצואוועקען, וועל איך מיט אַ שטילען אָטהעם און בעשיצטע הענד לויפֿען צום פֿענסטער און איינהערען זיך, איינהערען זיך... ש־ש־ש — — — — — עפּעס ווי אַ נגון פֿון בית המדרש וואָלט קלינגען, דאָס לערנט אודאי אַ יונגעלע ביי אַ גמרא, וואָס דרעהט זיך די געקרייזעלטע פאות'לאך — ריכט זיך אַ

חתן צו ווערן, אָך, ניין! דאָס לערנט אַ יונגערמאַנטשיקעל, וואָס האָט אפשר אַ ווייבעלע, וועלכע שלאָפט אין דער היים אין קלאָרען בעטגעוואַנד אין גוטע, פרומע חלומות...

„אמר אביי”, אביי האָט געזאָגט...

— קו־קערי־קו! — דאָס האָט דער האָן פון בוידעם געקרעהט.

— בים־באָם, דאָס האָט דער קוקאָוקע זייגער הייזעריג געשלאָגען...

— וואָרום שלאָפסטו נישט?

— אָך, כ'קען נישט איינרוהען, די קאַץ האָט אַ מיוק געטהון, טרייב באָטש די קאַץ אַרויס פון שטוב!

אין שפּעטערדיגע צייטען, אָ ליעבע, וועלען מיר זיך נעמען זוכען איינס דאָס צווייטע, ביינאַכט אַמאָל, אין דער אויפגערעגסטער צושטערונג פון מיינע געדאַנקען, נישט שפּירענדיג מיין אָטהעם אין בעט, וועסטו לויפען מיט'ן באָרפיסען קינד ביי די האַנד און פרעגען זיך: צי האָט איהר נישט גע־זעהן אַ פערבלאָנדזשעטען ביינאַכט? וואָס ווען ער געהט קריצט ער מיט די צייהן, לאַכט און דריקט קראַמפּהאַפט די פויסטען צוזאַמען? און איך נישט שפּירענדיג דיין האַרצקלאַפּען אין שלאָף, וועל זיך לאָזען לויפען צו אַלע פערמאַכטע טהירען, און פרעגען: צי האָט איהר נישט געזעהן אַמאָל אַזעלכע, וואָס ווען זי געהט, בלייבט זי זיצען אין דערמיט וועג אויף אַ בריקעל, און אָנגעשפּאַרט אין אַ פּאַרקאַן, און קניהען מיט די אויגען צו'ם הימעל אין סאַמע מיט גאַס? און אַז איך וועל דיר בעגעגענען אויף יענעם אָרט, וואו ס'שטעהט איין סמן אויף צוויי מענשען קערפּער. וועלען מיר זיך אַלע, איך, דו, און די פון אונטען קראַמפּהאַפט צוזאַמענגעפּרעסטע, ביז די אויפגעהענדע זון וועט מיט אַ טרויעריג בלאַס אויג אָנזאָגען, אַז אויף אונזער זעלבסט־פערשטיינערונג דאַרף מען נייע טויט סמנים שטעלען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָך, ליעבע, ליידענדע טאָכטער יעווס, אַלין איינס! אַלין איינס איז דער זומער פון בליה־האָפנונג פאָריבער, דער הימעל אויסגעלאָשען, פון די פאַרנאַכטיגע יונגע רויט־בלאָהע קאָלירען, די תבואה אָבגעשניטען, די פּיה — זייער עכטע ברוין־געלע קאָלירען אָנגעוואוירען. פויערים טהוען זיך שוין די אַלט גרויע סערמיאַנגעס אָן. ס'פּייפּט קיין פאַסטוך־פייפעל אין פעלר, ס'זינגט קיין פויערטע און פון האַלב גרינעם האַלב געלען וואַלד, טראָגט זיך איבער די לעערע פלעצער עפּעס אַ מין איטה־ווינטעלע. וואָס גרילט אין יעדענס גליעדער, מיט אַ אָנזאָג: אָ, ריכט זיך, אָ, גרייט זיך נאָר קינדערלאַך און די זומער שטוב איז לעהר, די ווענד אונטערגעפוילט, שוואַרצע מייז שפּרינגען נאָר דאָרט אַרום אויף צוריסענע פאַפּירען פון קינד־זומער חשבונות, און מיט בעזע, עסענדיגע מיילער פערדאַרבען זיי די רעשט פון יונגע בלומען, — בלעטער אין רויטען פאָדים צוריסען פון ווייסע מעדעל־צייהן. קיין בעשיצונג פון דעם פלוצלונג אָנקומענדען אָסיען! טאָ זאָלען אונזערע הערצער נישט פערציהען זייער גסיסה־קלאַפּ ביז שפּעט אין דער נאַכט, נאָר מיט'ן שטאַרקסטען וועה־געפיהל פון אויס־גאַנג אָבשטאַרבען מיט'ן זונאונטערגאַנג!





# יוגענד־שמערץ.

## I.

## וועלט־שמערץ און יוגענד־שמערץ.

איך נעהם אַרויס פֿונ'ם וועלט־שמערץ איין קליינעם טהייל און רוף איהם אָן: „יוגענד־שמערץ". אונענדליך איז דער שמערץ ווי אונענדליך איז די וועלט. ווער קען די גאנצע אונענדליכקייט אומפֿאַסען? מיר קענען נור קליינע, אָפּגעטהיילטע חלקים פֿון דער אונענדליכקייט בעגרייפֿען. מיט אַנדערע ווערטער. מיר קענען נעהמען נור קליינע, אָפּגעטהיילטע חלקים פֿונ'ם וועלט־שמערץ און אַנשויען ווי די אונענדליכקייט שפּיגעלט זיך אָב אין זיי...

איך טהייל אַלזאָ אָב פֿונ'ם אוניווערזעלען, אונענדליכען לעבען — דעם מענשענס לעבען. פֿונ'ם מענשענס לעבען — דעם יוגענד־פּעריאָד. פֿונ'ם יוגענד פּעריאָד — די שאַרפֿסטע מאָמענטען זיינע. פֿון אָט די שאַרפֿסטע מאָמענטען — די יוגענד־טרוימען. ווי די זון שפּיגעלט זיך אָב אין יעדען פּעריל פֿונ'ם מאָרגען־טהוי, אַזוי שפּיגעלט זיך אָב אין יעדען יוגענד־טרוים — די אונענדליכקייט.

איך בעטראַכט די שאַרפֿסטע און ערנסטסטע מאָמענטען פֿונ'ם יוגענד־לעבען און איך געפֿין אין זיי דאָס אייביג־שענע; אייביג־געטליכע און אייביג־ליידענדע. דער מענש ווערט עלטער — דער מאָרגען־טהוי פֿערשווינדעט. די צרות ווערען אפילו גרעסער, טיעפֿער, שווערער — דער וועלט־שמערץ שפּיגעלט זיך שוין אָבער ניט אָב אין זיי ווי אין די יונגע יאָהרען. די זונען־שטראַהלען דרינגען דורך טהוי־פּערלען, אָבער ניט שווערע שטיינער...

איך לאָז דעריבער די „שווערע שטיינער" די שווערע צרות פֿונ'ם שווערען עלטער, און בעטראַכט היינטיגס מאָל נור דאָס איינענטהימליכע ליידען פֿון יונג־געפֿליגעלטע נשמות...

## II.

# יוגענד-טרויער.

טהעאָדאָר הערצל אין זיין „אלט-ניי-לאנד" דערצעהלט. אז זיין העלד האט זיך געוואָלט דעם ליעבען גענומען איבער א אונגליקליכע ליבע, איבער נאך סבות און איבער „יוגענד-טרויער". „יוגענד-טרויער" פערשטעהט אלזאָ טהעאָדאָר הערצל אלס עטוואס אלגעמיינעס, אונאבהענגיגעס, אן-און פיר זיך עקזיסטירענדעס. „יוגענד-טרויער" קוממט אלזאָ אָהן א קאָנקרעטע סבה, אָהן א בעזונדער אונגליק, אָהן קיינע שטענדיגע יסורים. הערצל'ס העלד האט איבערגעלעבט אי איין אונגליקליכע ליבע, אי פערשיעדענע צרות, אי שרעקליכען מענשען-עלענד, וואס ער האט מיט זיינע אויגען געזעהן און מיט דער גאנצער נשמה איבערגעלעבט, נור ניט דאס אליין האט איהם צו זעלבסט-מאָרד געטריבען. ער האט נאך דער צו נאך געמוזט האבען א אונבעשטיממטען „יוגענד-טרויער". וואס איז דאס אזוינס?

איהר קענט הערען אויף שריט און טריט: יענער און יענער יונגער מענש איז מעלאנכאָליש. אָפט מאל זאָגט מען נאך איינפאכער: יענער יונגער מענש איז א מעלאנכאָליק. אויב איהר זענט א מענש פון דער גרעסערער מענגע, וועלכע מיינט אז זי פערשטעהט א זאך ווען זי האט פאר איהר א וואָרט, דאן קענט איהר זיך אין גאנצען בערוהיגען מיט'ן וואָרט „מעלאנכאָליע" און מיינען אז איהר פערשטעהט שוין וואס איז עס אזוינס „יוגענד-טרויער". אויב איהר זענט אבער פון יענעם מעוט וואס ווייס אז א וואָרט זאָגט נאָך גאר נישט, אז א נאָמען פון א זאך איז נאך ניט קיין ערקלערונג פון דער זאך, דאן זאָגט איהר זיך: גוט. יענער יונגער-מאן איז מעלאנכאָליש. וואס איז אבער אזוינס מעלאנכאָליע?

מעלאנכאָליע איז א פסיכישע קרענק. א קרענק איז אבער עטוואס אוננאָרמאלעס. איז די מעלאנכאָליע איך עטוואס אוננאָרמאלעס? — יאָ. מענשען דענקען אזוי. ווי אזוי איז אבער די מעלאנכאָליע עטוואס אוננאָרמאלעס, ווען יעדער מענש האט זי אין זיך פיעל-וועניג? דער חלוק פון א געוועהנליכען מענשען ביז א מעלאנכאָליק איז נור אין כמות אבער ניט אין איכות, א געוועהנליכער מענש איז נאר צייטענווייז מעלאנכאָליש און זיין מעלאנכאָליע איז ניט שטארק גענוג — ביי א „מעלאנכאָליק" איז זי אָפטערער און שטארקער. קען מען דען אָנרופען קרענק דאס וואס אלע געזונדע מענשען לעבען איבער?

גאנץ געוועהנליכע, געזונדע מענשען, ווערען אייך מיט אמאל פערטרויערט, פערחושכט, פערחמארעט, ניט פון ווען און ניט פון וואס. דעם מענשען פעהלט דוכט זיך גאר נישט. קיינער האט איהם איצט ניט באליידיגט. קיינער האט איהם קיין שלעכטס ניט געטהון. אדרבה זיך האט ער אייך ניט געזעהן איצט עטוואס שווערעס און טרויריגעס. און דאך, עפעס א משונה'דיגער וועהטאג פערקוועטשט דאס האַרץ, עס פיהלט דיך אן א בענקשאפט ניט איבער צו טראָגען? נאך וואס בענקסטו אזוי? —

דו ווייסט אַליין ניט קלאָהר. דו פיהלסט נור, אַז עס טהוט דיר וועה ביז צו טרעהרען. גוט איז אָבער ווען דו קענסט וויינען. נאָך דעם רעגען־טרעהרען בעוויייזען זיך די ערשטע שטראַהלען פון דער געטליכער זון. די טרעהרען עפענען אַלע מאָל די טויערען פון הימעל. די טויערען פון די טרעהרען זעלבסט זענען אָבער ניט אַלע מאָל אָפען. פיעל מאָל ווילסטו וויינען — דו קענסט עס אָבער ניט. דיין מוח און דיין הארץ זענען מיט אַ שווערען בליי אָנגעגאָסען. עס שטיקט דיך, עס ווערגט דיך — דו קענסט ניט לויז ווערען. די משא פון גאָר דער וועלט ליגט אויף דיר. ווי קענסטו, עלענדער מענשעלע, מיט דיינע שוואַכע הענדלעך פון זיך די וועלט־משא אַראָפּ וואַרפען? אַלין וואָס איז אין דיר און אַרום דיר ווייזט דיר אויס אַזוי אונערטרעגליך, אַזוי אונענדליך פינסטער, עלענד און ליידענד. אַזוי גיהנם־שרעקליך, טרייסטלאָז און האָפנונגסלאָז...

אויב מעלאַנכאָליע איז אַ קרענק, דאַן דאַרף מען דאָס גאַנצע לעבען בעטראַכטען אַלס אַ קרענק. אויב דאָס לעבען איז אָבער געזונדהייט — דאַן איז אויך די מעלאַנכאָליע אַ געזונדער צושטאַנד. די מעלאַנכאָליע בעגלייט דאָס לעבען ווי אַ שאָטען. אין יעדער צייט פון לעבען קומט זי צו געהן און זינגט איהר אַ טרויריג לידעלע...

שטאַרקער און הילכיגער זענען אָבער די טרויער־טענער אין דער גאָלדענער יוגענד צייט. אין דער צייט איז זי אַודאַי ניט קיין „קרענק" נור אַ שטענדיגער, נאָרמאַלער צושטאַנד... זעהט, אָט שטעהט אין אַ גאָרטען אַ קאָמפּאַניע פון יונגע לייט. זיי פערברענגען, שפּילען, שטיפען, לאַכען. זיי פערהילכען דעם גאָרטען מיט זייערע יונגע קולות, מיט זייער געזונדען געלעכטער. אַלץ פייערט אין זיי און אַרום זיי. לעבען־לוסט ברענט אין זייערע יונגע בליקען, פרייד, פרישקייט און מונטערקייט, — אין יעדער קעהר, אין יעדער ווענדונג. זעהט ווי די זונען־שטראַהלען שפּילען אויף זייערע געזיכטער. ניט געזונצעלט זענען זייערע שטערנס. קיין וואָלקען־געדאַנק געהט זיי ניט איבער. פרייד און טרויער זענען אַנשטעקענד. זעהט ווי די יוגענד־פרייד פערשפּרייט זיך אַרום און אַרום. די גאַנצע אַטמאָספערע איז פול יוגענד און גליק און זילבער־קלאַנגען.

לאָזט אָבער ניט אָב אָט די יונגע, געזונדע, לוסטיג־פרעהליכע קאָמפּאַניע, געהט נאָך נאָך איינציגע פון זיי ווען עס דערעסט זיי שוין צו שפּיעלען און צו לאַכען.

זעהט אָט געהט זיך אַוועק איין יונגער מאַן, קעהרט אָב אין איין זייטיגע אַלעע. ער געהט זיך שטאַרק פערטראַכט, געהט איהם שנעל פערביי. ניט שטערט זיין געדאַנק. זיין געדאַנק איז אָבגרונדטיעף. האָפט נור אויף גיך זיין בליק — ער איז אונענדליך טרויעריג. זיין אויסזעהן — אַ פינסטערער שאָטען. דער גאַנצער מענש — די פערקערפּערונג פון וועלט־עלענד.

זעהט אָט געהט אָב אַ צווייטער יונגער מאַן פון דער קאָמפּאַניע. ער געהט מיט שנעלע טריט אַהיים. ער פערטראַכט זיך ניט. שטעלט זיך ערגיץ ניט אָב. ער לויפט גלייך אַהיים. קומט אַהיים און באַגעגענט זיין פאָטער און מוטער, ברידער און שוועסטער, מיט אַ יונג־פרעהליך פּנים, מיט אַ זיסען ליבליכען שמייכעל, פערשפּאַרט זיך אַליין אין אַ צימער, פאַלט אין בעט אַריין און בענעצט די קישען מיט הייסע טרעהרען...

און אָט גייט אָב אַ דריטער יונגער מאַן פֿון דער קאָמפּאַניע. איהם איז אַלץ איינס וואָהין צו געהן. ער גייט אייגענטליך ערגיץ ניט. ער בלאָנזשעט נור ארום. זיין אויסזעהן — א שווערער וואָלקען פֿאַר אַ דונער. אָט גייט ער אויף אַ באַרג נעבען מייך, קוקט לאַנג, לאַנג אין דער טיעף, גייט אראָב, בלאָנזשעט לאַנג אַרום ברעג, קוקט עפּעס משונה׳דיג אין וואַסער אַריין, דרעהט זיך אום, פֿערקעהרט זיך אין עפּעס אַ געסעל, גייט אריין אין עפּעס אַ שטוב, פֿערמאַכט די טהיר פֿון זיין ציממער, טרינקט עפּעס פֿון אַ פֿלעשעלע, און שרייבט אַ צעטעלע: „איך בעט קיינעם ניט שולדיג מאַכען אין מיין טויט"...

און אָט גייט אָב אַ פֿיערטער...

און אָט גייט אָב אַ פֿינפֿטער...

און אַזוי גייט יעדער אַהיים, יעדער מיט זיין טרויער, יעדער מיט זיין עלענד, יעדער מיט זיין שווערען געפֿיהל. די מיעפֿערע, די עדעלערע, די בעגאַבטע — שטאַרקער, ערנסטער און גרינדליכער. ביי די געוואָהנליכע יונגעלייט — אויבערפֿלעכליך, אויף אַ חילע, און זעהר לייכט. יעדער איז אָבער אין זיין אַליין זיין און אין זיין טיעפֿסטען אינערסטען ניט דאָס וואָס ער איז בשעת ער איז לוסטיג מיט אַ פֿרעהליכע קאָמפּאַניע פֿון גוטע ברידער.

איז דאָס דען געוועזען אַ קאָמפּאַניע פֿון „מעלאַנכאָליקער"? — איך קען פֿאַל ניט. איהר קענט גאַנץ אָפֿט אַ זעלכע קאָמפּאַניעס באַמערקען, אויב איהר האָט נור איין אויג. דאָס זענען גאָר קיין „מעלאַנכאָליקער" — דאָס זענען, איך און איהר און אַלע מענשען אין די יונגע יאָהרען בשעת עס פֿרעסט דער יוגענד-טרויער, בשעת די אויסערליכע לעבענדיגקייט, פֿרעהליכקייט און מונטערקייט פֿערדעקען דעם אינערליכען שרעק פֿאַר וועלט און לעבען, ניט אויסגעשפּראָכענע ליידען, פֿערשטיקטע טרערען.

פֿון וואַנען שטאַמט אָבער אָט דער יוגענד-טרויער? וואו איז זיין אורשפּרונג? ווי אַזוי קומט עס אין די בעסטע יאָהרען פֿון געזונד און פֿרייד און גליק, בעהאַלטענער טרויער און אומגליק? ווער גיסט עס אַריין סם-טראָפּענס אין דעם וויין-בעכער פֿון גרינעם לעבען?

מען קען עס ערקלערען רעאַליסטיש, לויט די אַלגעמיין בעקאַנטע געזעצען פֿון דער מענשענסעער פּסיכיק. מיך בעפֿרידיגט אָבער ניט אָט די ערקלערונג און איך זיך מיר איין ענטפֿער אויף אָט דער פֿראַגע אין די איבער-ערדישע אַנשויאונגען פֿון פּלאַטאָן...

צו ערשט די רעאַליסטישע ערקלערונג:

דער מענש איז נאָך יונג, אונערפֿאַהרען, נאַאיוו, שוין איז דאַן דער מענש און ריין אָהן אַ שטויב; אָבער — בעגרענצט. ער ווייס נאָך די וועלט ניט, ער האָט זי ערשט אָנגעהויבען זעהן מיט אַלע איהרע ליידען, שמוץ און זינד, און ער איז נשהומם געוואָרען. ער ווייס נאָך ניט אַז אַזוי דאַרף זיין, אַזוי מוז זיין און אַנדערש קען עס ניט זיין. עס דוכט זיך איהם, אַז די וועלט האָט יאָ אַנדערש געקענט זיין. ער, דער יונגער מענש, טראָגט אין זיך איין אַנדער וועלט: אַ וועלט פֿול גלויבען און פֿריידען און ליבע און האָפֿנונג און ריינהייט און שענהייט. ווען ער, דער

טרוימער דערזעהט פֿאַר זיך די וועלט ווי זי איז, די וועלט פֿון ווירקליכקייט, די וועלט פֿון אַרבייט און נויט און קאַמפּף אום ט'דאַזיין, קען ער זי נים בעגרייפֿען, און נים בעגרייפֿענדיג זי שיקט ער זי צו אַלדי שוואַרצע יאָהר. ער פֿערשטעהט נאָך נים, אַז די וועלט איז, אמת, האַרט און קאַלט און שווער, זי האָט אָבער אויך איהר ליכט און איהר רייכטהום און איהר שענהייט און איהר פּראַכט, וועלכע קענען ערוואָרבען ווערען, נים דורך טרוימען געוואָהנליך, נור דורכ'ן שטאַרקען, פֿעסטען ווילען, דורך פֿייערדיגער ענערגיע, דורך שטענדיגע, קלוגע און רעגעלמעסיגע טהעטיגקייט.

דער יונגער מענש האָט ערשט נים לאַנג די קינדהייט איבערגעלעבט. די קינדהייט איז אַ גרויסער, שענער און פּרעכטיגער בלומען-גאָרטען. פֿריי און פֿראַנק האָט אונזער יונגער מענש דאָרט אַרום געשפּאַצירט, בלומען געפֿליקט, קראַנצען געפֿלאָכטען און לידעלעך געזונגען. אמת זעהר פֿיעל דערנער זענען אָט אין דעם בלומען גאָרטען פֿאַראַן — די יוגענד געהט זיי אָבער פֿערביי אָדער זי מיידעט זי אוים זעהר געשיקט. דער מענש איז אָבער פֿון זיין קינדהייט גן-עדן. אַרויסגעטריבען געוואָרען. ער האָט פֿאַר זיך דאָס רעאַלע לעבען דערזעהן. דאָס רעאַלע לעבען איז שוין גאָר קיין גאָרטען נים, און אויב יאָ אַ גאָרטען איז נור ווי האַמלעט זאָגט „אַ גאָרטען וואָס איז מיט ווילדע, גיפֿטיגע גראָזען בעוואַקסען”, ער דערזעהט אַלזאָ פֿאַר זיך דעם קאַלטען, מעכטיגען און גרויזאַמען אמת פֿון לעבען, און ער ערשיינט פֿאַר איהם טויזענד מאָל שרעקליכער, האַרטער און קעלטער ווי ער איז. זים איז דאָס קינדהייט-שלאָף; שווער און שרעקליך איז דאָס ערוואַכען. דער מענש ערוואַכט און זעהט, אַז ער האָט נעבען אָפּגרונדען געדרעמעלט. טוידט-שרעק נעהמט איהם אָן, ער ווערט אונענדליך פֿערטרויערט, אָדער ער פֿערליהרט זיין גלייכגעוויכט און פֿאַלט אין איין אָבגרונד אַריין...

אָט דאָס איז די רעאַליסטישע ערקלעהרונג. זי בערוהיגט מיך אָבער נישט. אין איהר איז דאָ אַ טהייל אמת; זי איז אָבער נים דער גאַנצער אמת. זי ערקלעהרט פֿערשידענסטע ערשיינונגען פֿונ'ם יוגענד-טרויער; זי ערקלעהרט אָבער נים דעם יוגענד-טרויער זעלבסט. מיר קענען לייכט ערקלערען, רעאַליסטיש פֿאַר וואָס אָט דער און יענער יונגער מענש זיצט אַזוי פֿערטראַכט און פֿערטרויערט, חאָטש איהם פֿעהלט גאָר נישט. מיר קאָנען אָבער נים פֿערשטעהן, לויט דער רעאַליסטישער ערקלערונג, פֿאַר וואָס נעהמט זיך אַמאָל דאָס לעבען אַ געזונדער, נאָרמאַלער, פֿרעהליכער יונגער מאַן אָהן אַ שום סבה? אמת, אַז דעם בעגאַבטען טרוימערישען יונגען מענשען איז שווער צו געוואָהנען זיך צו דער פֿינסטערער ווירקליכקייט — דאָס איז דאָך אָבער פֿאָרט נישט מעהר ווי אַ פֿראַגע פֿון געוואָהנהייט, פֿון צופּאַסען זיך צו דער סביבה, פֿון פֿערגעסען בּיסלעכווייז די קינדער-חלומות און ווערען אויפֿריכטיגער, פּראַקטישער, קליגער. ווי קען אָבער אָט דאָס ברענגען צו זעלבסט-מאָרד?

איך לעג אַלזאָ פֿאַר דעם לעזער איין אַנדער ערקלעהרונג. ריכטיגער געזאָגט: די זעלבע ערקלעהרונג נאָר מעטאַפֿיזיש בעגרינדעט. ווי די ערשטע ערקלעהרונג אַזוי בעגרינדעט אויך די צווייטע ערקלעהרונג דעם יוגענד-טרויער אויף דעם שווערען איבערגאַנג פֿון דער טרוימען-וועלט צו דער רעאַלער וועלט. נאָר אין דער צייט וואָס דער רעאַליזם, ווען ער רעכענט זיך אפילו מיט

דער פאָעזיע און ער אַנערקענט איהר וויכטיגקייט און נויטווענדיגקייט, זעהט ער דאָך אין די יוגענד־טרוימען נור פאַנטאַזיע, קינדער־קאַפּריזען, ריינקייט און שענקייט, אָבער אויך אונערפאַהרונג און אונוויסען, אין דער זעלבער צייט בעטראַכט די מעטאַפיזיק (ווען מען זאָל זיך האַלטען בײַ די גרונד־יסודות פון פּלאַטאָן) די יוגענד־טרוימען און בכלל די טרוימען־וועלט ניט אַלס עטוואָס צײַטליכעס, פערבײַגעהענדעס און צופעליגעס, נור אדרבה, אַלס אַ שפּיגעל פון דעם הימעל, פון דער אייביגקייט, פון דער געטליכקייט. ניט די טרוימען־וועלט דאַרף אַלזאָ איהר אָרט אָפּטרעטען דער רעאַלער־וועלט, נור, אדרבה, ז.ז. די רעאַלע וועלט, דאַרף אין גאַנצען פערשווינדען ווען דער יונגער טרוימער איז זיינע שענסטע און ריינסטע טרוימען איבערגעגעבען...

לויט פּלאַטאָן איז די גאַנצע ווירקליכקייט נישט מעהר ווי אַ שיאַבער. דונקעלער אָבשײַן פון דער אייביגקייט. דער פּרט איז — ניכטס. דער מין איז — אלין, דער מין אָבער. אפילו ווי דו זעהסט איהם און בעגרײַפסט איהם אין שכל, איז ער נור די פערקערפערונג, ערנידערונג און פערערדיגונג פון דער רוחניות'דיגער, אייביגער, הימעל־שענער אידעע. אַלע מינים פון דער וועלט צוזאַמען גענומען זענען אַלזאָ נישט מעהר ווי אַ שאָטען פון דער הימעל־וועלט. פון דער אידעען־וועלט, די הויכע, רוחניות'דיגע אידעען־וועלט איז אָבער אויך ניט אַלין. איבער איהר איז נאָך דאָ דאָס געטליכע לעבען, געטליכע וועלטען, געטליכע אונגרייכבאַרע שענהייט אַנשויען. דאָס געטליכע לעבען, וועלטען און שענהייט קען דעם מענשענס נשמה נור זעהן ווען זי איז לויט איהר שורש, בעזונדערס הויך בעזונדערס גרויס און בעזונדערס שען, און ווען זי איז דער צו אין גאַנצען אויסגעטהון פון ערד־זאַכען, ערד־בעגריפען און ערד־חלומות. דעם מענשענס נשמה קען עס אַנשויען נור דאַן ווען זי פערלאָזט איהר ערדישען וואָהנינג און איהר גילט אָב אין גאַנצען אָפּטרייסלען פון זיך דעם שטויב פון דער ערד, אָדער ווען זי איז נאָך ניט אַראָבגעגאַנגען אויף דער ערד, ווען זי לעבט נאָך אין די הויכע ווײַטע הימלען אין זי איז לויט איהר שורש גענוג מעכטיג און גענוג האַרמאָניש אום צו קענען אַנשויען דאָס געטליכע לעבען, וועלטען און שענהייט.

ניט אַלע נשמות זענען גלײַך. אַלע נשמות ווילען אַנשויען די געטליכע שענהייט און פּראַכט. פאַראַן אָבער אַזעלכע נשמות וועלכע זענען ניט שטאַרק גענוג אום צו מיטמאַכען דעם שנעלען געלויף פון די געטער". זיי לויפען נאָך, האַלטען זיך מיט אַלע כח'ת אין די רײַטוועגען פון די געטער", בשעת די רײַטוועגען הייבען אָבער אָן שנעל פאָהרען ווערען זיי אָפּגעריסען, זינקען בליץ־שנעל אין דער נידער, פאַלען אויף דער ערד אַראָפּ, ניט געדענקענדיג כמעט גאָר נישט פון דעם וואָס זיי האָבען געזעהן אין די הויכע הימלען, פאַראַן שטאַרקערע נשמות וועלכע מאַכען דורך אַ שטיקעל וועג מיט די געטער, זעהען עטוואָס, פאַלען און זינקען. זיי געדענקען אָבער עטוואָס. פאַראַן נאָך נשמות; וועלכע זענען אַ היפּשען שטיק וועג נאָך די געטער נאָכגעלאָפען און זיי האָבען שוין פיעל געזעהן. פאַראַן אָבער אַזעלכע נשמות, וועלכע האָבען אַלין מיט די געטער דורכגעמאַכט, אַלין געזעהן, אויף די געטליכע רײַטוועגען געריטען, געקומען אין דעם איבער־הימלען

רוים, געזעהן דאָרט דעם אמת'ן אמת, דעם עבּט־געטליכען וועזען, די גרעסטע שענהייט, די העכסטע וועלט־האַרמאָניע...

און די נשמות זײַענדיג אויף דער ערד הערען זיי ניט אויף צו בענקען נאָך יענע שענהייט וועל־כע זיי האָבען אַמאָל געזעהען, יעדע נשמה לויט איהר קראַפט און לויט דאָס וואָס זי האָט גע־זעהן בשעת זי האָט אין די געטליכע אַטמאָספערע געלעבט.

און וואָס די נשמה האָט אַלץ מעהר געזעהן, וואָס שטאַרקער און מעכטיגער איהרע פליגלען זענען געווען, וואָס מעהר זי האָט מיט די געטער זייער איבּיגען וועג דורכגעמאַכט, אַלץ שטאַרקער און מעכטיגער איז איהר בענקשאַפט נאָך דער שענהייט וואָס איז ניט דאָ.

און וואָס גרעסער עס איז די בענקשאַפט נאָך דער שענהייט וואָס קען דאָ ניט דערגרייכט ווע־רען אַלץ שטאַרקער איז דער טרויער. אַלץ מעהר און מעהר רייסט עס דעם מענשען פון דער נידע־ריגער פינסטערער ערד צו יענע איבּערשטע וועלטען וואו די געטער רוהען „אין דעם רוים וואָס האָט ניט קיין פאַרב, קיין פאָרם און קיין מאַטעריע", וואו זיי מאַכען זייערע גאַסטמאָהלען, וואו די פערד פון זייערע מרכּבות עסען אַמבּראָזיע (געטליך־עסען) און טרינקען נעקטאַר (געטליך־געטראַנק), וואו די געטער מאַכען זייערע איבּיגע נסיעה אַהין, אַהין צו דעם העכסטען אמת, צו דער העכסטער גע־רעכטיגקייט און צו דער העכסטער ערקענטניס.

אַלע זאַכען וואָס דעם מענשענס נשמה בּעגרייפט און ערקענט אויף דער ערד זענען נור בּלייכע עראינערונגען פון דעם וואָס זי האָט אַמאָל געזעהן אין די הויכע הימעל־ספערען. בּלייכע עראינערונגען פון אַ זאַך, איז אָבער נישט די זאַך זעלבּסט. שוואַכע קאָפּיעס פון אַ זאַך איז ניט דער אָריגינאַל. די עראינערונגען בּערוהיגען אַלזאָ ניט דעם גאָטס־דורשטיגען מענשען, נור, אַדרבּה, זיי רייצען איהם אויף. וואָס מעהר דער מענש עראינערט זיך אָן דעם וואָס זיין נשמה האָט אַמאָל געזעהן, אַלץ מעהר ווערט איהם נמאס די ערד מיט איהר טומעל, מיט איהר הבל־הבלים, מיט איהרע שוואַכע, בּלייכע פאָרשטעלונגען, מיט איהרע קליינע, בּעגרענצטע בּעגריפען.

און האָטש פּלאַטאָן רעדט זעהר פיעל וועגען ערקענטניס און וועניג וועגען דעם מענשענס טרויער און בענקשאַפט, דאָך פאָלגט דער יוגענד־טרויער זעהר לאָגיש פון פּלאַטאָנס וועלט־אַנשויאונג.

דען ווי באַלד אַז דעם מענשענס נשמה פאַלט נור צופעליג אַראָפּ אויף דער ערד, און אײַדער זי איז געפאַלען האָט זי די פאָלקאָמענהייט געזעהן, דאַן האָט דער מענש באמת נור איין אויפגאַבּע אין זיין ערדיש לעבען: ער דאַרף נור שטרעבען אום צוקעהרען זיך צו דער פאָלקאָ־מענהייט פון וואַנען ער איז אַראָפּגענידערט און וואָס פריהער — אַלץ גלייכער...

און דאָס איז דער מעטאַפיזישער גרונד פונם יוגענד־טרויער. דער מענש איז ניט צופרידען מיט אַלעם דעם וואָס ער זעהט, וואָס ער הערט, וואָס ער געניסט, וואָס ער בּעגרייפט. זיין נשמה איז פול קלאַנגען פון דער הימעל־מוזיק און אַלע קולות פון דער ערד זענען איהם פּיינליך; זיין נשמה איז פול מיט איבּיגקייט און אַלץ וואָס ער זעהט אַרום זיך פערגעהט, פערשווינדעט, ווערט פערניכ־טעט; זיין נשמה איז איבּערפולט מיט דער אידעע פון אַבּזאָלוטע גערעכטיגקייט און ער זעהט אַרום

זיך — אומרעכט; זיין נשמה איז איבערפילט מיט דער אידעע פון אבזאָליוטע וואָרהייט און ער זעהט אַרום זיך פאַלשקייט און קרומקייט; זיין נשמה אַהנט די געטליכע האַרמאָניע און אַלץ וואָס ער זעהט אַרום זיך איז — דיסהאַרמאָניע. זיין נשמה אַהנט די געטליכע שענהייט און כמעט אַלץ וואָס ער זעהט אַרום זיך איז העסליך. דער מענש פיהלט זיך אויף דער ערד ווי אין איין פינסטערען קעלער פערשפאַרט און ער וויל די קעלער-טויערען צוברעכען אום די ליכטיגע געטליכע זון צו זעהן...

און נור „יוגענד-טרויער" איז עס, ניט „וועלט-שמערץ", ווייל אָט דער אַרט טרויער איז בעזונדערס שטאַרק נור אין די יונגע יאָהרען. מיט דער צייט געוואָהנט זיך דער מענש צום „קעלער" און ער פערגעסט זיך גאָר אַז עס איז דאָ אַ גרויסע ליכטיגע זון. די „נשמה-ערינערונגען". וועגען וועלכע עס רעדט פלאַטאָן, ווערען מיט דער צייט אַלץ מעהר און מעהר אָפגעשוואַכט. די נשמה פערגעסט איהר שורש; ווערט אַלץ מעהר פערליבט אין דער ערד מיט איהרע בעגריפען, די „הימעל-ערינערונגען" טרעטען אָב זייער אָרט די ערד-ערינערונגען.

דען אפילו אין די יונגסטע און אין די בעסטע יאָהרען האָט דער טרוימער נאָר אַהנונגען פון דער הימעל-וועלט. אַהנונגען איז אָבער אַ צו עדעלע מאַטעריע. ווי עס ריהרט זיי אָן אַ גראָבע האַנד ווערט פון זיי — ניכטס. דעם מענשען בעריהרען אָבער אויף שריט און טריט גראָבע הענד...

עדעלע, אונזיכטבאַרע פעדעמלעך פערבינדען די נשמה פון דעם בעגאַבטען יונגען מענשען צו די העכערע איבער-ערדישע וועלטען. אָט די פעדעמלעך ווערען אָבער איינציגווייז אָבגעריסען און דער מענש וואַנדערט עלענד אויף דער ערד אַרום ווי אַ בלעטעל פון ווינד געיאָגט...

די עכט-פלאַטאָנישע בענקשאַפט איז אַלזאָ מייסטענס נור אַ יוגענד-בענקשאַפט. מייסטענס איז זי נור דער יוגענד (געוואָהנליך: דער בעגאַבטער יוגענד) פערשטאַנדיג און נור זי, לעבט עס איבער

און מיר היינטיגע מענשען, מיר וועלכע אַנערקענען ניט די גאַנצע טערמינאָלאָגיע פון פלאַטאָן, מיר וועלכע דענקען אַז דאָס וואָס מען רופט אָן „הימעל" איז נור די וויטערע, העכערע און טיעפערע ענטוויקלונג פון דאָס וואָס מען רופט אָן „ערד". מיר וועלכע דענקען פון דער צווייטער זייט, אַז ווען עס קומט יאָ פאָר די בעריהרונג פון מענשען מיט העכערע וועלטען קומט עס פאָר דורך אַ וואונדער, דורך אַ בעזונדער צושטאַנד פון דעם גאַנצען מענשענס אָרגאַניזם (ניט נור פון „נשמה"). און דאָס וואָס עס דערפיעלט דאַן דעם מענשען איז ניט אַ בלויזע „אַנשויאונג" נור אַ זעהונג, עטוואָס וואָס ערשיטערט יערען גליעד, פערקיהלט דאָס בלוט און שטעלט די האָר קאַפויר (דאָסטאָיעווסקי'ס איבערלעבונגען און אין אַלטערטהום — „ורוח על פני יחלוף תסמר שערת בשרי")— ווי אַזוי קענען מיר בעגרינדען דעם יוגענד-טרויער אויף ריין פלאַטאָנישע יסודות?

מיין ענטפער אויף דעם איז: ניט די טערמינאָלאָגיע איז דאָ וויכטיג און זאָגאַר ניט ווי אַזוי מיר שטעלען זיך פאָר דעם אורשפרונג פון אונזער הימעלישע אַהנונגען. וויכטיג איז דאָ דער איין און איינציג פונקט: דער מענש איז פון אייביגקייט געקומען, אַהין שטרעבט ער און נאָך דעם בענקט ער. דער מענש האָט אין זיין טיעפסטען אינערען אַהנונגען פון אַלערליי „אבזאָליוטען" פון אַלערליי פאָלקאָמענהייטען און פון אַלערליי „האַרמאָניען". אַלץ וואָס ער זעהט אַרום זיך שטענדיג

איִז אָבּער — דער ה פ ך . דאָס וואַרפֿט איִהם אַרײַן איִן טיִעפֿסטען טרויער . וואָס דער מענש איִז בּע־גאַבּטער — אַלץ טיִעפֿער איִז זײַן טרויער . וואָס דער בּעגאַבּטער מענש איִז יונגער — אַלץ רײַנער און קלערער פֿיִהלט ער זײַן אורשפּרונג־אײבּיִגקײַט . ער האָט פֿאַר דעם קײן װ ו ע ר ט ע ר ניִט . ער האָט פֿאַר דעם קײן בּעגריִפֿען ניִט . ער האָט פֿאַר דעם מײַסטענס — בּ י ל ד ע ר . פֿיִעל מאָל (און דוקא פֿאַר דאָס ה ע כ ס ט ע און פֿאַר דאָס טיִעפֿסטע) האָט ער קײן בּיִלדער אויך ניִשט . ער זעהט נור עטוואָס וויִ דורך אַ געדיִכטען נעבּעל . ער פֿיִהלט אָבּער אַז ד אָ ר ט ע ן איִז דער ע י ק ר , און עס ציִהט איִהם און עס רײַסט איִהם מיִט אַ מוֹראָ׳דיִגען געוואַלד אַ ה י ן , אַ ה י ן . . .

---

III.

## דאס בּעוואוסטזיין פֿון זינד.

יעדער פֿיִעל־וועניִג בּעגאַבּטער און עדעלער יונגער מענש לײַדט אָהן אַ שעור פֿון דעם בּעוואוסט־זײַן , אַז ער איִז ז י נ ד י ג , אַז ער איִז מ א ו ס . אַז ער טהוט דאָס וואָס ער האָט נ י ט געדאַרפֿט טהון לויט זײַנע גוטע און רײַנע שטרעבּונגען און לויט זײַן רײַכע , שענע איִנערליִכע וועלט . פֿון אײן זײַט פֿיִהלט ער איִן זיִך דעם בּעסטען ו ו י ל ע ן , און פֿון דער צווײטער זײַט — מאוסע , ניִט־וויִלענדיִגע פֿאָרשטעלונגען און געדאַנקען (הרהורים רעים) . ער פֿיִהלט אַז זײַן נשמה איִז היִמעל־קלאָהר , אַז זיִ שטרעבּט נור צו שענהײַט , צו קריִסטאַל־רײנהײַט , און דאָך איִז זיִ איִן טיִעפֿסטען ש מ ו ץ פֿערזונקען . איִן דעם מאָמענט פֿון „יוגענד־טרויער" בּעטראַכט דער יונגער מענש זײַן א י נ ע ר ל י כ ע וועלט אַלס אַ קאָנטראַסט צו דער א ו י ס ע ר ל י כ ע וועלט ; איִן דעם מאָמענט פֿון „זיִנד־בּעוואוסטזײַן" בּעטראַכט אָבּער דער יונגער מענש זײַן איִנערליִכע ר ײ נ ע וועלט אַלס אַ קאָנטראַסט צו ז י ך ז ע ל ב ס ט , צו דעם זיִנד איִן וועלכען ע ר איִז פֿערזונקען , צו אַלערלײַ העסליִכקײַטען , קלײנליִכקײַטען און דומהײַ־טען וועלכע ער טהוט זעלבּסט אָפּ טאָג טעגליִך .

בּעזונדערס הויבּט זיִך אָן אָט דאָס שווערע בּעוואוסטזײַן פֿון דער צײַט אָן וואָס דער יונגער מענש הויבּט אָן לעבּען זײַן געשלעכטס־לעבּען . אײנער פֿון צעהן־טויזענט נעהט אַרויס פֿון אָט דעם יוגענד־פּעריאָד איִן ג אַ נ צ ע ן רײן . דיִ איִבּריִגע — ווערען וויִלענדיִג ניִט וויִלענדיִג פֿערשמוצט מעהר אָדער וועניִגער . און דער בּעגאַבּטער און רײַנער יונגער מענש קען בּאמת אָט דעם שמוץ ניִט אַריִבּער טראָגען . עס העלפֿט ניִט דיִ ה ס כ מ ה פֿון דער וועלט אַז אַזוי מוז מען לעבּען ; און אַנדערש קען מען ניִט לעבּען , עס העלפֿט ניִט דאָס אויסערליִכע ר י ה מ ע ן ז י ך מיִט דער „בּריה׳שאַפֿט" דורך וועלכער אַלערלײַ שמוציִגע זאַכען ווערען אָפּגעטהון , עס העלפֿט אויך ניִשט דיִ חבר׳שאַפֿט און דיִ קאָמפּאַניע פֿון לצים און לעבּע־יונגען , עס העלפֿען אויך ניִט אַלערלײַ טעאָריעס פֿון אַלערלײַ דאָקטוי־ריִם וועגען דיִ שעדליִכקײַט פֿון אײַנהאַלטען זיִך , עס העלפֿען אויך ניִשט דאָס וואָס אַלערלײַ פּאָעטען־

הומאָריסטען הערען ניט אויף אויסצולאַכען די צניעות, עס העלפֿט אויך נישט דאָס וואָס די קונסט פֿון די לעצטע יאָהרען פֿערהייליגט כמעט דאָס הפקר־לעבען, עס העלפֿען אויך נישט אַלערלײַ פֿילאָזאָפֿיש־פּאָעטישע טעאָריעס פֿון „פֿרײַע ליבע", עס העלפֿט אויך נישט די אַלט־נײַע טעאָריע פֿון „סאַנין". די אַלע זאַכען העלפֿען נור אויסערליך. אָבער ניט טיעף־אינערליך. זיי בערוהיגען נור מאָמענטען־ווײַז און פֿאַר לײַטען — זיי בערוהיגען אָבער ניט די געוויסען און יענע שטילע מינוטען ווען דער מענש איז מיט זיך און נור מיט זיך, ווען ער רעדט מיט זײַן נשמה — דאַן דערהערט ער די שטימע פֿונ׳ם גאָט וואָס איז אין זײַן האַרצען: ניין! מען טאָר אַזוי נישט לעבען. מאוס אַזוי צו לעבען. אַ זינד אַזוי צו לעבען...

און דער יונגער מענש געהט ווײַטער אין זײַן וועג, גוטע ברידער רופֿען, מען קען פֿון „חברה" ניט אָפּשטיין „עס איז מאוס" „מען וועט לאַכען" „מען וועט רופֿען: טרוס!" „מען וועט רופֿען: „צבוע" „מען וועט רופֿען: „נאַרבעלע" — עס פֿערגעסט דער יונגער מענש די שטימע פֿון זײַן גאָט און זינקט ווידער אין שמוץ. אינערליך, טיעף אין האַרצען הערט אָבער דער וואָרים ניט אויף צו טאָטשען. דאָס בעוואוסטזײַן פֿון זינד און שמוץ פֿערגיפֿטעט דאָס לעבען, נעהמט אָב יעדע אמתע פֿרייד, צושטערט יעדע גליקליכע מינוט, רויבט יעדע רוהע.

דערמאָהנט אײַך ווי פּאָזדנישעוו (אין „קרײַצעראָווא סאָנאַטאַ") רעדט וועגען זײַנע יונגע יאָהרען, יונגע חברות און יונגע חטאים. מען קען אײַנשטימען מיט די לעצטע מסקנות פֿון טאָלסטאָי אין זײַן „קרײַצעראָווא סאָנאַטאַ" — מען קען דאָך אָבער ניט אָפּ לײַקענען דעם שרעקליכען רעאַליזם פֿון פּאָזדנישעוו׳ס ערצעהלונג וועגען זײַנע יונגע יאָהרען...

און פּאָזדנישעוו איז דאָך אויך נישט מעהר ווי אַ געוואָהנליכער רײַנער מענש וועלכען די „חברה" מאַכט אומרײַן און בעשמוצט — דאָס לעבען פֿון אַ שטאַרק בעגאַבטען יונגען מענשען איז אָבער פֿיעל טראַגישער. זײַן לעבען ווערט פֿון דער צײַט אָן וואָס ער פֿאַלט אַרײַן אין זינד אַ רײַן אמת׳ר גיהנם. עס ברענט אין איהם דער גיהנם פֿון תאוה; נאָך שטאַרקער ברענט אין איהם אָבער דער גיהנם פֿון חרטה, עקעל, צאָרן אויף זיך זעלבסט, טיעפֿע, אינערליכע שנאה צו דעם וואָס ער האָט אויסערליך ליעב...

און אַזוי ווערט דער עלענדער יונגער מענש אַרום געשלײַדערט פֿון גיהנם צו גיהנם. פֿון תאוה — צו זינד, פֿון זינד — צו חרטה. פֿון חרטה — צו עקעל. פֿון עקעל — צו מרה שחורה. פֿון מרה שחורה — ווידער צום זינד און ווידער חרטה און ווידער פֿײַן אָהן אַ שעור.

און איהר דאַרפֿט עס גוט געדענקען: דאָ רעדט זיך ניט דוקא וועגען גראָבע און געמיינע און אומרײַנע מעשים נור אויך וועגען אומרײַנע מחשבות און גראָבע נײַגונגען. ניט ווילענדיג קומען צום יונגען מענשען אָט די ניט געבעטענע געסט און ער קען פֿון זיי ניט פּטור ווערען. „טעאָרעטיש" האָט ער אפשר געגען זיי גאָר נישט, — זײַן רײַנהײַטס־געפֿיהל איז אָבער אין גאַנצען געגען זיי. ער פֿיהלט אַז שרצים טמאים קריכען אַרײַן אין דעם קודש־קדשים פֿון זײַן נשמה...

בײַ אונזערע חסידים פֿלעגט עס אַמאָל אָט דער אינערליכער קאַמפּף אָפּנעהמען אַ שטיק לעבען. יעדער ערהרליכער חסיד פֿלעגט אַ האַלב לעבען אָפּגעבען אויף צו מתקן זײַן „חטאות נעורים",

וועלכע זענען בעשטאַנען מײַסטענס פֿון ניט ווילענדיק גראָבע פֿאָרשטעלונגען. און אומגעהערענע חטאים. פֿיל חסידים פֿלעגן דורך דעם אַרײַן פֿאַלן אין דער טיפֿסטער מרה שחורה. די רבּיים פֿלעגן זיך מיט אַלע כּחות בעמיהען אויפֿצוהייבן זיי, ריין מאַכן זיי, טרייסטן זיי, געבן זיי טרייסט און האָפֿנונג. ניט אַלע מאָל פֿלעגט אָבער זייער אַרבעט האָבן ערפֿאָלג: בײַ פֿיל חסידים פֿלעגט די מרה שחורה פֿון „חטאת נעורים" דערגרייכן ביז ניט וועלן לעבן (זעה די מערקווירדיגע בריוו פֿון רבּי נתן שטערנהאַרץ צו זײַן זוהן אין דעם ספר עלים לתרופה").

און אַזאַ מין ה ס י ד האָט איהר אין דעם גענייאַלען יונגן אידען אַטאַ ווײַניגער, וועלכער ניט קענענדיג א מ ת ע און ג ר ו י ס ע אידען, וועהענדיג אַרום זיך נור סוחרים־שפּעקוליאַנטען, זעלבסט־צופֿרידענע בעלי־בתּים'לעך און צובראָכענע אינטעליגענטלעך, האָט ער זײַן פֿאָלק געהאַסט און ניט וויסענדיג גאָר ניטשט פֿון יודענטהום, ניט זײַענדיג בעקאַנט מיט דער אידישער קבלה און מיט חסידות האָט ער זײַן גאָטס־דורשט אין קריסטענטהום געמיינט שטילן און זײַענדיג אין זײַן טיפֿסטן אינער־סטען אויסערגעוועהנליך ריין און הייליג און לעבענדיג ווי אַלע מאָדערנע יונג־לײַט, נ י ט ריין און נ י ט הייליג, זײַענדיג פֿערפֿאָלגט און פֿעריאָגט פֿון געמיינע און ניט ריינע פֿאָרשטעלונגען האָט ער זײַן גאַנצען צאָרן (אין זײַן בוך „געשלעכט און חאַראַקטער") אויף פֿ ר ו י ע ן אויסגעגאָסען און דאָס האָט איהם אַלץ ניט בעפֿרידיגט ביז ער האָט זיך דאָס לעבן גענומען...

אַט די געוואַלדיגע לײַדען פֿון דער יונגער, שענער, ריינער נשמה וועלכע קען ניט אַריבער טראָגען דאָס אומריינע געשלעכטליכע לעבען אין וועלכע זי זינקט און די אומריינע געשלעכטליכע פֿאָרשטעלונגען וועלכע פֿערפֿאָלגען זי און פּײַניגען זי האָבען אויך אײניגע אידישע יונגע דיכטער גע־פּרובט שילדערן, ווי צום בײַשפּיעל אשר בײַלין אין דעם ספּור „הלילה הראשון" (ספרות, קובץ שני), ז. שניאור אין זײַן טיעף־פּסיכאָלאָגישען ווערק „א טוידט" (זעה קאַפּיטעל אַכט) און בעזונדערס י. ח. בּרענר אין זײַן ערצעהלונג „בימות החמה" (כתבי י"ח ברנר — חלק ראשון). אַט דער לעצטער שילדערט שוין גאָר ניט דאָס ניט ריינע לעבען נאָר די ניט ריינע ג ע ד אַ נ ק ע ן, און זײַן העלד לײַדט פֿון זײַנע ניט ריינע ג ע ד אַ נ ק ע ן לאַנג ערך מעהר ווי עס לײַדען די העלדען פֿון די ערשטע פֿון זייערע ניט ריינע מ ע ש י ם...

און ניט דוקא פֿון געשלעכטס־חטאים לײַדען בעגאַבטע יונגע מענשען נור פֿון אַלערליי חטאים געגען דער אינערליכער ריינהײַט און גאַנצקײַט און פֿון אַלערליי ניט שענע געדאַנקען. וואָס דעם יונ־גען מענשענס נשמה איז טיפֿער שטאַרקער אַלץ אין איהר דאָס בעוואוסטזײַן פֿון זינד, אַלץ מעהר פֿיהלט זי זיך פֿערזונקען אין בלאָטע, און אַלץ שטאַרקער שרײַט זי צו איהר גאָט: ראַטעווע מיך!

ווי אַ דונער פֿון הימעל פֿאַלט „דער ערשטער זינד" אויפֿ'ן יונגען מענשענס קאָפּ. ער ווייס נעבּיך אַליין ניט פֿון וואַנען און פֿון וואָס. און עס ציהען אָן פֿינסטערע חמאַרעס און עס געהט אַ שלאַקס־רעגען און דער עלענדער מענש ווייס ניט וואו אַהין צו טהון זיך...

און גאָטס ליכטיגע זון בעהאַלט זיך אויף אַ לאַנגע צײַט און דער יונגער מענש געהט אויס נאָך איהר, זוכט זי מיט די לעצטע קרעפֿטען, געהט באַרג און טהאָל, אויף שטעגען און וועגען —

זי באַווייזט זיך אָבער ניט!

און עס פֿערפֿלייצען דעם יונגען מענשען זיינע זינד און זיין איינציגער צופֿלוכטס-אָרט איז זיין איינזאַמקייט און אין זיין שרעקליכער איינזאַמקייט רופֿט ער צו גאָט. גאָט ענטפֿערט אָבער ניט!

און ער וואָלט זיך וועלען ווענדען צו קלוגע לייט, עצות פֿרעגען ביי זיי, אַ וועג געפֿינען — זיין אינערליכער שאָם דערלאָזט עס אָבער ניט. איהם בלייבט נור איינס צו טהון ווען ער פֿיהלט זיך בעזונדערס פֿערשמוצט: די האָר פֿון קאָפּ רייסען; דעם קאָפּ אָן וואַנד שלאָגען, שילטען דעם טאָג פֿון זיין געבוירען...

און ווען ער ווינדעט איבער אין זיך זיין שאָם און ער געהט צו קלוגע לייט עצות פֿרעגען ענטפֿערט מען איהם מיט אַ קאַלטען, ציניש(ען) שמייכעל...

און עס פֿיהלט דאַן די יונגע נשמה אַז זי האָט ניט קיין שוטץ און קיין הילף ניט אויפֿן הימעל און ניט אויף דער ערד און אַ טויט-קעלט נעהמט זי דורך!...

---

## IV.

# ליעבע-שמערץ.

געוועהנליך מישט מען צונויף געשלעכטס-לעבען מיט ליעבע. פֿרעגט אַ געוועהנליכען לעבע-מענשען: דו האָסט יעמאַנד געליעבט אויף דיין לעבען? — „אָ! מיינע געליעבטע זענען מעהר ווי די האָהר אויף מיין קאָפּ".

ווערט אָבער ניט נתפעל דערפֿון. ער, דער דאָן-זשואַן אַיערער, ווייס על פּי רוב גאָר ניט וואָס ליעבע בעדייט, און ווען ער זאָגט „געליעבטע" מיינט ער נאָר ליידענשאַפֿטליכע אָדער געפֿאַלענע פֿרויען מיט וועלכע ער פֿיהרט אַוואַנטורעס. ער האָט אָבער קיין איינע פֿון זיי ניט געליעבט...

„צו ליעבע, זאָגט דוד פֿרישמאַן — דאַרף מען האָבען טאַלאַנט. טאַלאַנט האָט אָבער איינער פֿון צעהנטויזענד". מענשען פֿון אמת'ע ליעבע זענען אויך נישט מעהר.

דוד פֿרישמאַן האָט ליעב אויסדריקען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע אין דער וועלט מיט'ן וואָרט. איך וואָלט אָבער ליבער דעם זעלבען געדאַנק אַזוי אויסגעדריקט: צו ליבע דאַרף מען האָבען הייליגקייט אין הארצען און אַ געטליך-פֿייער. אָט די הייליגקייט און אָט דער פֿייער איז נור צו איינעם פֿון צעהנטויזענד געגעבען, די אַלע איבעריגע פֿלאַפּלען נאָר וועגען ליעבע אָדער זיי נעהמען אָן יעדער מאָמענטאַלע ליידענשאַפֿט פֿאַר ליעבע.

איך שטעה אין דער פֿראַגע פֿון ליעבע אין גאַנצען אויף דעם שטאַנד-פּונקט פֿון אַלטערטהום: די ליעבע איז אַ הייליגטהום. מיט דעם אַליין וואָס דער מענש ליעבט אין איז ער לאַן ערך העכער, שענער, פֿיינער פֿון אַלע אַנדערע. עס מאַכט גאָר ניט אויס צו די געליעבטע פֿרויען

האָט פֿערדינט געליִבט צו ווערען אָדער ניט, ניט דער אָביעקט איז דאָ וויכטיג, נאָר דער סוביעקט. וויכטיג איז דאָ דאָס וואָס אַ מענש קען עטוואָס פֿערגעטערען, זעהן אין אַ זאַך פֿאָלקאָמענהייט, שענהייט. האַרמאָניע, פֿערציִטערט ווערען און אויפֿפֿלאַמען דערזעהנדיג עס און אויסגעהן נאָך דעם. עס קען זעהר געבען, אַז ער איִהרט זיך איִן גאַנצען, אַז דער אָביעקט פֿון ליִבע איִז גאָר ניִט שען, ניִט פֿאָלקאָמען און ניִט האַרמאָניִש. עס קען בכלל געבען, אַז ס'איִז אונמעגליִך צו געפֿיִנען אַ מענשען וועלכער זאָל זיַין די פּערזאָניִפֿיִציִרטע פֿאָלקאָמענהייט. שטענדיג מוז דער מענש עטוואָס אונפֿאָלקאָמענעס איִן זיִך האָבען, וואָס מאַכט עס אויס? — דער ליִעבהאָבער טראָגט איִן זיִך די איִדעען פֿון שענהייט. האַרמאָניע און פֿאָלקאָמענהייט, און אַלס עטוואָס אָהן אַ שעור טייערעס, הייליִגעס און ליִעבעס, זאָנסט וואָלט ער נאָך דעם ניִט געבענקט אַזוי, ניִט געזוכט עס אַזוי איִן דעם צווייטען, ניִט געפֿרעהט זיך אַזוי ווען ער גלויבט אַז ער האָט עס געפֿונען איִן דעם צווייטען, ניִט אויסגעגאַנגען אַזוי נאָך אָט יענעם צווייטען, ניִט געאָפּפֿערט זיין לעבען איִהם און נור איִהם.

מען קען מיִך מיִט רעכט פֿרעגען: בענקען בענקט מען דאָך נור נאָך דאָס וואָס ס'פֿעהלט, ווען אַ מענש בעזיִצט עטוואָס האָט ער דאָך שוין ניִט וואָס צו בענקען נאָך דעם. ווען אַ מענש בענקט אַלזאָ אַזוי שטאַרק נאָך שענהייט, האַרמאָניע און פֿאָלקאָמענהייט איִז עס דאָך אַ בעווייז, דאָס אָט דער מענש פֿערמאָגט איִן זיִך ניִט אָט די אַלע זאַכען? ווי אַזוי זשע קען אַזאַ מענש אַ חלק האָבען איִן געטליִכקייט?

מיין ענטפֿער אויף דעם איִז: די העכסטע שענהייט, די העכסטע האַרמאָניע און די העכסטע פֿאָלקאָמענהייט זענען נור ביי גאָט. בענקען אַלזאָ נאָך אָט די זאַכען מוז מען. איין טראָפּען פֿון ים איִז נאָך קיין ים ניִשט. איין שטראַהל פֿון זון איִזט נאָך קיין זון ניִשט. ווי שען, האַרמאָניִש און פֿאָלקאָמען דער מענש זאָל ניִט זיין איִז ער דאָך ניִשט מעהר ווי אַ ים־טראָפּען, ווי אַ זונען־שטראַהל. אַלע טייכען געהן צום ים. אַלע שטראַהלען קעהרען זיִך אום צום זון, דער מענש איִז פֿון געטליִכקייט געקומען און ער שטרעבט צוריִק קעהרען אַהיִן. איִהם מוז אַלזאָ פֿעהלען. ער מוז אַלזאָ בענקען, דער הלוק צווישען דעם בענקענדען און ניִט בענקענדען איִז אָבער איִן דעם: דער בענקענדער האָבענדיג איִן זיִך עטוואָס פֿון גאָטהייט, האָבענדיג איין אַהנונג פֿון איִהר, בענקט ער נאָך איִהר; דער ניִט־בענקענדער ניִט האָבענדיג איִן זיִך גאָר ניִשט פֿון געטליִכקייט (אָדער דאָס געטליִכע איִז איִן איִהם איִן גאַנצען פֿערשלאָפֿען) ווייס ער ניִט אַז איִהם פֿעהלט אַלץ...

אויב עס גיִבט אַלזאָ יאָ מענשען אויף דער וועלט וועלכע האָבען אַ חלק איִן געטליִכקייט זענען דאָס נאָר די בענקענדע, די זוכענדע, די דורשטיִגע.

נור די פֿערקערפֿערונג פֿון אָט דער בענקשאַפֿט איִז ניִט ביי אַלעמען גלייך. ניִט אַלע נשמות זענען פֿון איין און די זעלבע וועלטען געקומען. ניִט אַלע מוזען די איין און די זעלבע וועגען געהן. ניִט ביי אַלעמען דריִקט זיִך אַלזאָ די בענקשאַפֿט אויס איִן איין פֿאָרם. ביי איינעם דריִקט זי זיִך אויס איִן ליִבע צו דער אַבסטראַקטער גאָטהייט; ביי צווייטען—איִן ליִבע צו אמת, צו יושר; ביי דריִטען—

און ליבע צו הייליקייט, צו ריינקייט; ביין פּיערטען — און ליעבע צו אַבסטראַקטער שענהייט. ביין פינפטען -- און ליעבע צו פֿערקערפּערטער שענהייט. דאַביי נעהמט אָט די לעצטע ליעבע אויך אָן פֿערשיעדענע פֿאָרמען: אין פֿאָרם פֿון מאָהלען, שניצען, בויען א. ז. וו.; אין פֿאָרם פֿון פֿערגעטערען אַ פֿריינד (אין אַלטערטהום האָבען מענשען געוואוסט פֿון אַזאַ פֿריינדשאַפֿט וועלכע איז שטאַרקער פֿון פֿרויען־ליעבע „נפלאתה לי אהבתך מאהבת נשים". אין די לעצטע צייטען האָבען אויך געוואוסט פֿון אַזאַ פֿייערדיגע פֿריינדשאַפֿט פֿרידריך ניטשע בשעת ער האָט נאָך וואַגנער'ן ליעב געהאַט און לויט מיין מיינונג אויך אָסקאַר ווילדע). און אַם ענדע אין פֿאָרם פֿון פֿערגעטערען אַ געוויסע פֿרוי.

די פֿרויען־ליעבע איז אויב זי איז נור ווירקליך ליעבע, אויב זי איז ווירקליך די ערשיינונג פֿון עראָס וועלכע עס האָבען אַזוי טיעף בעגריפֿען עסכילוס, סאָפֿאָקלוס. עמפּידאָקלוס, פּלאַטאָן, און מאָמענטען־וויז אויך שעקספּיר, געטהע, שילער, היינע וכדומה, אָט די פֿרויען־ליעבע, איז אין מיינע אויגען ניט אַנדערש ווי איין געוויסער פֿאָרם פֿון דעם מענשענס בענקשאַפֿט נאָך גאָטהייט...

און ווען אָט די בענקשאַפֿט דערגעהט צו איהר העכסטע שטופֿע. ווען אַ מענש דערגעהט אין זיין ליעבע מאַקי ביז כליון־הנפש. דאַן ווערט ער שוין פֿיעל מעהר ווי אַ בענקענדער נאָך די געטליכע שענהייט, דען עס הויבט זיך שוין אָן ברעכען פֿאַר איהם די אייזערנע וואַנד וואָס פֿער־שטעלט פֿאַר'ן מענשען דעם אמת פֿון „יענער זייט"...

ניט אומזיסט גלויבען פֿיעל מאַהמעדאַנער דאָס ווען אַ מענש שטאַרבט פֿון ליעבע עפֿענען זיך פֿאַר איהם גלייך די טויערען פֿון גן־עדן...

און עס איז נאַר צו בעדויערען וואָס טאָלסטאָי, וועלכער בעגרייפֿט אַזוי גוט די ליעבע צו גאָט און די ליעבע צו מענשען זעהט אין פֿרויען־ליעבע נאַר דאָס וואָס לייט רופֿען אָן „ליעבע" און קען נענדיג צו גוט אָט יענע ליעבע, וויסענדיג איהר פֿערדאָרבענקייט, געמיינהייט, אַבזריות, פֿאַלשקייט און צביעות בעפֿאַלט ער די ליעבע צו פֿרויען בכלל.

טאָלסטאָי וויים ניט, אַז אויסער דער ליעבע פֿון פֿערשיעדענסטע אַריסטאָקראַטען, לעבע־יונגען און פֿאַנטאַסטען איז דאָ נאָך די ליעבע, וועלכע איז אַזוי אויסגעלאַכט פֿון אַלעמען און אַזוי פֿער־קריטט געוואָרען און פֿערדרעהט געוואָרען פֿון אַלעמען, און דאָך איז זי דאָס טיעפֿסטע; און דאָס שענסטע וואָס אַ מענש קען אין זיך פֿערמאָגען, — „פּלאַטאָנישע ליעבע"...

מענשען לאַכען אויס אָט די „פּלאַטאָנישע ליעבע" אָדער ווייל זיי ווייסען נור דעם נאָמען פֿון איהר און זיי האָבען פּלאַטאָנס ווערק קיינמאָל אין די אויגען ניט געזעהן אָדער זיי האָבען געזעהן פּלאַטאָנס ווערק, נור זיי האָבען ניט געפֿונען פֿאַר נויטיג צו פֿערטיעפֿען זיך אין זיי, אָדער זיי איז בכלל פֿרעמד דער גאַנצער ענין פֿון גאָטהייט, אייביגקייט און אייביגע געטליכע שענהייט...

אַזאַ גאָט־דאָרשטיגער מענש ווי טאָלסטאָי האָט זיך געדאַרפֿט אָבער אַנדערש פֿערהאַלטען צו דער „פּלאַטאָנישער ליעבע". ער האָט געדאַרפֿט וויסען אַז אַזאַ ליעבע עקזיסטירט, און אין

איהר טיעפסטען מעטאַפיזישען וועזען איז זי דאָס זעלבע וואָס ליעבע צו דער גאָטהייט. אָט אַזוי שרייבט פּלאַטאָן אַרום זיין ליעבע:

„דער מענש אין וועלכען עס לעבט ניט די ערִינערונג וועגען גאָטהייט אָדער אָט די ערִינע־רונג איז ביי איהם פֿערדונקעלט געוואָרען, האָט קיין אמת'ן חשק ניט צו דער שענהייט חאָטש ער זעהט זי; אָהן ערפֿורכט געהט ער צו צו איהר; ער שעמט זיך ניט קוקען אויף איהר זייענדיג איבער־פֿולט פֿון ווילדע ליידענשאַפֿטען און זינליכע ווינשען. דער אָבער וועלכער טראָגט אין זיך די גאָטהייט און ער האָט זי פֿריהער פֿאַר'ן אַראָפּ נידערען אויף דער ערד אָנגעשויט, ווען ער באַגעגענט אַ גאָטס־עהנליכען פּנים אָדער אַ קערפּערליכען פֿאָרם וועלכער פֿערווירקליכט מיט זיך דעם אידעאַל פֿון שענהייט, קומט ער אין עקסטאַז אַריין און אַ שרעק נעהמט איהם אָן ווי אין יענע צייטען ווען ער האָט אָנגעשויט די געטליכקייט; ער זינקט נידער פֿאַר זיי, קוקט אויף זיי ווי אויף געטער. און שרעקט זיך ניט אָב פֿאַר וואהנזין און פֿאַר אָבצוגעבען דאָס לעבען דעם געליבטען אַלץ איינס ווי גאָט אַליין. אָנשויענדיג די שענהייט לויפֿט דורך אַ שוידער איבער זיין גאַנצען קערפּער מיט אַן'אונגעהויערען קראַפֿט. אויפֿנעהמענדיג מיט די אויגען די שענהייט פֿיהלט ער נאָכהער אַ פֿלאַם פֿייער אין זיין ברוסט און די פֿליגלען פֿון זיין נשמה וואַקסען ווידער אָב. דאַן צוגעהט דער חומר, וועלכער האָט זיינע פֿליגלען צוגעשמידט און ניט דערלאָזען זיי פֿליהען; די פֿליגלען שפּרייטען זיך פֿריי פֿונאַנדער און די נשמה פֿליהט אויף זי, דען זי האָט פֿריהער אויך געהאַט פֿליגלען (פּלאַטאָן — „פֿעדר“).

אָט אַזוי בעטראַכט פּלאַטאָן די ליעבע. פֿאַר דעם וואָס פֿערטיעפֿט זיך לעזענדיג און פֿיהלט דאָס וואָס ער לעזט איז קלאָהר, אַז ניט דאָס „ניט אָנריהרען“ איז דאָ וויכטיג און די קאַלטע אַבסטראַקציע דער „פּלאַטאָנישער ליעבע“, נור דער ערפֿורכט פֿאַר דאָס געטליכע וואָס איז דאָ אין יעדע שענהייט, דער פֿייער וואָס שענהייט צינדט אָן, דער גרויסער וואהנזין, די מסירות־נפש, „דער שוידער וואָס געהט דורך איבער'ן גאַנצען קערפּער“, די נייע פֿליגלען וואָס די נשמה ערוואַרבט דאַן.

די „פּלאַטאָנישע ליעבע“ איז אַלזאָ ניט ווי מען איז געוואָהנט צו דענקען נור אַ מוח־אַרבייט, נור, אדרבה, עטוואָס וואָס שיטערט אויף דעם גאַנצען קערפּער, וואַרפֿט איהם אין היץ און אין קעלט, ברייננט איהם צו זעלבסט־פֿערגעסען, צו די גרעסטע קרבנות. דער חלוק פֿון אָט דער פּלאַ־טאָנישער ליעבע ביז אָט דעם צושטאַנד וואָס מען רופֿט געוועהנליך ליעבע איז נור אין דעם: די געוועהנליכע ליעבע זעהט נור בלוט און פֿלייש און מאָמענטאַליען רייץ אין דער קערפּער ווערט נור אויפֿגערעגט; פּלאַטאָנס ליעבע זעהט אָבער דאָס אייביג־שענע, אייביג־געטליכע וואָס איז דאָ אין דעם שענעם קערפּער, און אָט דאָס פֿערענדערט דעם גאַנצען מהות פֿון דעם מענשען. די געוועהנליכע ליבע פֿאָדערט בעפֿרידיגונג; די פּלאַטאָנישע ליעבע זאָגט אָבער: פֿערגעה! פֿאַל פֿאַר דיין גאָט! פֿלאַם אויף אַלס קרבן!

און נור אָט די ליעבע רעכען איך פֿאַר איין אמתע ליעבע און נור אָט די טיעפֿע און אמת'ע ליעבע ברייננט דעם בעגאַבטען יונגען מענשען אונגעהויערע יסורים.

פֿון דער געוועהנליכער ליבע האט ער בעזונדער גרויסע יסורים. וועגען יענע יסורים האב איך פריהער גערעדט. יענע יסורים געהן ביי מיר אריין אין דער קאטעגאריע „בעוואוסטזיין פֿון זינד". גע־וועהנליכע יונגע־מענשען האבען מעהר נישט ווי יענע יסורים, און אויך אין א קלענער מאס. אויסערגעוועהנליכע יונגע לייט האבען אבער אויסער יענע יסורים, וועלכע זענען ביי זיי אין א גרויסער מאס, אויך די יסורים פֿון דער אמתער ליבע.

אט די יסורים פֿון דער אמתער ליבע זענען אלע מאל יסורי־מות. בשעת דער מענש זוכט אזא ליבע און ער קען זי נישט געפֿינען איז איהם דאס לעבען ניט ניחא. אהן דעם האט זיין לעבען קיין זין נישט. בשעת ער געפֿינט אזא אביעקט געהט ער אויף אין איינפֿאכען ליבע־פֿייער. דאן קומט אן דער מאמענט פֿון „שיר השירים" — „עזה כמות אהבה" (די ליבע איז שטארק ווי דער טוידט). ווען די ליבע ווערט געשטילט — דאן פֿערלירט דער מענש דאס בעסטע וואס ער האט אין זיך פֿערמאגט און זיין לעבען ווערט גרוי, אינהאלטסלאז, וויסט, דום, פֿינסטער. אין אלע אופנים ווערט דא פֿונ׳ם לעבען אש, סיי ווען דאס לעבען פֿלאמט אויף און סיי ווען דאס צאנקט בּיסלעכ־ווייז, ביסלעכוויז, אהן טעם, אהן שענהייט, אהן רייץ, אהן פֿרייד, אהן שארפֿען וועהטאג, אהן טרוים.

צו אט די יסורים איז קיין רפואה נישטא, אט אזוי ווי עס איז נישטא קיין רפואה צום צרות דיגען לעבען און צום טוידט...

דער חלוק פֿון אט די יסורים, פֿון די יסורים וואס עס ברענגט די אמתע ליבע ביז יענע יסורים, די געוואהנליבע יסורים וועלכע עס ברענגט דאס געוועהנליכע געשלעכטס־לעבען איז אבער אונגעהויער גרויס: ביי די לעצטע פֿיהלט מען זיך פֿערשמוצט, פֿערזונקען אין אלע מ״ט שערי טומאה, פֿערוואָרפֿען אין פֿינסטערען, קאלטען גרוב, אויפֿגעפֿרעסען פֿון אלערליי רמשים. ביי די ערשטע פֿיהלט מען זיך אבער ריין, פֿריי, הייליג, דערהויבט. די יסורים פֿערשטיקען נישט. זיי שאפֿען דער נשמה פֿליגלען און די נשמה־פֿליגלען טראגען אונז — צו דער אייביגקייט.

הלל צייטלין.

א צווייטער ארטיקעל פֿון יוגענד־שמערץ אין וועלכען עס וועלען בעטראכט ווערען די איבריגע מאמענטען פֿון יוגענד־ליידען חוץ צום ביישפיעל: אלערליי שטאלץ־ליידען, קאנפֿליקט צווישען עלטערען מיט קינדער, פֿערהעלטניס פֿון עלטערע צו דער יוגענד בכלל א. ז. וו. — וועט קומען אינם צווייטען זאמעל־בוך „יודישע יוגענד".



מ. וואַנווילד.

# יונה ראָזענפעלד.

(סקיצע).

1.

אין אָנהויב, אין זיינע ערשטע זאַכען, האָט זיך יונה ראָזענפעלד גאָר בעזונדערס נישט אויסגעצייכענט. „ביים קעסעלע", אַ „מאָנאָלאָג פון אַ פרעהליכען קבצן" און די אַנדערע ערשטע זאַכען, זענען פון זעהר געוועהנליכער, אין בעסטען פאַל, פון גאַנץ מיטעלמעסיגער אַרבייט. דיר איז גלייכגילטיג צי לייענסט עס יאָ, צי לייענסט עס נישט, ווייל עס זענען, אמת, איינפאַכע רעאַלע לעבענסבילדלעך, גאָר נישט געלונגען אויפגעשריבען. פערהאַן אין זיי עטוואָס האַרציגקייט, ליידען, נויטטראַגיזם, און דאָס „עטוואָס" איז אפילו געשילדערט ריכטיג און וואַרהאַפטיג, אָבער שרעקליך אָרים און פראָסט געצייכענט, און דערביי נאָך איז דער אינהאַלט אַזוי אַלטעגליך און אונאינטערעסאַנט, ווי דאָס שטענדיגע אונאויפהערליכע טיק־טאַקן פון'ם זייגער.

נאָר מערקווירדיג. דאַכט זיך גאָרנישט, און פאָרט זענען עס זאַכען, מען קען שוין אין זיי זעהן די בעזונדערע נייגונגען און אייגענשאַפטען פון זיין טאַלענט. אין דערין איז עטוואָס נייעס פערהאַן. עס פיהלט זיך שוין זיין דורכדרינגליך אויג. איהר שפירט אויך דאָס איבערלעבען, דאָס אייגענאַרטיגע, קינסטלערישע זעהען. נאָך זעהר שוואַך אפילו, אָבער עס לאָזט זיך שוין בעמערקען. און אין די שפּעטערע זאַכען, וואו די זעלבע נייגונגען און אייגענשאַפטען ענטוויקלען זיך בולט'ער און שטאַרקער, וואַקסט ער אויס זעהר אינטערעסאַנט און בעדייטענד. דען יונה ראָזענפעלד איז איצט, אָהן צווייפעל, איינער פון די אָריגינעלסטע און אייגענאַרטיגסטע צווישען די יונגע טאַלענטען. אָריגינעל אין זיין זעהען און פיהלען, און אייגענאַרטיג אין'ם וועהלען און אויפפאַסען די טעמאַטען, וואָס ער בעאַרבייט.

ווי עס איז קענטיג פון זיין שרייבען האָט ער אַליין פיעל געליטען און דורכגעלעבט, ער פערשטעהט אָבער מיט זיין שטאַרקער אינטואיציע, דורך זיין שאַרפע, ענערגישע פאָרשטעלונגס־קראַפט, זיינע איינדריקע און איבערלעבונגען, פיעל טיעפער, גרינדליכער און איינדרוקספאָלער צו נעמען, ווייל ער דערפיהרט טיילמאָל די האַנדלונג ביז צו די סאַמע לעצטע שטופע, ביז צו די מעגליכסטע פאָלגען. עס איז מערקווירדיג ווי אַנאַליטיש און דורכדרינגענד ער קען אָפט מאָל זיין פסיכאָלאָגיש זעהן פער-

טיעפֿען און פֿאַרמירען, אַזוי, אַז זיינע זאַכען מאַכען דעם איינדרוק פֿון פּסיכאָפּאַטאָלאָגישע שטודיען, נאַטירליך נישט וויסענשאַפֿטליך, נאָר קינסטלעריש פֿאַרטראַגען, קינסטלעריש אויפֿגעפּאַסט, געזעהן מיטן אויג פֿון אַ קינסטלער.

ער איז אָבער מעהר קינסטלעריש, מעהר טאַלענט, ווי קינסטלער. איהם האָט ביי איהם נישט דאָס מאַלערישע פֿאַרבען־זאַפֿטיגקייט, און נישט די פֿרייע בעוועגונג פֿון דער געפֿלינגעלטער פֿאַנטאַזיע. איהם פֿעהלט קאָלאָריט און פּאָעטישע צערטליכקייט.

---

2.

יונה ראָזענפֿעלד בעזיצט אַ זעלטענע אייגענשאַפֿט. נעהמסט זיינס אַ זאַך, לייענסט, לייענסט— פּראָסטע, האַרטע פּראָזאַ. טרוקען און בלאַס. עס הויבט אָן ווערען לאַנגווייליג. נאָר אינדעם ניעם ער איבער עפּעס איין איינצעלנעם עפּיזאָד, עפּעס אַ כאַראַקטעריסטיש־פּסיכאָלאָגישען צוג אָדער עפּעס אַ געבען זייטיגען שטריך, און שוין בעמערקט זיך אַ גרויסע ענדערונג. פֿון דער קליינער בעוועגונג פֿאַלט נאָר איין אַנדער שיין אויף אַלעם. וואָס פֿריהער איז געוועזען בלייך און געוועהנליך, בעקומט איצט לעבען. מיט אַמאָל הויבט מען אָן צו פֿיהלען אַ מין ערוואַרטענדע אָנגעשפּאַנדקייט. מען הויבט אָן צו פֿיהלען דאָס אינינסטע, דאָס זעעלישע.

אַלס בעסטער ביישפּיעל דערצו קען דיענען די סצענע אין „אָהן אַ האַנד", ווען מאיר, נאָכ'ן אויסשרייבען זיך פֿון שפּיטאָל, וואו מען האָט איהם אַ האנד אָבגעשניטען, קומט אַריין צו זיין כלה, און די כלה'ס מוטער בעגעגענט איהם מבלומר'שט:

— אָ, אַ גאַסט? וואָס מאַכט איהר עפּעס?

און ביידע זעצען זיך אַוועק איינער קעגען אַנדערען, קוקען זיך אונבעהאָלפֿען אָן, געפֿינען נאָרנישט אויף עפּעס צו רעדען, און בלייבען אַזוי זיצען שווייגענדיג. און עס קומט אַריין זיין כלה, דערלאַנגט איהם די לינקע האַנד און פֿרעגט קאַלט:

— וואָס מאַכסטו עפּעס?

און מען געפֿינט ווידער נישט פֿון וואָס צו רעדען און ווידער טרעט אָן דאָס אומגליקליכע שוויי־גען און דאָס אונבעהאָלפֿענע קוקען איינס אויפ'ס אַנדערע. נאָר דערווייל קומט צו צו מאיר'ן דער כלה'ס ברודער'ל, רוקט זיך אַריין צווישען זיינע פֿיס, און הויבט אָן בעטראַכטען זיין ליידיגען ארבעל, הויבט איהם אַלע מאָל אויף און פֿערקוקט זיך אינעווייניג.

אַלע זיצען און שווייגען. אָבער איצט איז עס שוין אַ שטום ליידענד פּיינליך שוויינעניש, ווייל די כלה מיט דער מוטער האָבען בעמערקט, ווי דאָס קינד שפּילט זיך מיט'ן ארבעל. זיי בעמיהען זיך אפֿילו נישט צו קוקען אהין, נאָר נישט זעהענדיג, זעהען זיי נאָך מעהר, זיי פֿיהלען עס. די גאַנצע שטוב ווערט פֿאַר זיי ענג. און אַלע זעהען ביים אויפ'ן קינד. מען האַלט עס אויף שטיקלעך צוריסען. נאָר דאָס קינד ווייסט דאָך פֿון דעם אַלעם נישט, שטעהט עס זיך גאַנץ רוהיג און בעקוקט דעם ארבעל, דרעהט איהם אין אַלע זייטען און פֿרעגט ענדליך:

— פֿעטער מאיר, וואו איז דיין האַנד?

אַזאַ מינוט איז שרעקליך.

מאירן קומט באַלד דאָס גאַנצע בלוט אין פּנים אַריין, און אַלע דריי בעגעגענען זיך מיט צומישטע, צושראָקענע בליקען. איינער פֿון צווייטען וואַרט אויף עפּעס וואָס.

און אַזוי ווי דאָס קינד בעקומט דאָך דערווייל קיין ענטפֿער נישט, פֿרעגט עס אַ צווייטען מאָל:

— פֿעטער מאיר, וואו איז דיין האַנד?

איך קען געוועהנליך אַלע פּרטים נישט איבערגעבען. דאָס וואָלט פֿערנומען זעהר פֿיעל אָרט. נאָר די דאָזיגע סצענע גיעט אויפֿ'ן שאַרפֿסטען אופֿן דעם גאַנצען טראַגיזם, וואָס דער אונגליקליכער פֿאַל פֿון אָבשניידען די האַנד האָט אַנגעבראַכט אויף דאָס לעבען פֿון חתן־כלה. און פּרובט אָבנעהמען אָט דעם קליינעס פֿאָרפֿאַל מיט'ן קינד, פֿערלירט באַלד די זאַך דעם גאַנצען ווערט.

און אַזוי איז עס אַלע מאָל אין זיין שרייבען. ער גיעט זיך אָב נישט אַזוי מיט'ן מענש, ווי מיט דער מענשליכער נאַטור, מיט דעם מענשליכען. און אַז ער מאָלט דאָס לעבען פֿון אָרימען פּשוט'ען המון, מאָלט ער נישט די נויט, דאָס דחקות און אָרימקייט, נאָר דאָס אונבעהאָלפֿענקייט און נישטינקייט; נישט דעם אָרימאַן, נאָר די טראַגעדיע פֿון אָרימקייט. און ער ווייסט דאָס טעמאַ אַזוי צו צוגליעדערן און קאָמבינירען, ער פֿערשטעהט אַזוי גוט צו נעהמען די אומגעבונג און אַזוי טרעפֿענד צוזאַמענצופּאַסען די איינצעלהייטען, אַז דו ווערסט נתפּעל.

מעגליך, אַז דאָס מאַכט זיך ביי איהם ניכער אינטואיטיוו, ווי אַ קינסטלעריש פֿערשטענדניס, נאָר דאָס איז אפשר גאָר אַ מעלה, ווייל עס איז מעהר אונמיטעלבאַר, און דאָס רויהקייט און אונגעשליפֿענקייט, בנוגע צו דער פֿאָרם און טעכניק, איז הויך דעם ווייניגער שאַרף.

---

3.

יעדעס טאַלענט דאַרף פֿיעל אַרבייט און אויסבילדונג, פֿיעל מעהר נאָך, דאָס פּרימיטיווע טאַלענט, פֿאַר יונה ראָזענפֿעלד'ן דאַרף עס זיין זעהר וויכטיג. ער ליידט פֿון זעהר פֿיעל חסרונות, און מאַנכע, ווי איך מיין, זענען נישט שווער אויסצומיידען.

ער האָט אַ טבע דעם איינצעלנעם פֿאַל צו פֿעראַלגעמיינערן. אַז ער וויל געבען דאָס לעבען פֿון זיינם אַ העלד אין אַזאַ און אַזאַ משך—צום ביישפּיעל—אין פֿערלויף פֿון אַ זומער און ווינטער, נעהמט ער און סטערעאָטיפּירט אין אַלע פּרטים פֿון דאַנען אַ זומער טאָג און פֿון דאָרט אַ ווינטער טאָג און גיעט צו: „און אַזוי איז געווען אַ גאַנצען ווינטער", אָדער „און אַזוי איז געווען אַ גאַנצען זומער", און יוצא. עס פֿאַלט איהם גאָרנישט איין, אַז פֿעראַלגעמיינערן קען מען נאָר עטוואָס אַזעלכעס, וואָס איז צו אַלע מאָל גלייך און עהנליך. דייטליכער: אויב שמעון, לאָמיר זאָגען, האָט איינמאָל ווינטער, אין אַ מיטוואָך פֿאַרנאַכט, געבעטען, אַז סזוויב זאָל איהם באָרגען ביי די מעבעטער, וואָס אַרבייטען אין דער צווייטער שטוב, אַ דריי קאָפּיקעס אויף אַ צעהנדליג פּאַפּיראָסען, און זי האָט איהם געענטפֿערט: אַז דו ווילסט, קענסטו אַליין אויך טרעפֿען. און עס גערט אַ שטועס:

— זאָג דו...

— האָסט קיין פּיסק נישט?

— דיר װעלען זיי געבען.

— איך וויל נישט זאָגען...

איז פֿערשטעהט זיך נישט מעגליך, אַז אַלע פֿאַרנאַכט, טאָג טעגליך, דעם גאַנצען ווינטער זאָל טרעפֿען כּסדר דאָס נעמליכע, און דער זעלבער שמועס זאָל זיך ווידערהאָלען ביז איפּ׳ס קלענסטע.

אויף אַן׳אונגעהויערק מאָס איז דאָס דאָזיגע פֿעראַלגעמיינערן אָנגעווענדט אין דער גרויסער ערצעהלונג „דאַבשניקעס״, וואָס מאַכט נאַטירליך זעהר אַ שלעכטען איינדרוק.

און נאָך אַ חסרון. מאַנגעל אין מאָס. ער פֿיהלט קיין געוויכט נישט. און דער חסרון ווערט ביי איהם מיסל׳עבוויז אַ געוואָהנהייט, וואָס דערגעהט, נישט זעלטען, ביז צו פֿאַלש. איך מיין די נעיואָהנהייט איבערצוטרייבען. קיים דערגרייכט, צום ביישפּיעל, צו ווענענס אויער דאָס מוזיצירען אין די זומערדיגע פֿאַרנאַכטען, מוז עס ביי איהם אונבעדינגט זיין פֿון אַלערליי מוזיק־אינסטרומענטען, פֿון וועלכע נאָר ער ווייסט גראָד. מוז זיך אויפֿכאַפּען די פּיאַנאָ און ווי מיט אַ גאַנצען כאָר פֿונאַנדערגיסען טרעלען, און עס מוז אַ האַרמאָנקע אָנהויבען שפּילען, און עס מוזען אָנהויבען טאַנצען זיסע דינע מרעלאַלעך פֿון אַ באַנדעלינע און פֿון אַ פֿידעל און פֿון אַ פֿלייט, און אין דערין כאַפּט ערשט פֿערגעהן אַ טרויעריגע מעלאָדיע פֿון אַ פֿרוי צונויפֿגעפֿלאָכטען מיט אַ גראָב מענער־קול — — —

וויפֿיעל מינים געזאַנג און קלאַנג — עס נעהמט נאָר קיין סוף נישט!

און אויך אַנדערע שטעלען איז עס ווידער אַזוי. אַז אַ זיסע תאוה „נעהמט אינגאַנצען אַרוב״, ווערט באַלד „כשונה׳דיג גוט״, און „אַ געשמאַקע וואַריבקייט צוגיסט זיך איבער׳ן קערפּער״, און „אַ זיבקייט טריפֿט אַריין״, און אַזוי ווידער זיס — ביז עס ווערט אייך נודנע און איהר הערט שוין אויך צו גלויבען אפילו דאָס מינדעסטע.

און עס קומט צו פֿאַלש אויך. נעהמט, אַלס ביישפּיעל, דעם מאָמענט, ווען דאָס קליינע מענשעלע מיט׳ן שיטערען בערדעל. וואָס זיין ווייב איז־דער מאַן און „ער״ איז דאָס ווייב, און רוימט און מהוט אַלין אין שטוב ווי אַנ׳עבבע יודענע, — ווען אָט דאָס קליינע מענשעלע זעהט זיך אַרום, ווי זיין אייגען מעבטערל וויל איהם אַרויםפטר׳ן פֿון שטוב, כדי די מאַמע זאָל איהם נישט דאַרפֿען שפּייזען, און זאָל איהר האָבען אויך צו מאַכען אַ צייגען קליידעל, שרייט ער: „וואו עס געהט שוין וועגען פרנסה, וועגען ברויט, וועל איך מיר שוין נישט לאָזען שפּייען אויף דער קאַשע. אויף טויט און לעבען וועל איך געהן! (!!!)״—1).

די ערצעהלונג, אַלס גאַנצעס, דאָט זיך אידם זעלטען געראָטען איינגעגעבען. עס איז זעהר הומאָרפֿאָל אָנגעשריבען. דאָס קליינע מענטשעלע, דער „העלד״ פֿון דער ערצעהלונג, איז, דאַכט זיך, דאָס לעבערליכסטע עקזעמפּליאַר אויף דער וועלט, און דאָך, וויפֿיעל טיעפֿע אמת׳ע טראַגיק דערין שטעקט. נאָר אין דער ציטירטער שטעלע איז דער מאַן אַ ביסעל צו הויך גענומען, ווייל אַזעלכע רייד נעגען אַ פּיצעל קינד זענען אונמעגליך.

1) „קאָנקירענטען״.

נאָר אַם פֿערדריסליכּסטען פֿאַלט אוים זיין טאַקטלאָזיגקייט. ווייל פֿערהאַן זאָגען, וואָס מען דאַרף וועגען זיי נישט רעדען מיט'ן פֿולען מויל. נישט צוליעב עטישע (איך מיין די אָפֿיציעלע עטיק) אָדער עהנליכע סבּות, נאָר איינפאַך ווייל עס בעריהרט דאָס אינטימסטע און הייליגסטע אין אונז, און קען נישט פֿערטראָגען דאָס גראָבּע אויסגעלאַסענע עפֿענטליכקייט. וועגען אַזעלכע זאַכען איז געגוג אַ פֿאָרזיכטיגע אָנדייטונג. אין דערין אָבער פֿעהלט איהם קינסטלערישער טאַקט.

---

4.

יונה ראָזענפֿעלד'ן געלינגט דערהויפט נאָר דאָס פּסיכאָלאָגישע, דאָס וועזענטליכע. דערצו האָט ער, זעהט אויס, איין איינגעבוירענע נייגונג. דאָס איז אַ הויפּט־שטריך אין זיין שאַפֿען. עס וואָלט דעריבער געלוינט געגויער זיך אָבצושטעלען דערויף.

געוועהנליך איז דאָס פּסיכישע לעבען פֿונ'ם מענש נאָר אין זיך אָבגעשלאָסען, און לאָזט זיך גאַנץ שווערליך פֿון אויסווענינ בּעמערקען. דעריבער איז דעם אַנדערן כמעט אומבעקאַנט אייער געפֿיהל־לעבען און יענע געדאַנקען־קייט, וואָס בּרענגט אייך צו אַזעלכע און צו אַנדערע מעשים אָדער בּכלל צו וועלכען עס איז אויסדרוק. דאָס איז אָבער נאָר טיילוויז, בּנוגע צו פּרטים און דעטיילען. אין אַלגעמיינעם טראָגט יעדער מענש פֿון דאָס אַלמענשליכע אין זיך. אין אַלגעמיינעם איז דאָ צווי־שען מענש און מענש זעהר פֿיעל געמיינזאַמעס. נאָר אויך אין דאָס אינדיווידועלע, פֿון דאָס גע־היימסטע זעעלען־לעבען פֿון אַנדערע, געראָט אונז אַמאָל, לויט אונזער אייגען ערפֿאַהרען און דורכלעבען, עטוואָס צו ענטדעקען און אויסצופֿאָרשען. און אַזויערנאָך אייגענען זיך מענשען אין, דורך זייערע בעאָבאַכטונגס־פֿעהיגקייטען, פֿיעל־וועניג פּסיכאָלאָגיש פֿערשטענדנים.

מען קען זיך אָבער אין אַזעלכע זאַכען גאַנץ גרינג טועה זיין, און אַזאַ טעות קען פֿיהרען דערצו, איינער דעם אַנדערען זאָל אפילו נישט האָבען אָנגעהויבען צו פֿערשטעהן, און פֿונדעסטוועגען זאָל יעדער פֿאַר זיך זיכער זיין, אַז ער ווייסט דורכאויס, וואָס דער צווייטער האָט דאַן און דאַן גע־מיינט, וואָס ער איז אויסען געווען, און דעסגלייכען. ביים געוועהנליכען פּשוט'ען עולם טרעפֿט עס אויף טריט און שריט.

און אַזאַ פּסיכאָלאָגישער פּלאָנטער האָט פֿאַר'ן קינסטלער זעהר אַ גרויסען ווערט. אַזאַ געגענ־זייטיג מיספֿערשטעהן שאַפֿט טויזענד מעגליכקייטען. דאָ זענען מעגליך די מערקווירדיגסטע קאָמבּינאַציעס. און אויסערדעם זענען אַזעלכע פּסיכאָלאָגישע מאָטיווען דער בעסטער פּרוביר־שטיין פֿאַר די קינסטלער. דערביי איז שווער אָבצונאַרען.

יונה ראָזענפֿעלד האָט עהנליכען אינהאַלט גענומען אַלס טעמאַטען צו זיינע ערצעהלונגען „אַ גנבֿ" און „אַ ווילדע בּריאה", און האָט עס אויסגעצייכענט און לעבעדיג אָנגעגריפֿען.

און פֿערהאַן נאָך אַ הויפּט־שטריך אין יונה ראָזענפֿעלד'ס שאַפֿען. זיין אַרט אָבמאָלען און בּע־שרייבען. אַז יונה ראָזענפֿעלד צייכענט דאָס אויסערליכע, ווירקט עס נאָר זעלטען אויף דער פֿאָר־

שטעלונג, איהר זאָלט עס קענען לעבעדיג פאַר זיך זעהן. אז ער „מאָלט": אגרויסער קאָפּ, א שמאָלער שטערן, קאַרע אויגען און דעסגלייכען, איז עס דאָך נישט קיין מאַלעריי, נאָר געוועהנליכע בעשטימונגס־צייכען פון איינצעלע טיילען אָדער גליעדער, אָהן אויסדרוק, אָהן בעוועגונג, וואָס גיבען קיינמאָל נישט דעם טיפ. דערצו איז נויטיג אַ געוויסער פאַרבען־טאָן. דאָס איז שוין אַ בעזונדער איינענשאַפט—מאַלערישעם טאַלאַנט.

דעם טיפ, דעם מענשען אין יונה ראָזענפעלד'ס זאַכען, קען מען זיך נאָר פאָרשטעלען לויט זייער פסיכיק און געפיהלס־צושטאַנד. דאָס וועזענטליכע אין זיי שאַפט הויט און פאַרב, בלוט און פלייש. ער דרינגט אַזוי טיעף איין אין'ם זעעלען לעבען, פונ'ם סוביעקט, ווען ער וועהלט פאַר אַ קרבן, אַז דאָס מאָלען פיגור, פיזיאָגנאָמיע און אויסזעהן, ווערט גאָר איגנאָרירט איבריג. עס קומט שוין, דאָס אַלץ, פון זיך אַליין, פון דער האַנדלונג. אַזאַ אַרט שאַפונג איז דער תוך פון דער דראַמאַטישער קונסט. און יונה ראָזענפעלד איז טאַקי אין תוך געקומען, אַ זעהר בעגאַבטער דראַמאַטישער קינסטלער.

---

5.

נאַכט און שרעק—

די צוויי מאָטיווען ווידערהאָלען זיך ביי יונה ראָזענפעלד אויף פערשיעדענסטע אופנים און לויט פערשיעדענסטער אויסדרוקס־מעגליכקייט און שטאַרקייט. נאָר בעת ער מאָלט די נאַכט, איז עס נישט דאָס געהיימע און רעטזעלהאַפטע אין דער נאַכט, און עס איז נישט דאָס טיפע איינדרוקסרייכע שווייגען, נישט די טרוימהאַפטע פיעלזאָגענדע שטילקייט — מיסטישע שטימונגען זענען נישט פאַר זיינעטוועגען. זיין מח איז צו קליין און צו געזונד דערויף. פאַר איהם איז אויך נישט דער סודות־דיגער פאַנטאַסטישער טונקעל, נישט דער ווייכער, צאַרטער ליכט־ און שאָטען־שימער — דאָס געהער צום דיכטער. ביי איהם איז די נאַכט נאָר עפּעס אַ געדיכטע שוואַרצע מאַסע, אַ מין פינסטערער אונגעהויער, עפּעס אַ שרעקליכער שוואַרצער געשפּענסט, און דאָס אויך אָהן שום בילדליכקייט און פאַרבען. די נאַכט מאָלט זיך איהם, ווי עפּעס אַ מין בריאה אויף אָבצושרעקען. און נישט די גרויזאַמע לאָקערנדע פינסטערניש שרעקט איהם; אויף דערויף וואָלט בעדאַרפט זיין אין זיין מאָלען כאָטש עטוואָס איינדרינגליכקייט, אידעע, טיעפקייט—אַזוינס איז אָבער נישט פערהאַן. עס איז אַלעס נאָר אויסערליך און קינדיש, און זעהר, שוין צופיעל, נאַאיוו.

שאַרפער, אויסדרוקספולער, אין רעליעף אויסדריקליכע בילדער, גיעט זיך איהם איין שרעק צו מאָלען. שרעק אין אַלערליי מעגליכע שטופען. קינדישע שרעק, וואָס אַ חנה'לע שרעקט זיך „אפשר האָט מען די מאַמען מיט'ן קוישעל עפּעל אין „אוטשאַסטאָק" צוגענומען?", ווייל עס איז שוין שפּעט און די מאַמע וואָלט שוין בעדאַרפט זיין, און ווייל עס האָט שוין אַמאָל אַזוי געטראָפען, אַז מען האָט די מאַמען „אין „אוטשאַסטאָק" אַוועקגעטאַסקעט", און זי, חנה'לע, איז דעמאָלט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפען, און אַלע מאָל איז זי צוגעגאַנגען צום טויער און דורך דער אייזערנער רעשאָטקע גע־קוקט: אפשר געהט זי?

דאָ איז דאָס געפֿיהל פֿון שרעק נאָך זעהר איינפֿאַך, ווייל עס איז נאָר דאָס טרויעריגע קינדישע פֿער-צווייפֿלען. שטאַרקער און אָנגרייפֿענדער שטייגט דאָס זעלבע געפֿיהל ביי מיכל'ען, ווען עס שטעלט זיך איהם פֿאַר די אויגען דער בופֿעט, און ווי זיינע טעכטער שטעהען און ווינקען מיט די אייגעלעך צו די יונגע לייט, וואָס קומען אַהין אַריין, ווי יענץ מיידעל וואָס ער האָט געזעהן אין גאַס. 1)

אין דעם פֿאַל רעדט שוין דאָס מעכטיגע בלינדע פֿאָרגעפֿיהל, וואָס וואָרנט מיכל'ן פֿון זינד און אומגליק. דאָס זעלבע פֿאָרגעפֿיהל איז ביי „מאַנקאַ" נאָך מעהר פֿערגעגענווערטיגט, און דערפֿאַר שטאַרקער און אויסדריקליכער, און ווירקט האַרץ-ריהרענד טראַגיש. די שרעק אין „אַלטענס טויט" געהט שוין איבער ביז ערשיטערענדעס. עס שמעקט דאָרט ווירקליך מיט טויט. דאָך דעם שטאַרקסטען און פֿולסטען אויסדריק פֿון דער שרעק, געפֿינט איהר אין די איבערלעבונגען פֿון חזן אברהם משה 2). דאָ האָבען מיר דעם גאַנצען פסיכאָלאָגישען פּראָצעס, באַלד פֿון ערשטען פּינטעל, נאָכגעפֿאָלגט נאָך יעדער שטייגערונג און פֿערטיעפֿונג. און די אומשטענדען זענען אַזוי טיעף בעגריפֿען און פֿאַר'ן געפֿיהל האָט ער אַזוי פֿיעל בילדליכקייט געפֿונען, אַז די זאַך ווירקט פּאַקענד, ווי דאָס שטומע געבעט פֿון אַנ'אומ-גליקליכען, ווי דער טיעפֿער שטילער וועהמוט פֿון אַנ'עלענדען. אייניגע מאָמענטען ווירקען אַזוי שאַרף אַז עס קאָן איינעם קאַלט ווערען.

זעהר גוט זענען ביי איהם געגעבען די פֿערשיעדענע נעבען-זאַכען און איינצעלהייטען, וואָס פֿער-שאַרפֿען דעם צושטאַנד און ווירקען אויף די האַנדלונגען. דאָס שילדערט ער מיט דער גענויעסטער פּינקטליכקייט און מיט דער מעגליכסטער קאָנסעקווענץ.

זעהר קונציג פֿיהרט ער אויך דעם דיאַלאָג. אין דעם שטעקט ביי איהם פֿיעל פסיכאָלאָגישעס וויסען. אַביסעל שטערט נאָר די שפּראַך. צו האַרט. אָהן ריטמוס. ווערטער, ווי פֿלעקער, אָבוואָהל עס קומט ביי איהם אַרויס מאַנכעס מאָל אויך אַ זעלטען פּלאַסטישער אויסדרוק.

---

6.

אויסער נאַכט און שרעק געהט נאָך פּאַראַלעל די עראָטיק. מען בעגעגענט עס אָפֿט. ער נעהמט זיך, זעהט אויס, זעהר גערן פֿאַר עראָטיש-פסיכאָלאָגישע טעמען. אין איין אָרט איז דאָס די רויהע ליידענשאַפֿט פֿון אַ שלמה 3). ערגעץ אַנדערש איז עס דאָס אינסטיקטיווע ערוואַכען פֿון מו-טערליכען געפֿיהל ביים יונגען מיידעל 4). און ווידער אַמאָל איז עס די פֿערצערענדע תאוה פֿון אַזאַ טראַגיש, עלענד בעשעפֿעניש, ווי די טאָכטער זלאַטע 5). און עהנליכעס וואַרפֿט זיך דורך זעהר פֿיעל מאָל. ער ווענדט זיך אפשר שוין צו אָפֿט צו אַזאַ סאָרט אינהאַלט. עס איז זיכער קיין מעלה נישט.

מען מיינט אפילו אַז דאָס איז אָנגעוועהט פֿון „געשלעכטס-פּראָבלעם" אין דער נייעסטער רוסי-שער בעלעטריסטיק 6). דאָס איז אָבער דורכאויס נישט אמת. יונה ראָזענפֿעלד וויים נאָך גאַנץ ווע

---

1) אַ „בופֿעט". 2) „פֿון שרעק". 3) אַ „ברוגזו". 4) „חנה'לע". 5) „עלענדע".

6) געוויזען אַזאַ מיינונג אין אַ רעצענזיע פֿון אַ טעגליכע צייטונג.

יג פֿון דאָס פּראָבלעמאַטישע. ווענינגסטענס געפֿינט מען גאָרנישט דערפֿון אין זיינע שריפֿטען. זיין קראַפֿט בעשטעהט דערהויפּט אין שילדערן פּשוט׳ע נאַטורען. אַ זעהר קאָמפּלעצירטען כאַראַקטער, וואו עס איז שוין פֿערהאַן אַ געוויסע סומע אינטעליגענץ, איז ער נישט אימשטאַנד אומצופֿאַסען. ער האָט געפּרובט שאַפֿען אַ „מאַדאַם אייזענבערג", קען ער זיך טאַקע דאָרט פֿון אָרט נישט ריהרען. ער ווייסט אין אַזאַ וועלט נישט וואו איין און וואו אויס. דאָס זעלבע איז אויך מיט אַ מעהר קאָמפּלעצירטען סיוזשעט. די גרויסע ערצעהלונג „דער טאַטע מיט׳ן זוהן", האָט ער געענדיגט ביים סאַמע אָנהויב. די זאַך איז דערפֿאַר זעהר שוואַך. עס איז בעשריבען און אַרומגעשריבען און דאָך אַס ענדע נישט דערשריבען. עס קומט אויס געערדט און געערדט, אָהן אַ שיעור רייד, און גאָרנישט געזאָגט.

ניכער קומט דער „געשלעכטס"-איינפֿלוס פֿון מאָפּאַסאַן׳ען. אויף אַזאַ איינפֿלוס לאָזט זיך דאָ און דאָרט אָנווייזען. איך בין איבערצייגט, אַז אַלע אַזעלכע טעמאַטען, האָט ער געוועהלט בלויז אונטער דעם איינדרוק פֿון מאָפּאַסאַן׳ס נאָוועלען און ראָמאַנען. נאָר פֿערשטעהט זיך, דאָס הייסט נאָך נישט, אַז יונה ראָזענפֿעלד פֿלייסט זיך איהם נאָכצואַהמען, ווייל אויסער אַ זעהר אַלגעמיינע עהנליכקייט אין אינהאַלט, איז אין אַלעם אַנדערן, בנוגע צו פֿאָרם, אַרט, טאָן, קיין שום עהנליכעס נישטאָ. אין דעם אַלעם איז ער גאַנץ-זעלבסטשטענדיג.

און רעדט זיך וועגען איינפֿלוס, לוינט אויך אָנצעווייזען אויף פּאָ׳ן. פּאָ׳ס איינפלוס איז שטאַרק קענטיג. דאָס בעמערקט זיך דייטליך אין די מעשיות פֿון „מתים-שטיבעל" און אין „נאַכט און שטילקייט". דאָרט קלינגט געננג הויך דאָס ווידערקול פֿון פּאָ׳ס אַרט שטימונג און אָנשטרענגונג, און עס איז אויך זעהר בולט פּאָ׳ס מאַניער און אַרט צו דעטיילירען. יונה ראָזענפֿעלד האָט קענטיג נאָר וואָס געהאַט איבערגעלייענט די מערקווירדיגע ערצעהלונגען פֿון דעם דאָזיגען געניאַלען דיכטער.

איך מוז אָבער צוגעבען, אַז דערויף ווייז איך נישט אָן, ווי אויף חסרונות. פֿערקעהרט: ביי מאָפּאַסאַן און פּאָ וואָלטען אויך אַנדערע געמעגט לערנען. עס לוינט.



ד"ר א. מוקדוני.

# גערּאנקען איבער'ן טעאטער.

## I.

### דאָס טעאַטער.

אויס דעם נאָכאַהמונגס-טריעב, וואָס ליעגט טיעף אין חאַראַקטער פון מענשען, איז דאָס טעאַטער אויסגעוואַקסען. אוים דעם שפּיעל-טריעב אין דער פרייער צייט, וועלכער בעהערשט מענשען און חיות, איז דאָס טעאַטער אויפגעבויט געוואָרען.

דער בלינדער נאָכאַהמונגס-טריעב איז מיט דער צייט געפיילט און פּאָלירט געוואָרען, ער האָט בעקומען קלוגע, דורכדרינגענדע אויגען און האָט זיך אויסגעבילדעט צו דער מדרגה פון אַ קונסט, עס איז די שוישפּיעל-קונסט.

דער ווילדער פערלאַנג זיך צו שפּיעלען, צו זיין פרעהליך איז דורך די קולטור בעזאַנפטיגט געוואָרען און איז אויסגעוואַקסען צו אַ קולטורעלע בעדערפניש.

אוים דער אונגעאָרדענטער מחנה מענשען האָבען זיך אויסגעטיילט יענע, ביי וועלכע דער נאָכ-אַהמונגס-טריעב איז שטאַרקער ענטוויקעלט. יענע, ביי וועלכע דער פערלאַנג צו שפּיעלען איז טיעפער איינגעוואָרצעלט: דאָס זענען די שוישפּיעלער, די אַרטיסטען.

ווי אַלע צווייגען פון דער קונסט האָט אויך דאָס טעאַטער די ערשטע ערציהונג ערהאַלטען אין דער קירכע. אויף דעם שוים פון דער רעליגיע איז עס אויפגעהאָדעוועט געוואָרען.

דאָס ערשטע „דראַמאַ" איז אויפגעפיהרט געוואָרען אין דער קירכע, די ערשטע שוישפּיעלער זע-נען געוועזען די גייסטליכע, די ערשטע ביהנע איז געוועזען דער אַלטאַר אין דער קירכע.

די גאַנצע האַנדלונג פון דער הייליגער מעסע איז אַ ווירקליכע מיסטעריען-דראַמאַ, עס פעהלט נאָר אין איהר די דראַמאַטישע כונה.

נאָך אין צעהנטען יאָהרהונדערט האָבען די גייסטליכע געוויסע שטעלען פון דעם עוואַנגעליום

צונגליערערט אין דיאלאָגען, אין וועלכע פֿערשיערענע פּערזאָנען האָבען בעדאַרפֿט רעדען, אָדער ייכטיגער — שפּיעלען.

עס האָבען זאָגאָר ניט געפֿעהלט די נויטיגע ריקוויזיטען און קאָסטיומען.

אין פֿיעל קירכען איז די יעזוס־זוכונג פּאָלשטענדיג אינסצענירט: איין גייסטליכער האָט געשפּילט דעם אויס דעם קבר ענטשטעהענדען יעזוס. איינינע פּויערען האָבען געשפּיעלט די זוכער, דריי פּויערטעס—דריי מאַריעס.

איינע פֿרעגט אַ זוכער:

— Qwem queritis? (וועמען זוכט איהר?)

— מיר זוכען אַנ׳אַלטע איינגאָויגיגע פּאַפּען־הור (דעם גלח׳ס א קאַכאַנקע),—ענטפֿערען גאַנץ אויס־געלאַסען די זוכער.

די ערשטע שפּורען, די ערשטע שטילע טריט פֿון דעם יודישען טעאַטער געפֿינען מיר אין בית־המדרש.

דער חזן, וועלכער זינגט אין אַנ׳אומעטיגע ריהרענדע תּפילה מיט אַ וויינענדע שטימע; דער חזן, וועלכער צייגיעסט זיך מיט אַ פֿרעהליכען נגון׳דעל אין תּפילות, אין וועלכע עס ווערט אויסגעדריקט א שטאַרקער בטחון און אַ פֿערטרויען צו גאָט ברוך־הוא, אָדער אין וועלכע עס ווערט געשילדערט מיט שאַרפֿע פֿאַרבען די מפּלה פֿון די שונאי ישראל, איז דער ערשטער שוישפּיעלער ביי יודען.

דער חזן בענוצט זיך מיט אַלע אַרטיסטישע מיטלען: דאָ ווערט זיין שטימע יאָמערדיג, הכנעה׳דיג, דאָ בעט זי רחמים, דאָ מאָהנט זי חסד, דאָ פֿאַלט זי אריין אין אַ פֿערצווייפֿלונג, דאָ מונטערט זי זיך אויף, דאָ זיפֿצט זי ווי אַ בעזיגטער און דאָ יובעלט זי ווי אַ זיעגער.

קיין בעוועגונגען, קיין זשעסטען, נאָר שטימע־שפּיעל.

ער בענוצט זיך מיט זיי גאַנץ טעאַטראַליש.

אַמאָל וויקעלט ער זיך איין אינגאַנצען אין טלית און נעהמט אָן די פּאָזע פֿון אַ מיסטישען טרויער, דאָ פֿערוואַרפֿט ער איהם אויף די אַקסלען גאַנץ פֿרעהליך און זיכער.

אָרים איז די קאָסטיומירונג פֿון חזן, קליין איז זיין רעפּערטואַר, אָבער אַנ׳אַרטיסט איז ער.

קליין איז דער עמוד, דער באַלעמער אויף וועלכען ער שפּיעלט, אָבער דאָס איז די ערשטע בימה ביי יודען.

און עס איז ניט קיין צופֿאַל, דאָס דער גרעסטער און בעסטער טייל פֿון די יודישע אַרטיסטען שטאַמען פֿון חזנים, דאָס זענען אַמאָליגע חזנים אָדער משוררים.

משוררים, חזנים, כּלי־זמר זענען איבערהויפּט די ערשטע קינסטלער אין דער יודישער גאַס.

---

II.

# דאָס דראַמאַ.

דאָס דראַמאַ שטראַהלט אַרויס פֿון דער פֿאָלק'ס נשמה, אין דאָס דראַמע שפּיגלען זיך אָב אַלע קולטור־פּראָבלעמען פֿון פֿאָלק.

ווען מיר רעדען פֿון דער קולטור פֿון אַ פֿאָלק, פֿערשטעהען מיר זיין רעליגיע, זיינע זיטען און זיין אייגענאַרטיגע קונסט־שאַפֿונג.

דיעזע דריי זיידענע פֿעדים, פֿון וועלכע עס ווערט געוועבט די גרויסע פֿאָלקס־נשמה, פֿלעכטען זיך דורך איינע אין די אַנדערע און צוזאַמען בילדען זיי אַ שטאַרקען געוועב, וועלכע עס איז שווער כמעט אונמעגליך, צו צוריימען.

דאָס טעאַטער איז געבוירען געוואָרען אין דעם שויס פֿון דער רעליגיע. ערצויגען געוואָרען פֿון דער ערעלער קונסט איז אויסגעוואַקסען אין דעם קאַמפּף פֿון אידעען.

עס קעמפּפט געגען און פֿאַר די זיטען, געגען און פֿאַר גרויסע אידעאַלען.

דאָס טעאַטער איז פֿערברידערט מיט די דריי עלעמענטען פֿון דער פֿאָלקס־נשמה, עס איז אַ מיטעל צום קאַמפּף פֿאַר אידעען, זיטען, רעליגיאָן און געגען זיי.

אין טעאַטער שפּילט זיך אָב בכלל אַ קאַמפּף פֿון אידעען.

דאָס טעאַטער אַלס מיטעל אָדער פּלאַץ צו קעמפּפֿען פֿאַר אידעען האָט זיין זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג, וועלכע ווייכט ניט אָב פֿון דעם גאַנצען פֿאָלקס־גייסט.

דאָס דראַמאַ, די קאָמעדיע און טראַגעדיע, איז דער אויסדרוק פֿון טעאַטער, פֿון דער פֿאָלקס־נשמה, זיי האָבען אין פֿערשיעדענע צייטען געהאַט פֿערשיעדענע קונסט־פֿאָרמען, זיי זענען געווען דורכגעדרונגען מיט פֿערשיעדענע סאָציאַלע, זיטליכע און עסטעטישע אידעאַלען. זיי זענען געווען זעהר רעליגיעז און שרעקליך אויסגעלאַסען.

אין די לעצטע יאָהרען האָט דאָס סאָציאַלע דראַמאַ איינגענומען די סצענע און האָט בעקעמפּפט און געענדערט די ביזהעריגע קונסט־טעאָריען.

די קונסט־טעאָריע, וועלכע האָט געוואָלט ווייזען נאָר דאָס שענע, נאָר דאָס גראַציעזע, דאָס זיסע און דאָס ערעלע אין לעבען איז בעקעמפּפט געוואָרען. דאָס טעאַטער, ווי די מאַלעריי, פֿון 16־ און 17־טען יאָהרהונדערט האָבען געשילדערט שענע, ווייכע און גראַציעזע פֿיגורען. העלדען זענען געווען נאָר מענשען פֿון די הויכע ספֿערען מיט שענע מאַניערען, גערעדט האָבען זיי זיס, מיט גלאַנץ און מיט אַ סענטימענטאַלען שטאָלץ.

דאָס אַלט־קלאַסישע דראַמאַ האָט געוואוסט, אַז נאָר דער שטאַרקער איז שען, עדעל און צאַרט. נאָר ער קאָן זיך אויפֿהויבען, פֿערלאָזען די גראָהע, פֿינסטערע ערד און פֿליהען אין די הימלען. זיין ליעבע איז די אמת'ע ריינע און געטליכע ליעבע, זיינע ליידענשאַפֿטען זענען עסטעטיש און כשר, זיין פֿילאָזאָפֿיע איז די ריכטיגע און די איבערצייגענדע.

ווען מען האָט אַרויסגעפֿיהרט אויפֿ'ן סצענע אַ פשוט'ן מענשען, אַ מענשען פֿון פֿאָלק האָט ער גענוצט זיין גראָב, קאָמיש, נאַריש, פֿערדראָרבען און אומגעלומפּערט.

נאָר מיט דעם אויסערליך שענעם ווינקעלע אין לעבען האָט זיך דאָס דראַמאַ פֿערנומען, דעם קייזערס פּאַלאַץ מיט זיין פּראַכט און גלאַנץ, מיט זיינע רייצענדע און גייסט-רייכע דאַמעס און גאַלאַנטע הויף-לייט זענען געמאָלט געוואָרען אין די דראַמעס און טראַגעדיעס.

אוא, נאָך אונזערע היינטיגע בעגריפֿען, איינפֿאַכע און אונשולדיגע קאָמעדיע, ווי „פֿיגאַראָ'ס האָכציים", האָט אָנגעמאַכט אַנ'איבערקעהרעניש אין דעם פֿראַנצויזישען טעאַטער. די קאָמעדיע ווערט נערעכענט אלס דער ערשטער שוואַלב, וואָס האָט מבשר געווען די גרויסע פֿראַנצויזישע רעוואָלוציע נאָר, ווייל דאָרט טרעט אַרויס אַ דיענער, וואָס איז קליגער אלס זיין בעל-הבית!

לויט דעם קונסט-בעגריף פֿון יענער צייט, האָט אַ דיענער ניט געקאָנט זיין, אָדער לכל-הפחות געשילדערט ווערען, קלוג.

דאָס טעאַטער איז קיין בעזונדערע ערשיינונג. אויך אין דער מאַלעריי האָבען געגאָלטען ריזעלבע „קונסט-געזעצען". דאָס שרעקליכע, דאָס גראָהע, דאָס העסליכע אין לעבען, אָדער ריכטיגער געזאָגט, דאָס לעבען אַליין, האָט ניט געטאָרט געמאָלט ווערען.

דעלאַקרואַלס בעקאַנטע בילד „דאַנטע ביים טיהר פֿון גיהנום" האָט מען ביז זיין טויט ניט אָנער-קענט, מען האָט עס ניט געהאַלטען פֿאַר אַ קונסט-ווערק, ווייל דאָס גרויזאַמע, דאָס קערפּערליכע ליידען איז געצייכענט געוואָרען מיט איינפֿאַכע, לעבעדיגע פֿאַרבען.

דאָס סאָציאַלע דראַמע, וועלכע האָט אַראָבגעוואָרפֿען זיין פֿאָרגענגער — דאָס „זיטען-דראַמאַ", מאָלט מיט פֿינסטערע פֿאַרבען דעם קאַמפּף פֿון לעבען, עס פֿיהרט אַרויס די קרבנות פֿון אונזער היינטיגער געזעלשאַפֿט: עס שילדערט די גסיסה, דעם טויט פֿון די קרבנות, זייערע ליידען און שמערצען.

אויך אין טעאַטער קומט איצט פֿאַר אַ קאַמפּף פֿאַר געוויסע סאָציאַלע אידעאַלען.

אָבער ווי דער שענהייטס-זין אַליין, וועלכער זוכט ניט נאָר דאָס פּראַקטישע, דאָס נוצליכע, נאָר אויך דאָס שענע, אויך די פֿאָרם — אַזוי איז אויך דאָס דראַמאַ.

ניט דער קאַמפּף איז דער עיקר, דער קאַמפּף איז נאָר דער קערן, וועלכען עס וויקלען אַרום די שענע בלעטער און בלומען. עס איז וויכטיג די קינסטלערישע פֿאָרם, אין וועלכער דער קינסטלער זוכט צו אַרויסטרעטען.

מיט דעם אינהאַלט פֿון דער דראַמאַ, וועלכער וואַקסט און ענדערט זיך, ענדערט זיך און וואַקסט אויך די קינסטלערישע פֿאָרם.

און עס טרעפֿט זעהר אָפֿט, דאָס איינער ווערט ניט צוגעצויגען פֿון שטאָף און אינהאַלט, נאָר דורך די קינסטלערישע פֿאָרם. און עס וואַקסט דאָס אינטערעס פֿאַר דער קינסטלערישער פֿאָרם, עס וואַקסט אין דער לעצטער צייט אַרויס פֿון די געוועהנליכע בעדערפֿנישען און פֿאָדערונגען פֿון דער צייט, עס ווערט זעלבסט-צוועק.

מען בעמערקט אָפּט, דאָס אין טעאַטער ווערען אידעען ערקלערט, געלערנט, וועלכע בעדאַר־פען שוין מעהר ניט קיין קאַמפף, אָדער וועלכע האָבען שוין געזיעגט אין קאַמפף.

דאָס דראַמא איז ניט בעשאַפען צום לעזען, עס איז לויט זיין פאָרם און לויט זיין אויפגאַבע בעשטימט צום אויפפיהרען.

די קינסטלערישע ווערק, וועלכע זענען בעשטימט צום לעזען, האָבען גאָר אַנדערע קינסטלערי־שע פאָרמען. דורך דאָס לעזען האָט דער קינסטלער זיין צוועק עררייכט. דער דראַמאַטורג קאָן זיך ניט בעפרידיגען מיט לעזען, ער האָט קינסטלערישע שותפים, ברידער, וועלכע קומען און פערמיעפען זיין ווערק, וועלכע זוכען איהר נאָכשאַפען.

דאָס מעדיום, דורך וועלכע דער דראַמאַטורג ברענגט זיין ווערק צום פובליקום, איז די ביהנע. דעריבער מוז דער דראַמאַטורג זיך צופאַסען צום פובליקום און צו דער ביהנע.

דאָס וואָרט, דער עפעקט, דער וויץ, וועלכער ווירקט ביים לעזען, קאָן אויף דער ביהנע קיין ווירקונג ניט האָבען.

דער ביהנע־וויין מוז האָבען אַ פּלאַסטישע פאָרם, צום וואָרט קומט די האַנדלונג און בעוועגונג, וועלכע מאַכען איהם בולט, לעבעדיג און פלאַסטיש.

דאָס דראַמאַ ווערט געשריבען פאַר די ביהנע.

ריכאַרד וואַגנער זאָגט: אַ קונסט־ווערק ווערט ערשט דאַן אַ קונסט־ווערק, ווען עס האָט די מעגליכקייט צו ערשיינען אין דער וועלט אין אַ געוויסע פאָרם. דאָס דראַמאַ ווערט אַ קונסט־ווערק נאָר דאַן, ווען עס ערשיינט,—עס ווערט אויפגעפיהרט אויף דער סצענע.

די אויפפיהרונג אַליין איז אַ בעזונדערע קונסט, זי הייסט ביהנען־קונסט אָדער רעשזיע.

---

## III.

## רעשזיע.

דער רעשזיע האָט זיין ענטוויקלונגס־געשיכטע.

דער מאָדערנער רעשזיע איז אַ קינד פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט. פריהער איז עס געוועזען אַ פּשוט׳ע מלאכה. אַ מענש מיט געזונדע פלייצעס און שטאַרקע הענד האָט געפיהרט דעם רעשזיע; ער האָט געשלעפּט אַ טיש, געטראָגען אַ באַנק, געשטעלט אַ בוים אויפ׳ן סצענע.

אין די לעצטע פופציג יאָהרען איז דער רעשזיע געוואָרען אַ קונסט.

מען האָט אָנגעהויבען אַנדערש פערשטעהן די אויפגאַבע פון דעם רעשזיע.

דער מעכטיגער רוף נאָך וואהרהייט און ווירקליכקייט איז דורכגעדרונגען הינטער די קוליסען פון טעאַטער. און עס איז מאַקע געוועזען די ריכטיגע צייט. דער מענשליכער פערשטאַנד שטעלט זיך אַזעלכע פאָדערונגען, וועלכע קאָנען פערווירקליכט ווערען.

די אונגעהויערע ענטוויקלונג פון דער טעכניק, די אויפבליהונג פון דער דעקאראַטיווער קונסט, דער אויסגעבילדעטער זין פאַר סימעטריע, האַרמאָניע, דער פערפיינטער זין פאַר עסטעטישע עפעקטען, האָבען בעשאַפען דעם מאָדערנעם רעשזיע.

וואָס איז די אויפגאַבע פון דעם רעשזיע?

די הויפּטפאָדערונג, וועלכע מען שטעלט דעם מאָדערנעם רעשזיע איז, דאָס ער מוז שאַפען אַלע נויטיגע מיטלען, וועלכע זאָלען זיין אימשטאַנד אַרויסצורופען ביים טעאַטער־בעזוכער אַ פאָלשטענדיגע אילוזיע.

עס איז אָבער געפעהרליך, ווען מען געהט צו צום רעשזיע מיט גראָבע הענד און מען וויל די ווירקליכע ווירקליכקייט ארויפשלעפען אויף דער סצענע. היסטאָרישע קאָסטיומען און מעבעל דאַרפען גאָר ניט זיין וויסענשאַפטליך־היסטאָריש, אַ היסטאָרישער קאָסטיום שאַפט נאָך ניט קיין אילוזיאָן פון אַ גרויסער עפּאָכע, ווען ער איז נאָר צוגעשניטען און גענעהט נאָך אַ היסטאָרישען מאָדעל.

דעם גייסט פון דער עפּאָכע, דעם געשמאַק פון אַ געוויסע צייט מוז ער אין זיך פערקערפערן.

אין דער קונסט, זאָגט אַריסטאָטעלעס, איז פיעל בעסער צו געבען אַ וואַהרשיינליכע אונמעגליכקייט איידער צו געבען אַ מעגליכע אונוואַהרשיינליכקייט.

די ביהנע איז ניט קיין אַרכעאָלאָגישער מוזעאום. די קאָסטיומען און די אַנדערע ריקוויזיטען זענען נאָר מיטעל, פאַרבען, ליניען, פון וועלכע עס ווערט געשאַפען אַ בילד.

דער רעשזיע גיט דאָס דראַמאַ די פּלאַסטישע פאָרם. ער גיט אַ שטיק לעבען אין אַ צוזאַמענגעבונדענעם בילד, ער קאָנצענטרירט דאָס נויטיגסטע, דאָס וויכטיגסטע און דאָס טיפּישסטע.

סיי דער דיכטער, סיי דער רעזשיסאָר מוזען האָבען די טיפע קענטניסען פון דיביידע טיילען פון טעאַטער—פון זאַל און סצענע, זיי מוזען וויסען ווי די אורזאַכע—די סצענע און די ווירקונג—דער זאַל, פערהאַלטען זיך איינער צום אַנדערען.

נאָכ'ן דיכטער קומט דער רעשזיע.

די גרויסע פאַנאַטיקער פון דעם מאָדערנעם רעשזיע זאָגען זאָגאַר, אַז דער שוישפּיעלער אַליין איז אייגענטליך ניט מעהר ווי אַ טייל פון דער דעקאָראַציאָן, ער פערפאָלשטענדיגט מעהר ניט דאָס סצענען־בילד, ער איז אַ שטריך, אַ ליניע אויפ'ן בילד. ער געהערט צו רעשזיע.

דער אונטערשיעד פון דער דעקאָראַציאָן און דעם שוישפּיעלער איז נאָר, דאָס די דעקאָראַציאָן בלייבט אַ געוויסע צייט פערגליווערט און דער שוישפּיעלער בייט אין ענדערט זיין שטעלונג אין יעדען אויגענבליק.

די אָפּטיק פון טעאַטער פאָדערט פון שוישפּיעלער אַנדערע מאַניערען, אַנדערע בעוועגונגען, אַנדערע זשעסטען אַלס אין איינפאַכען לעבען. אויף דער סצענע מוז אַלעס קאָנצענטרירט זיין!

אין לעבען ענטוויקעלט זיך אַלין מיט אַ הדרגה, מיט אַ לאַנגזאַמע עוואָלוציע, די ביהנען־קונסט איז אָבער אַ עפּיגראַמאַטישע קונסט; צעהן יאָהר לעבען גיט זי אין דריי שעה.

די „מייניגער“, די מאַטעס פון דעם מאָדערנעם רעשזיע האָבען זייער טעאָריע אין צוויי ווערטער רויסגעזאָגט: „אַלין שפּיעלט“.

די דעקאָראַציאָן, דאָס מעבעל, די באַלייכטונג, די קאָסטיומען, די סטאַטיסטען און די אַרטיסטען אַלע מוזען שפּילען. יעדער מוז אויף זיין פּלאַץ זיין דער גרעסטער און דער בעסטער.

דער גרויסער אַרטיסט, וואָס איז אָנגעקומען אין מיינינגער טעאַטער האָט זיך פּערפליכטעט צו שפּילען אויך שטומע ראָליען, צו זיין אַ סטאַטיסט.

שפּילען אָהן ווערטער, איז גאָר ניט קיין קליינע אויפגאַבע! — אויך דער סטאַטיסט מוז זיין אַנ'אַרטיסט מיט גייסט און טאַלענט, אַזוי ווי די דעקאָראַצי'ע מוז האָבען אין זיך גייסט און טאַלענט.

דער רעשיזיסאָר איז דער מאַלער, ער האַלט דעם פּענזעל אין האַנד און מאָלט דאָס גאַנצע בילד, אַלע זענען זיינע מיטעל צו פּערפאָלשטענדיגען דאָס בילד.

און עס איז קלאָר, אַז דער רעשיזיסאָר מוז זיין אַ מאָלער, ניט קיין קאַלבער, ניט קיין שמירער. ער דאַרף קאָנען בעהערשען אַלע מיטעל, קאָמבינירען זיי. שאַפען דאַרף ער צוזאַמען מיט'ן ריכטער!

די מאָדערנע דראַמאַטורגען גיבען געוועהנליך אַנ'אויספיהרליכע סצענע-בעשרייבונג. זיי ווילען דעם רעשיזיסאָר גאָר ניט איבערלאָזען. דאָס איז אָבער אפשר נויטיג נאָר פאַר'ן לעזער פון דעם דראַמאַטישען ווערק.

דער רעשיזיסאָר דאַרף ניט און טאָר ניט זיין געבונדען אָן די אָנווייזונגען פון דעם דראַמאַטורג. דער רעשיזיסאָר מוז בעסער וויסען, ווי צו געבען דער ריכטונג אַ פּלאַסטישע פאָרם.

דער איטאַליענישער דראַמאַטיקער ד'אַנונציאָ איז דער גרעסטער מאַריך אין דער סצענע-בעשרייבונג. ער לאָזט ניט דורך קיין קלייניגקייט, ער בעשרייבט זאָגאַר אין אַ פּאָעטישע פאָרם שטימונגס-סצענען.

אין דער סצענע בעשרייבונג פון „דזשיאָקאָנדאַ" צייכענט ער אַזאַ מין דעקאָראַציע: „עס שיינט, אַז דאָ הערשט אַ נאָבּרענקליכע גראַציע. מען פיהלט די געהיימניספולע איבעראיינשטימונג פון דער נשמה פון דער וואָהנערין מיט די אַלע זאַכען, וואָס געפינען זיך אין צימער".

בערנאַרד שאָו וויל זיין זיין אייגענער רעשיזיסאָר און גיט אַ פאַרטיגען רעשזי'ע ביי יעדער סצענע.

דאָס איז נאָך אַ רעשט פון דעם אַלטען רעשזיע, אַנ'אַלטע געוואָהנהייט; דער מאָדערנער רעשיזיסאָר, ווי מיר שטעלען איהם פאָר, בעדאַרף כלל ניט די הילף פון דיכטער, ער איז רעשזיע-דיכטער.

אַזעלכע רעשיזיסאָרען זענען סטאַניסלאַווסקי אין מאָסקווע, אַנטואַן אין פּאַריז, אַזוי איז געווען דער הערצאָג פון מייניגען און לויבע און וויען.

דער רעשזיע איז אַ בעזונדערע אויסגעבילדעטע קונסט!

---

# די אילוזיאָן.

## IV.

דאָס טעאַטער מוז די ווירקליכקייט, דאָס לעבען איבערגעבען און דערביי זאָל דער צוזעהער ניט בעמערקען, אָדער פֿיהלען, דאָס די ווירקליכקייט ווערט נאָר נאָכגעמאַכט, קאָפּירט.

דאָס „שפּיעלען" מוז האָבען דעמזעלבען פּנים, ווי די ווירקליכקייט.

דעם צוזעהער, וועלכער געפֿינט זיך ניט אויף דער סצענע, מוז אַלעס, דער קלענסטער און דער גרעסטער פֿאָרגאַנג, אַזוי איבערגעגעבען ווערען, דאָס איהם זאָל זיך פֿון זיין פּלאַץ אַלין נאַטירליך אויסווייזען.

די ביהנע-קונסט האָט אַלזאָ די ריעזיג־שווערע אויפֿגאַבע אין יעדען צוזעהער צו ערוועקען אַ אילוזיאָן.

אילוזיאָן הייסט ניט אָבנאַרען, פֿערבלענדען דעם צוזעהער -- דאָס הייסט דעאילוזיאָן. אילוזיאָן הייסט געבען אַ פֿאָרגאַנג דעם אויסזעהען פֿון דער ווירקליכקייט.

צו ערציעלען די אילוזיאָן ווערט דאָס פֿייער אין טעאַטער אויסגעלאָשען, ווען די פֿאָרהאַנג פֿון דער סצענע הויבט זיך אויף.

דער גרויסער קערפּער — דאָס פּובליקום, פֿערהילט זיך אין אַ דונקעלהייט, ער עקזיסטירט אַליין מעהר ניט פֿאַר די שוישפּיעלער, ער הייבט אָן לעבען פֿאַר זיך, ניט זעהענדיג פֿאַר זיך קיין זייטיגע מענשען.

און דאָס שטיקעל לעבען, וועלכע ווערט געשילדערט אין דאָס דראַמאַ פּאַסירט ניט אין דער ווירקליכקייט פֿאַר אַ זיצענדע פּובליקום, אַזוי זוכט מען, כּדי צו ערציעלען די אילוזיאָן, צו אַנולירען, פֿערהאַלטען דאָס פּובליקום פֿון ארטיסטט.

אויסער ריעזען קלוגען, סימבאָלישען מיטעל האָט די ביהנע-קונסט טויזענדער אַנדערע מיטעל.

געבען דעם מאָדערנעם מענשען אַ אילוזיאָן איז איינע פֿון די שווערסטע אויפֿגאַבען, און דאָס ווערט וואָס ווייטער אַלס שווערער און שווערער.

דער מאָדערנער מענש איז צו קלוג, ער האָט צופֿיעל ערפֿאַהרונגען, ער האָט אַ צוישאַרפֿט אויג, ער איז צו סקעפּטיש, זיין פֿאַנטאַזיע-טעטיגקייט איז צו שוואַך.

אַמאָל ווען די מענשהייט איז געוועזען יונג, קינדיש-נאַאיוו, איז עס געווען פֿיעל לייכטער. שעקספּיר פֿלעגט אַרויסשטעלען אויפֿן סצענע אַ קליין ברעטעל מיט אַן אויפֿשריפֿט „דאָ איז לאָנדאָן", „אַ וואַלד", אַ „פּאַלאַץ", און ביי די צוזעהער האָט די פֿאַנטאַזיע אַזוי שטאַרק געאַרבייט, אַז זיי האָבען געזעהען וועלדער און פּאַלאַצען.

מיר לעבען אין אַ צייט פֿון רעאַליזמוס, און מיר קאָנען פּשוט ניט איבערטראָגען דאָס וואָס עס

שטימט ניט מיט דער ווירקליכקייט, דאָס וואָס עס איז היסטאָריש, לאָגיש און עסטעטיש ניט ריכטיג.

דאָס פובליקום מוז אַלץ ערפאַהרען, סיי דאָס דייטליכע, סיי דאָס אונדייטליכע. לויבע, דער נייסטרייכער רעשויסאָר פון דעם וויענער בורג־טעאַטער האָט געזאָגט: דאָס פובליקום מוז שטענדיג קליגער זיין אַלס דער שוישפּיעלער אויף דער סצענע.

אין דעם מאָדערנעם טעאַטער האַנדעלט עס זיך ניט מעהר פון גלויבען, נאָר פון זעהען, פערשטעהן, פיהלען און זעהען מוז מען אַלץ, פערשטעהען אַלץ און פיהלען אַלץ.

דער רעאַליזם האָט אָבגעשוואַכט די פאַנטאַזיע־טעטיגקייט פון'ם פובליקום און די יאַפונג פון אַ אילוזיאָן שווערער געמאַכט.

אָבער גלייך מיט דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט ענטוויקלען זיך אויך די טעכנישע מיטעל, וועלכע סטאַרען זיך צו איבערקליגען דעם קלוגען מענשען.

טעכניק איז אָבער ווינעג, עס איז זאָגאַר געפעהרליך, אין טעאַטער טאָר מען ניט הערען דעם סקריפּ פון רעדער, דעם רויש פון דער מאַשינע — דער קלענסטער שאָרך פון דער מאַשינע פערטרייבט די אילוזיאָן.

צו דער טעכניק מוז צוקומען אַ נשמה, וועלכע זאָל זי מאַכען לעבעדיג, דאָס לעבען זאָל רוישען ניט די מאַשינע, ווענינגסטענס, מען זאָל עס קאָנען אָננעהמען פאַר אַ רויש פון לעבען.

די נשמה אין דער טעכניק אַריינצובלאָזען איז די אויפגאַבע פון דעם רעשויסאָר.

---

V

## אַנסאַמבל.

אַלץ שפּיעלט אויף דער סצענע, אָבער אַלץ שפּיעלט צוזאַמען, אַלץ ווערט צונויפגעגאָסען צונויפגעשמאָלצען אין איין בילד.

קיינער שפּיעלט ניט אַליין, אַפילו דאַן ווען דער שוישפּיעלער איז גאַנץ אַליין אויף דער סצענע. ער איז קיינמאָל ניט פריי, ער האָט שטענדיג גרענצען, ראַהמען, ער שפּיעלט שטענדיג מיט אַלץ וואָס געהערט צו דער סצענע, ער שפּיעלט צוזאַמען מיט די שטומע דעקאָראַציעס, מיט דאָס שווייגענדע מעבעל, מיט זיין שווייגענדען און רעדענדען פּאַרטנער.

אַ שטרענגע איינהייט מוז זיין אין שפּיעלען. איין גייסט, מוז בעהערשען אַלץ.

קיין בעזונדערע מלוכהלעך איז ניטאָ אויף דער סצענע.

אָסקאַר וואַילד זאָגט: די ווערק פון דער קונסט זענען פערשיעדען. אָבער דאָס וועזען פון אַרטיסטישער ווירקונג איז איינהייט. מען קאָן ניט ראַטען און דעבאַטירען איבער די מעלות און חסרונות פון מאָנאַרכיע, רעפּובליק און אַנאַרכיע, ווען עס האַנדעלט זיך פון דער רעגירונג פון

פֿעלקער; דאָס טעאַטער שטעהט אונטער דער מאַכט פֿון אַ געבילדעטען רעספּאָט. די ארבייט קאָן מען טיילען, דעם גייסט אָבער, וועלכער בעוועגט אַלץ, קאָן מען ניט טיילען".

דער רעספּאָט אויף דער סצענע איז דער רעשיזע.

אַלץ שפּיעלט און אַלץ שפּיעלט צוזאַמען.

מיט דעם איז אָבער ניט געזאָגט, אַז די אינדיווידואַליטעט פֿון דעם שוישפּיעלער זאָל גע-אָפּפֿערט ווערען דעם אַנסאַמבל.

דאָס לעבען, אין וועלכען עס הערשט אַ געוויסע איינהייט, בעשטעהט אויך פֿון אינדיווידוא-ליטעטען.

אפילו די „מייניגער". די גרויסע פּעדאַנטען אויף דער סצענע, די מאַטעמאַטיקער אין קונסט, האָבען געגלויבט אַלס צו אינדיווידואַליזירען, סיי אין דער איינצעלער פֿאָרשטעלונג, סיי אין דער פֿאָר-שטעלונג פֿון אַ פּובליקום, אַמאַסע, אָדער אַ מחנה מענשען.

דאָס פּובליקום אויף דער סצענע איז אַלע מאָל געווען די שוואַכע זייט פֿון רעשיזע. מען האָט מענשען פֿון גאַס, מען לאָזט זיי אַרויס אויפֿ'ן סצענע, אַלע שטעהען גלייך ווי סאָלדאַטען און קוקען מיט נייגעריגקייט אין זאַל אַריין.

די „מייניגער" זענען געווען די ערשטע, וועלכע האָבען דאָס פּובליקום אויפֿ'ן סצענע צוזאַ-מענגעשטעלט פֿון אַרטיסטען, און האָבען יעדע שטומע ראָלע אינדיווידואַליזירט.

אין אַ פּובליקום אויף דער מייניגער סצענע זענען געווען פֿערשידענע טיפּען: קאָכיגע נפשות, פֿלעגמאַטיקער, ווילדע שרייער, קריכער, זאַנפֿטע שלום-מאַכער, פֿרעכע ווייבער און גוטע, האַרציגע דאַמען. יעדער אין דאָס פּובליקום איז געווען אַבעזונדער וועלטעל, אין נאָך אַלעמען איז עס געווען אַ פּובליקום. עס איז געהען די גייסטיגע איינהייט, וועלכע פֿערבינדט די פֿערשידענאַרטיגע טיפּען אין מאַכט זיי פֿאַר איין מאַסע, פֿאַר די גאַס, פֿאַר'ן מאַרק, פֿאַר אַ פּובליקום.

צווישען אַנסאַמבל און אינדיווידואַליטעט איז קיין סתירה נישט!

פֿערקעהרט. דורך די אינדיווידואַליטעט עררייכט מען די איינהייט.

אַנדערע קוקען אויף דעם מאָדערנעם רעשיזע, ווי אויף אַמיליטער-דיסציפּלין, די שוישפּיעלער זענען סאָלדאַטען און דער רעשיסאָר — דער גענעראַל.

דער מאָדערנער רעשיזע וויל טאַקע דיסציפּלין, אמת, אָבער קונסט-דיסציפּלין וויל ער.

אין יעדער קונסט ליגט אויך אַ שטיק טעכניק, וועלכע מען מוז פּשוט לערנען. אין דער שוי-שפּיעל-קונסט זענען דאָ פֿיעל זאַכען אין וועלכע מען מוז זיך איבען.

דאָס רעדען, דאָס שטעהן, דאָס דייטליך רעדען, מוז יעדער שוישפּיעלער שטודירען. אָהן אַ געהעָ-ריגען שטודיום פֿון רעטאָריק קאָן דער בעגאַבטעסטער שוישפּיעלער ניט צוגעהען צו אַ קלאַסישע ראָלע.

אין דער דיסציפּלין פֿון דעם מאָדערנעם רעשיזע קאָן און מוז יעדער שוישפּיעלער פֿיעל לערנען. סטאַניסלאַווסקי אין יאָזעף קײנץ זענען געוואָרען גרויסע אַרטיסטען ווייל זיי זענען דורכגעגאַנגען די מייניגער שולע, וועלכע מען רופֿט איראָניש „קאַזערנען שולע".

דורך די דיסציפלין קומט מען צו איינהייט, צום אַנסאַמבל. אויך די דיסציפלין פֿאָדערט פֿון דער אינדיווידואַליטעט קיין קרבנות ניט, זי פֿערהיט נאָר דאָס שפּילען פֿון צופֿעליגקייט.

# דער בינאָקל.

## VI.

פֿון אייביג אָן, זייט דאָס טעאַטער עקזיסטירט, איז עס אַזוי איינגעאָרדענט, אַזוי געבויט, דאָס יעדער זאָל קאָנען פֿון זיין פּלאַץ זעהען יעדען פֿאָרגאַנג אויף דער סצענע, און זאָל קאָנען הע-רען יעדעס וואָרט, וואָס ווערט גערעדט.

אין דער לעצטער צייט זוכט די טעאַטער-אַרכיטעקטור נאָך צו פֿערפֿאָלשטענדיגען דאָס טעאַטער אין דיזער הינזיכט. עס ווערען געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, דאָס דער טעאַטער-בעזוכער זאָל קאָנען געניסען דעם עסטעטישען פֿערגניגען אָהן טעכנישע, זייטיגע מיטלען.

דער געבוי פֿון טעאַטער מוז ענטהאַלטען אין זיך אַלע מיטלען, וועלכע ערלייכטערן יעדען צו ערהייבען דעם עסטעטישען גענוס, כּדי דער בעזוכער זאָל ניט נויטיג האָבען צו ברענגען מיט זיך אייגענע, היימישע מיטלען.

ביז היינט האָט מען עס ביי דאָס פּובליקום ניט געפּועלט. כּמעט אַלע בעזוכער, וועלכע זיצען ווייט, אויך די וואָס זיצען נאָהענט ביי דער סצענע קומען אָנגעלאָדען מיט בינאָקלען.

דער בינאָקל איז געוואָרען דער שטענדיגער בעגלייטער פֿון טעאַטער-בעזוכער.

דער רייכער, וואָס האָט דאָס גליק צו זיצען שטענדיג אין די ערשטע רייהען, וועלכער הערט אפילו דעם שאָרך פֿון די בלעטער ביי דעם סופֿליאָר, האָט דעם בעסטען בינאָקל, וואָס פֿערגרעסערט דעם שוישפּיעלער אין צעהנדליגער מאָל און מאַכט פֿון איהם פּשוט אַ משונה'דיגע בריאה, אַ קאַריקאַטורע.

דער אָרימער, וועלכער זיצט נעבאַך ווייט, לעגט אַריין די אויגען אין ביליגען בינאָקל און נעהמט זיי ניט אַרויס ביז די פֿאָרהאַנג פֿאַלט.

די בענוצונג פֿון אַ בינאָקל איז אַ פֿלאַכע און אַ גראָבע נייגיערינקייט.

מייסטענס זוכען די בינאָקל-פֿאָרשוינען גאָר ניט די פֿיינע ניואַנסען, די סובטעלע זשעסטען, די פֿיינע מוסקול-בעוועגונגען פֿון שוישפּיעלער, נאָר דאָס סאַמע גראָבסטע, דעם גרים, דעם פּנים.

דעם בינאָקל בענוצט מען הויפּטזעכליך ווען אַ דאַמע ערשיינט אויפֿ'ן סצענע. עס גיבען זיך אַ הויב מיט אַמאָל אַלע בינאָקלען, און מיזוענדער נייגיעריגע אויגען קוקען אַריין דער אַרטיסטין גלייך אין פּנים אַריין.

מען וויל זעהען צו איז זי שען, אָדער מיאוס...

מען הערט ניט וואָס זי רעדט, מען קוקט ניט אויף איהר שפּיעלען. די צוויי בינאָקל־אויגען זעהען זעהר בעשרענקטע, מעהר ווי אַ טייל פון שוישפּיעלערס קערפּער זעהען זיי ניט...

דער בינאָקל איז אַ מיאוס'ער משרת'ל, וועלכער דיענט צו בעפרידיגען אונקינסטלערישע און אַ נידעריגע נייגיעריגקייט.

דער בינאָקל איז אויך אַ פאַלשער משרת, ער ווייזט קיינמאָל ניט די ווירקליכקייט, ער פערשווינדעלט אַלע מאָל זיין בעל־הבית.

דער ריכטיגער אויג מעג ער וועניגער דייטליך זעהן, זעהט ער דאָך נאַטירליכער און ריכטיגער. דאָס בילד, וועלכע מען זעהט דורכ'ן בינאָקל איז אַלע מאָל צוקרימט און צולאָמט, אָהן נשמה אָהן לעבען.

דער בינאָקל איז אַ סוראָגאַט פונ'ם אויג, ווי דער קינעמאַטאָגראַף פונ'ם טעאַטער!

דער בינאָקל איז געוואָרען אַ שטיק טעאַטער־מעבעל; אין די „גוטע" טעאַטערן גיט מען צו יעדען בילעט אַ פּאָר „ליכטיגע" אויגען—אַ בינאָקל, און אין די „שלעכטע" טעאַטערן—צו יערען בילעט אַ גלאָז ביער.

דער אונטערשיעד איז ניט גרויס!



